# האַנטבוך

— פאַר —

# אידישע געשיכטע און כראָנאָלאָגיע

דאָס לעבן און שאפן פון גרויסע אידישע דענקער
און פערזענלעכקייטן.

צוזאַמענגעשטעלט לויט פאַרשידענע היסטאָרישע קוועלן
און פריי באַאַרבעט פון

משה רובין.

דריטע טייל

פון ה. תרכ"ד—1864 ביז ה. תרצ"ג—1933

בוענאָס איירעס
1934

# Manual de Historia Judía y Cronología

**Vida y Obra de Pensadores y Personalidades Judías**

TERCERA PARTE

DESDE EL AÑO 1864 HASTA 1933

Por **MOISÉS RUBÍN**

BUENOS AIRES 1934

Tall. Gráf. "CULTURA", Sarmiento 2157, U. T. 47 (Cuyo) 5164, Bs. Aires.

# פאָרוואָרט צו דער דריטער טייל

עס ליגט פאר אייך, חשובע לייענער, די דריטע טייל פון „האַנט-בוך פאר אידישער געשיכטע און כראָנאָלאָגיע". אין דער ווירקלעכקייט איז די דריטע טייל מער היסטאָריע ווי כראָנאָלאָגיע, אין אים קומט דאָך אריין דער „נאד הדמעות" און „עמק הבכא" וועלכע זיינען אַן און פאר זיך א בלוטיקע געשיכטע. איך האָב אויך ווי איך האָב פארשפראָכן אין דער צווייטער טייל — דערגענצט די אידישע ליידן-היסטאָריע אין פוילן פון די יאָרן ת"ח און ת"ט. אין דער דאָזיקער טייל קומט אויך אַן אויספיר-לעכע באשרייבונג פון די שרעקלעכע קאטאַסטראָפאַלע געשעענישן פון דער לעצטער וועלט-מלחמה, וואָס זיינען געקומען אויף די פוילישע און אוקראַינישע אידן; דאָס איז דער עמק הבכא, דאָס זיינען געשעענישן וואָס מאַכן פארגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן.

איך האָב אויסער דעם, אויך פאָרגעזעצט מיט דער כראָנאָלאָגיע פון היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן געלעבט אינם משך פון תרכ"ד, ביז די לעצטע יאָרן אין וועלכע מיר לעבן. איך ווייס אַז איך האָב דורכגעלאָזט פערזענלעכקייטן וואָס האָבן פארדינט צו פארצייכנט ווערן, עס איז אָבער נישט געווען מעגלעך דאָס צו טון ווייל דאָס וואָלט געווען ארויסגיין פון די ראַמען פון א האַנט-בוך, און מיט מיין ארבעט באַצוועק איך נישט מער ווי פארצייכענען די וויכטיקסטע פערזענלעכקייטן און גע-שעענישן פון דעם אידישן פאָלק.

איך וויל אָבער האָפן אַז די חשובע לייענער פון מיין אויך איצטי-קער מיזעליקער ארבעט וועלן דעם דריטן טייל „האַנט-בוך" אויפנעמען מיט דער זעלבער סימפּאַטיע און אויפמערקזאַמקייט ווי די ערשטע צוויי טיילן.

און איצט א וואָרט וועגן דער מארטיראָלאָגיע אין דער אידישער גע-שיכטע וואָס ווערט פון מיר אויספירלעך באשריבן אין אלס אַ עמק הבכא-דיקע מגילה צום לעצט, כאָטש זי איז פארצייכנט געוואָרן אין א פריי-ערדיקן דאַטום ווי אנדערע געשעענישן. „די געשיכטע פון די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפן — זאָגט דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו — קען מען היינט שרייבן ניט אויפן גרונט פון צופעליקע דערציילונגען פון איינצעלנע כראָני-

קער, זי ווערט געשריבן אויפן גרונט פון פילע דאָקומענטן, געשריבן פון מענטשן, וואָס האָבן איבערגעגעבן דאָס געזעענע און איבערגעלעבטע".

דאָס מאַטעריאַל מיט וועלכן איך האָב זיך באַנוצט צו מיין כראָנאָלאָגיע, האָב איך צוזאַמענגעשטעלט פון דאָקומענטן סיסטעמאַטישע, פון אַזעלכע פערזאָנען וועלכע האָבן איבערגעלעבט די אַלע בלוטיקע געשעענישן, און עס וועט דינען אַלס פעסטער באָדן דעם קומענדיקן היסטאָריקער. עס וועט אים באַפרייען פון ספקות אין דער ריכטיקייט פון די קוועלן פאַר זיין ווערק.

„דעם אידישן גייסט — זאָגט דובנאָוו — איז פרעמד דער געדאַנק פון אַלטן רוימישן פּאָעט: „פון אונזערע ביינער וועט אפשר אַמאָל אויפשטיין אַ נקמה־נעמער". אונזער איינציקע נקמה איז — פאַראייביקן די רציחות אין דער געשיכטע. דאָס פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן דורך דרייסיק יאָרהונדערטער זיינע הייליקע דברות: לא תרצח, לא תגנב, לא תנאף — וועט נאָר פאַררעגיסטרירן די פאַקטן און פאַרשרייבן אויף דעם שוואַרצן לוח פון דער אידישער געשיכטע. און דאָס וועט זיין די שווערסטע מאָראַלישע שטראָף... דער שוואַרצער לוח וועט כאַראַקטעריזירן פאַר דער וועלט די מאָראַלישע פיזיאָנאָמיע פון די בעסטיעס, פון די צוויי פיסיקע מאָנסטערס... און די וועלט וועט זיי צורעכענען צו די אַלע בעסטיעס און מאָנסטערס פון די ערשטע תקופות... דאָס אַלעס איז די אידישע נקמה..."

אַ טרייסט אפילו אַ שוואַכע אָבער דאָך אַ אידישע...

בוענאָס איירעס, 1934.

געווידמעט דעם אָנדענק
פֿון מיין פֿרוי ח י ה ר ח ל
און מיין טאָכטער פּ ע ר ל.

# די אידן אין פוילן

ווען אידן זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד, נאָך לאנגע און שווערע יאָרן פון פארפאָלגונגען און בארויבונג פון זייערע רעכט (זע „האַנט-בוך” 2-טע טייל, זייטן 48—53), פון אָט דאָס בארבאריש לאנד אין וועלכן זיי האָבן געליטן און ליידן נאָך איצט אויך, מער ווי אין אלע לענדער; נאָכדעם ווי זיי האָבן אין דייטשלאַנד געטרונקען פונם גיפטיקן בעכער הונדערטער יאָרן, און, פארגיפטעטע האָבן זיי געוואנדערט פיל צענדליקער יאָרן, פון שטאָט צו שטאָט, פון לאנד צו לאנד, ביז זיי זיינען אָנגעקומען קיין פוילן.

אינם זעכצענטן יאָרהונדערט, האָט נאָך אין פוילן נישט געהערשט דער קנאות׳דיקער גייסט פון דער קאטוילישער גייסטלעכער קליקע בכלל, און פון די מאָנאַרכיסטישע הערשער בפרט. זיי — די הערשער — האָבן ניט געהאַט קיין אבסאָלוטע זעלבסטהערשאפט, ווי די מאָנארכן פון די וועסט אייראָפעאישע לענדער. נאָך אין יאָר 1504 איז אין פוילן געשאפן געוואָרן א קאנסטיטוציאָנעלע רעגירונג, אין וועלכער ס׳האָבן אנטייל גענומען די פוילישע אדעליקע, די אזוי גערופענע קניאזן און גראפן. א דאנק דער העגעמאָניע פון די מיוחסים, האָט שטענדיק געהערשט דער אנטאגאָניזם צווישן זיי און דעם בירגערלעכן און פויערישן קלאס, און צוליב דעם קלאסן קאַמף, אין וועלכן אידן האָבן קיין אנטייל ניט גענומען, האָט מען זיי געשוינט; און ווען די גייסטלעכע פון איין זייט, און די מאסע פון דער צווייטער זייט האָבן זיך פארנומען צו פארפאָלגן זיי, די ערשטע דורך זייער קנאות, און די צווייטע צוליב קאָנקורענץ, האָט די אריסטאָקראטיע, — די קניאַזן און גראַפן — זיי שטענדיק פארטיידיקט. אָט די עפּאָכע איז געווען די גאָלדענע פאר פוילן; די עפּאָכע פון פרייהייט, פון ליכט.

אידן האָבן דאָרט געפונען א מקום מנוחה. לאנגזאם, ניט גע-שטערט האָבן זיי זיך דאָרט אַנטוויקלט און זיך אָרגאניזירט אין דעם גרעסטן קבוץ פון די קבוצים אין אלע אנדערע גלות-לענדער, אין וועלכע אידן האָבן זיך נאָכדעם געפונען. אין יענער עפּאָכע האָבן אידן פריי זיך

אָפּגעגעבּן מיט האַנדל, קויפנדיק בּיי די פּריצים זייערע פּראָדוקטן, און ארויסגעפירט נאָך אויסלאנד. אויך די שענק־הייזער און איינפאָר־הייזער זיינען זיי איבּערגעגעבּן געוואָרן. און די צאָל פון די סוחרים אידן האָט דערגרייכט מער פון דריי טויזנט, און לערך צען טויזנט בעלי מלאכות, און אויך א גרויסע צאָל גוטבאזיצער, אויך געבּילדעטע, און וויסנשאפטס־מענער, ווי דאָקטוירים, אסטראָנאָמען א. א וו. ניט אין קליינער צאָל. אלע זיינען אויפגענומען געוואָרן פון די אדעליקע מיט דער גרעסטער סימפּאַ־טיע. די צוויי בּרידער אברהם יאָזעפאָוויץ, דער געטויפטער, און מיכאל, זיינען פון דעם פּוילישן קעניג זיגיסמונד, דערהויבּן געוואָרן; דער ערשטער צו פינאנץ־מיניסטער, און דער צווייטער אלס אויפזעער אי־בּער די רעגירונגס־שטייערן, מיטן טיטול גראף. אינם יאָר 1514, איז מיכאל יאָזעפאָוויץ בּאשטימט געוואָרן פונם קעניג אלס אויבּער ראבּינער אי־בּער די אידן אין דער ליטע, און ר׳ אברהם פון בּעהמען אלס אזעלכער פון פוילן. די רבּנים האָבּן געדארפט זיך זאָרגן פאר די רעגירונגס שטייערן וואָס די אידן האָבּן געדארפט גלייך מיט אנדערע ניט אידישע בּירגער צאָלן, און צושטעלן זיי צו דער רעגירונג. ניט לאנג אָבּער האָט די גאָל־דענע עפּאָכע געדויערט. דער קעניג זיגיסמונד, וועלכער איז פון דער נאַ־טור געוועזן א גוטער און א טאָלעראנטער, און אין דער ערשטער צייט איינגעפירט די רעפאָרמאַציאָן אין זיין לאנד, איז אויף דער עלטער גע־וואָרן א געהאָרכזאמער תלמיד צו די קאַטוילישע קנאי׳שע גייסטלעכע, און אָנגעהויבּן צו בּאשרענקען די אידישע רעכט. און ווען אויך די אידן האָבּן פּראָטעסטירט קעגן דער בּארויבּונג פון זייערע רעכט, איבּערצייי־גנדיק אז זיי בּרענגען נוצן דעם לאנד, און בּארייכערן עס פּראָפּאָרציאָנעל מער ווי די ניט אידישע בּאפעלקערונג, האָט אָבּער זייער פּראָ־טעסט קיין דערפאָלג ניט געהאט, און אין יאָר 1534, ווען דער פוילישער סיים האָט זיך פארזאמלט אין פּיעטערקאָוו, האָט ער בּאשטימט נאָך מער צו בּאשרענקען די אידישע רעכט. ארויסגע־געבּן א בּאפעל אז אידן זאָלן א בּאזונדערע הלבּשה טראָגן, כּדי צו דער־קענען זיי. פארבּאָטן זיי צו האַנדלען אין די שטעט. און אָט די גזרות, האָט זיי געצוואונגען צו פארלאָזן די שטעט און ארויספאָרן אין די דער־פער, און זיך דאָרט אָפּגעגעבּן מיט מסחר. זיי האָבּן געעפנט שענק־הייזער, און זיינען געוואָרן אונטערגעוואָרפענע די פּריצים, אין זייער גאנצן לעבנס־שטייגער. די פריערדיקע פּארטיידיקער זיינען אזוי ארום געוואָרן זייערע

אונטערדריקער און פארפאלגער; די וועלכע זיינען פארבליבן אין די שטעט זיינען געווארן קליינע קרעמערלעך, איינפארהייזער האלטער, מעקלער און משרתים ביי די אויסגעלאסענע פריצים, וועלכע קומען אין שטאט אריין צו פארברענגען און אנזעטיקן זיך מיט אלע ליידנשאפטלעכע פארגעניגנס.

אין די צייטן פון דעם פוילישן קעניג זיגיסמונד אויגוסט, איז געגרינדעט געווארן דער יעזואיטישער ארדן אין רוים, און זיינע מיסיאנערן, וועלכע זיינען געשיקט געווארן איבער דער וועלט האבן אויך פוילן נישט דורכגעלאזט; דער פויפסט פאול דער פערטער, האט זיי געשיקט אהין צו באפעסטיקן דארט דאס קאטויליציזם, די פאליאקן זאלן חלילה ניט ווערן לוטעראנער און קאלווינער, און זעלבסט פארשטענדלעך צו איינפלאנצן שנאה און האס אין זייערע הערצער צו די אידן.

אין יאר 1570 האט דער פויפסט געשיקט זיין שליח דעם גלח ליפומאנו קיין קראקוי, צו מחזיר למוטב זיין דעם קעניג און די פוילישע פריצים, און אין איין וועגס זאל ער אויך אין זינען האבן די אידן... צו די אידנס אומגליק האט געטראפן, אז א קריסטין, אין סוכאטשאוו, איז באשולדיקט געווארן אז זי האט גע׳גנב׳ט דאס הייליקע ברויט פון א קלויסטער און עס פארקויפט צו די אידן, וועלכע האבן עס פארשוועכט. ווי א הונגעריקער וואלף איז דער געשיקטער גלח ארויפגעפאלן אויף די אידן, און אויף א פאלשן באפעל פונם קעניג האט ער פארברענט דריי פון זיי. פון דער צייט אן האבן זיך אנגעהויבן אידישע צרות אין פוילן, ווי ס׳איז באשריבן אין דער צווייטער טייל פון „האנט-בוך” (זע זייטן 151—169).

די אלע צרות אבער זיינען נאך מילדער קעגן די פון די יארן ת״ח און ת״ט, 9—1648. א גרויל גייט איבער איבערן לייב, דאס בלוט ווערט פארגליווערט אין די אדערן, לייענענדיק די היסטאריע פון די צוויי יאר וועלכע איז געשריבן מיט בלוט און טרערן. די ווילדע קאזאקן, מיט די אוקראינער וועלכע האבן רעוואלטירט קעגן די פוילישע פריצים, האבן זיך פאריייניקט אויף נוקם זיין זיך אין די פאליאקן און די אידן, וועלכע זיינען ביי זיי פאררעכנט געווארן פאר די גורמים אין זייער אונטערדריקט ווערן פון די פריצים, און דאס אידישע בלוט האט פארפלייצט ניט נאר פוילן, נאר אויך ליטע און גאליציע. די פוילישע אידן האבן זיך געפונען בין הפטיש והסדן, צווישן צוויי פעלקער, אויפגערייצטע איינע אויף דער צווייטער, א דאנק דער אונטערשידנהייט וואס איז אנטשטאנען אין זייער גלויבן. די פאליאקן האבן זיך געהאלטן אין קאטוילישן גלויבן, און די או-

קראינער אין פראַוואָסלאַוונעם, און ווען די גרעסטע פוילישע פריצים, די גראפן ווישניוויעצקי, פאָטאָצקי און קוניעצפאָלסקי, זיינען ארויסגעפאָרן קיין אוקראינע צו בויען דאָרט זייערע פּאַלאַצן אויף צו באַזעצן זיך דאָרט, האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך זייערע אידן, און זיי געמאַכט פאַר די פאַכטער פון די מילן, איינפאָרהייזער, טייכן אויף פיש צו פאַנגען, און אויך „מוכסים" אויף צו מאָנען די שטייערן פון די פויערן. צום גרויסן אומגליק האָבן זיי אָפּגעדונגען די קלויסטערס, דאָרט צו באַקומען די שטייערן וואָס די פוילישע גראפן און קניאַזן האָבן ארויפגעלייגט אויף אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס וואָס ווערן אין זיי דורכגעפירט. ס'האָט ניט געהאָלפן דער פּראָטעסט פון די רביים, וואָרענענדיק זיי, אז זיי ברענגען דערמיט אן אומגליק ניט נאָר אויף זיך, נאָר אויפן גאנצן פוילישן אידנטום. און ס'איז געשען דאָס גרויסע אומגליק, די שרעקלעכע שחיטה. אָבער צום לויב פון דעם פוילישן אידנטום מוז געזאָגט ווערן, אז דאָס גלויבן איז ביי זיי העכער געשטאַנען פונם לעבן. ווען באָגדאַן כמיעלניצקי, אָט דער קאָזאַקישער מערדער האָט ארויסגעגעבן א באַפעל צו די אידן: שמד, אָדער טויט, האָבן אידן אויסדערוויילט דאָס צווייטע...

צו יענער צייט זיינען אומגעקומען דריי הונדערט טויזנט אידן; דריי הונדערט אידישע קהלות זיינען אָפּגעווישט געוואָרן, און ווי דער שטייגער איז אין יעדער עת צרה, זיינען צו יענער צייט אויפגעשטאַנען פאַנטאַסטישע אַבערגלויבער, און דוקא אונטער די גדולי הדור, וועלכע האָבן געטרייסט דאָס פאָלק מיט ביאת המשיח, און אויך געפונען רמזים אויפן „קץ". אזוי האָבן זיי געפונען א „זוהר" אין וועלכן ס'זיינען אויסגעדריקט די ווערטער: „באלף שתיתאי, לזמן ארבע מאות ותמניא שנין, יהיו קומין כל דירי עפרא בקיומיהון; היינו דכתיב: בשנת היובל „הזאת" תשובו איש אל אחוזתו, כשישתלם ה' „זאת" שהוא ה' אלפים וד' מאות ותמניא, תשובו איש אל אחוזתו", אל נשמתו שהוא אחוזתו ונחלתו. דאָס וויל זאָגן: אין זעקסטן טויזנט, אין פיר הונדערט מיט אַכט, אין דעם טויזנט וועלן אלע טויטע אויפשטיין פון דער ערד, ווי ס'איז באַשריבן: אינם יובל־יאָר פון ה' „זאת", וואָס באַטרעפט 5 (טויזנט) פיר הונדערט אַכט, וועלן זיך אלע צוריקקערן צו זייער אחוזה, ד. ה. די נשמות וואָס זיינען די אחוזות פון מענטשן (מדרש הנעלם קל"ט).

אנדערע האָבן געפונען א רמז אינם פסוק „זאת מנוחתי עדי עד": אינם באַטרעפנדן יאָר זא"ת וועט זיין אן אייביקע מנוחה, און נאָך אנ-

דערע האָבן אויסגערעכנט דעם „קץ" פונם נאָמען חמיל-ניצקע, דער גרויזאמער מערדער וועלכער האָט אומגעבראכט הונדערטער טויזנטער אידן. ח"מ"י"ל, האָבן זיי אויסגעטייטשט אין נוטריקן, חבלי, משיח, יבואו, לנו, און חבלי משיח באטרעפט 408.

מיר וועלן אין קורצן פארצייכענען די גרויסע שחיטות. ווען אידן האָבן גע'דרש'עט, האָבן די קאָזאַקן געשאָכטן... דאָס ערשטע זיינען זיי איבערגעפאלן די שטעט פעריאסלאוו, פיראטין, לובעק, און ליאכאָוויץ, די שטעט וואָס געפינען זיך ביים דניעפּר, צווישן קיעוו און פּאָלטאַווא, און דערמאָרדעט אלע אידן אויף אַ שרעקלעכן אופן. די אידן פון די שטעט פּאָגראַביטש, זוטאוו און באזאווק, דערהערנדיק וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט זייערע ברידער אין די אויבן דערמאנטע שטעט, האָבן זיך פארזאמלט, לערך דריי טויזנט מאַן, און זיך אליין איבערגעגעבן אלס געפאנגענע אין די הענט פון די טאַטאַרן אין קרים, וועלכע האָבן זיך דערבארעמט איבער זיי און אוועקגעפירט קיין טערקיי, און דאָרט האָבן זיי אויסגעלייזט די טערקישע אידן, ראטעווענדיק זיך אזוי ארום פון דער היידאמאַקישער שחיטה.

א גרויסע שחיטה איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט נעמיראָוו, אין וועלכער ס'זיינען אומגעקומען פון די קאָזאקן זעקס טויזנט אידן, צווישן זיי גאונים, צדיקים; ניט געשוינט האָבן זיי אויך קליינע זויגנדיקע קינדער. די מיתות זיינען געווען שרעקלעך ביז גאָר. ארויפגענומען אויף געשניצטע פלעקער און געבראָטן אויפן פייער. די פרויען און מיידלעך פריער פארגוואלדיקט און נאָך דעם אָפּגעשניטן די בריסטן, אויפגעשפּאלטן די בייכער און אריינגעלאָזט אהין לעבעדיקע קעץ, וועלכע האָבן געפרעסן זייער אינגעווייד ווען זיי האָבן נאָך געלעבט... (כ' סיון ת"ח „יון מצולה"). אויף איין טויער האָבן זיי אויפגעהאַנגען אן אלטן מאן און אויף זיין הארץ האָבן זיי צוגעקלאפּט זיינע קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך, אלע צוזאמענגעבונדענע אויף איין שטריק. און ווער קאָן אויסרעכענען די אָפּגעהאַקטע און אָפּגעשניטענע הענט, פיס און ברוסטן צונויפגעווויקלטע אין ספרי תורות, און תורות אין טייכן בלוט אריינגעוואָרפענע....

דער גרויסער רב ר' יחיאל מיכל, וועלכער האָט זיין גאנץ פארמעגן אוועקגעגעבן די רוצחים אויסלייזגעלט, און אליין זיך באהאלטן, האָבן די זעלבע מערדער אים געפונען אויפן דריטן טאָג אויפן בית עולם און דאָרט אים צוזאמען מיט זיין אלטער מוטער דער'הרג'עט. אויף צוויי אי-

דישע מיידלעך האָבן די מערדער געוואָרפן אן אויג, און געוואָלט זיי, צו־ליב זייער אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, נעמען פאר פרויען. איינע פון זיי האָט געפאָדערט פונם קאָזאק וואָס האָט זי פארלאנגט, אז ער זאָל מיט איר חתונה האָבן. נאָכדעם ווי זי וועט זיך שמד'ן אין קלויסטער, און ווען דער קאָזאק האָט זי אהין געפירט איבער א טייך, האָט זי זיך אין אים אריינגעוואָרפן און דערטרונקען געוואָרן.

די צווייטע האָט איינגערעדט דעם אין איר פארליבטן קאָזאק, אז זי איז א מכשפה, צו וועלכער קיין קויל קאָן ניט צוטרעטן. און ווען דער קאָזאק האָט עס אויסגעפרואווט און געשאָסן אין איר איז זי געפאלן א טויטע... אידישע הייליקע טעכטער, ווי גרויס איז אייער צניעות'־דיקייט!

פיל אנטרונענע פון נעמיראָוו, אונטער וועלכע עס האָבן זיך געפונען גרויסע העלדן און קריגס־געאיבטע, זיינען אנטלאָפן קיין טולטשין וואו עס איז געווען א פעסטונג, און האָבן זיך אָנגעבאָטן ביי די פּאָליאקן צו באשיצן די שטאָט, און זי פארטיידיקן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. די פּאָליאַקן האָבן דעם אָנבאָט אָנגענומען און מיט זיי געשלאָסן א בונד. די נידערטרעכטיקע האָבן אָבער די אידן פאראטן. נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען א בריוו פון די קאָזאקן, וועלכע האָבן די שטאָט באלאגערט, אז זיי זיינען גרייט אוועקגיין פון דער שטאָט, ווען נאָר זיי וועלן איבערגעבן אין זייערע הענט די אידן ,האָבן זיי גלייך זיי איבערגעגעבן, ניט אין אכט נעמענדיק דאָס געוויין און קלאָגן פון זייערע פרויען און קינדער. און אזוי זיינען די קאָזאקן ווי בלוט דורשטיקע חיות זיי איבערגעפאלן, און ווען אויך די אידן האָבן ווי גבורים זיך פארטיידיקט, אפילו די פרויען האָבן ווי לייבן זיך געוואָרפן אויף זיי צו באשיצן זייערע קינדער, האָבן זיי אָבער ניט געקענט ביישטיין אקעגן דער גרויסער אומציילעקער מחנה קאָזאקן. דריי טעג האָט געדויערט די שחיטה, און אלע זיינען אומגעקומען, אויסער צען רבנים, וועמען די קאָזאקן האָבן אוועקגעפירט צו אידן אין אנדערע לענדער, צו באקומען פאר זיי אויסלייז־געלט.

אָבער אויך די פאלשע פּאָליאקן האָבן פאר דעם פאראט מיט זייער לעבן באצאָלט; א צווייטע קאָזאקישע מחנה איז די שטאָט איבערגעפאלן, און דעם פעסטונג פארברענט, דעם קניאז טשעטווערטינסקי געטויטעט צעזעגנדיק אים לעבעדיקערהייט מיט א זעג, און די איבעריקע שליאכטשיצן און סתם פּאָליאַקן אויסגע'הרג'עט. און ווען זיי האָבן זייערע אנגרייפער דערמאנט

דעם צוזאָג פון זייערע ברידער קאָזאקן, ווען זיי האָבן ארויסגעגעבן די אידן, האָבן זיי באקומען דעם ענטפער: „איר, פארעטער, האָט קיין רחמנות ניט געהאַט אויף די אידן מיט וועלכע איר האָט געשלאָסן א בונד, און איר פארלאנגט עס איצט פון אונז, מיר זאָלן רחמנות האָבן אויף אזעלכע פאר־רעטערישע הינט? שטאַרבט, נידערטרעכטיקע! די פוילישע היסטאָריקער טיילן מיט אז פון יענער צייט אָן און ווייטער האָבן די פוילישע פריצים געהאלטן דעם אָפּמאַך וואָס זיי האָבן ווייטער געשלאָסן מיט די אידן און באַרעכטיקט אויף זיך די שטראָף פון טולטשין.

כמיעלניצקים הארדעס האָבן זיך פארשפּרייט אין גאַנץ פוילן און מערערע יאָרן אָנגעפירט די שחיטות; אין ווילנע האָבן זיי אין יאָר תט"ו אויסגע'הרגעט 25 טויזנט אידן. און די גאוני הדור ווי ר' משה רבק"ש דער מחבר פונם „באר הגולה", ר' שבתי כהן (ש"ך) און נאָך פיל אנדערע גאונים האָבן מיט גרויס שרעק אויסגעוואנדערט, צוזאמען מיט פיל אנ־דערע אַנטרונענע, און באהאלטן זיך אין די וועלדער און זיך דערנערט מיט די געוויקסן.

אין די 12 יאָר, פון ת"ח ביז ת"ך, זיינען הרוב געוואָרן, ווי געזאָגט, דריי הונדערט קהלות, און אומגעקומען מער פון דריי הונדערט טויזנט אידן.

דער סוף פון כמיעלניצקי מיט זיינע באנדעס, וועלכע זיינען ווי גע־הערט באשטראָפט געוואָרן, קאָן אונז אָבער ניט טרייסטן. דאָס יאָר ת"ח איז געבליבן מיט בלוט פארשריבן אין דער היסטאָריע. דער טאָג כ' סיון, דער דאטום פון דער שחיטה אין נעמיראָוו, איז באשטימט געוואָרן אין מערערע קהלות אלס א תענית מיט באזונדערע סליחות.

נאָך די בלוטיקע שחיטות אין פוילן, האָבן אידן אָנגעהויבן צו וואנ־דערן. אָבער ווי צו דיר, אידישער וואנדערער! מיטן וואנדערשטעקן אין דער האנט און מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס האָסטו זיך אָנגעהויבן איינצובעטן מען זאָל דיך אריינלאָזן אין די לענדער, וואו נאָך צוריק מיט הונדערטער יאָרן זיינען די טויערן געווען פאר דיר פארשלאָסן!

מיר וועלן דאָ פארצייכענען, גלייך נאָך דעם דאטום פון ת"ח, צוויי לענדער וואו אידן האָבן איינגעוואנדערט: ענגלאנד און פראנקרייך. נאָך זיי וועלן מיר פארצייכענען רוסלאַנד. אין די ערשטע צוויי וועלן דערמאנט ווערן די פּערזאָנען וועלכע האָבן זיך באמיט פאר די אידן: ר' מנשה בן ישראל, און דער פראנצויזישער מיניסטער קרעמיע.

# די אידן אין ענגלאַנד

נאָך פוילנס נאד הדמעות, די פון ת״ח און ת״ט, נאָך וועלכע אידן האָבן אָנגעהויבן וואנדערן און זוכן פאר זיך א צופלוכטס-אָרט אין אלע וועלט-טיילן, וועלן מיר אריינרעכענען אויך ענגלאנד פון וואנען זיי זיינען געווען אויסגעוויזן נאָך די שרעקלעכע ליידן, וואָס זיי האָבן דאָרט געליטן, שוין זייט 250 יאָר. און דאָס איז געשען אין דער צייט פון דער ענגלישער קע-ניגין עליזאבעט, וועלכע האָט זיך גערעכנט פאר דער מער פארנונפטיקער און מער מאַכטהאָבערן פון אלע אנדערע דאמאָלסדיקע אייראָפעאישע קעניגן. זי האָט דאָס לאנד געפירט מיט חכמה און מאַכט. צוזאמען מיט איר, האָט אויך דער פראָטעקטאָר קראמוועל זיך געפלייסט צו שטעלן דאָס לאנד אויף דער העכסטער שטופע פון פראָגרעס און ציוויליזאציע. נאָך אן אָבוועזנהייט פון אידן אין ענגלאנד פון 250 יאָר, האָט די ענגלי-שע מאסע ניט געוואוסט פון קיין אידן. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאנטאַזיע, אז אלע אידן זיינען אזעלכע ווי שיילאָק, פון וועלכן זיי האָבן געלייענט, אָדער געהערט פון שעקספירס ווערק. און ס׳האָט זיך גענויטיקט א מאן מיט גרויס בילדונג און גרויס ענערגיע וועלכער זאָל זיין אימשטאַנד מיט פארנונפט און לאָגיק אויסצואוואָרצלען זייערע טיף איינגעוואָרצלטע פאָראורטיילן, און דער איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דער אמסטערדאמער געלערנטער איד מנשה בן ישראל, דער בעל „נשמת חיים״. מנשה בן ישראל איז געווען א קינד פון די מאראנען, וועלכע זיינען פון שפאניע אנטלאָפן קיין האָלאנד. זיין פאָטער האָט אים געבראכט קיין אמסטערדאם ווען ער איז נאָך געווען א קליין קינד. מנשה בן ישראל האָט זיך דערצויגן אלס א הייסגעטרייער איד, א גרויסער חכם, און איז געווען א זעלטענער רעדנער. זיין וואָרט האָט די צוהערער באַ-צויבערט. דער שוואונג פון זיין פאנטאַזיע איז געווען אַן אויסערגעוויינ-לעכער. ער האָט זיך אויך פארטיפט אין קבלה, געגלויבט אין שדים, רוחות און גלגולים. ער האָט זיך דורך זיין רעדנער קראפט באליבט גע-מאכט ביי די גרעסטע געלערנטע אין פארשידענע לענדער, צווישן זיי

אויך די שוועדישע קעניגין כריסטינע, וועלכע האָט ליב געהאַט די אי־דישע ליטעראַטור און די העברעאישע שפּראַך.

אין יענער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט די מאַכט פון די פּוריטאַנער, ד. ה. יענע קריסטן וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אָנדערקענען די קאַ־טוילישע גייסטלעכע, ניט געגלויבט אין הייליקייט פונם פּויפּסט, ניט גע־וואָלט אָנדערקענען אַלע זיינע קאַרדינאַלן און עפּיסקאָפּן. זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט די כתבי הקדש און פון זיי באַגייסטערט געוואָרן, און גע־גלויבט אַז ס'וועט קומען אַ צייט און די פאַרשטויסענע אידן וועלן זיך צוריק קערן אין זייער לאַנד. די פּוריטאַנער האָבן געקעמפט קעגן די פאַ־נאַטיקער וועלכע האָבן געהאַסט אידן, ווען אויך זיי האָבן — ווי געזאָגט — פון זיי ניט געוואוסט. זיי האָבן אויך געקעמפט קעגן יעדער פאַלש־קייט און צביעות. קראַמוועל, וועלכער איז געוואָרן אַ פּוריטאַנער האָט — דורך זיין פאַרטיפן זיך אין די כתבי הקדש — אָנגעהויבן ניט נאָר צו סימפּאַטיזירן, נאָר אויך צו אינטערעסירן זיך מיטן גורל פונם אידישן פאָלק, אויסדריקנדיק זיך וועגן דעם מיט די דאָזיקע ווערטער: „איך באַמיטלייד דאָס אָרימע פאָלק ישראל, וועמען גאָט האָט זיין תורה גע־געבן; איך באַמיטלייד עס, ווען אויך עס אָנערקענט ניט אונזער דערליי־זער פאַר משיח"... און אין יאָר ת"ט, אין דער גרויסער שחיטה פון די אידן אין פּוילן, איז ענגלאַנד געוואָרן אַ רעפּובליק, און קראַמוועל איר פּרעזידענט.

ווען מנשה בן ישראל האָט זיך דערוואוסט פון דער סימפּאַטיע וואָס די פּוריטאַנער האָבן צום אידישן פאָלק, האָט ער זיך אָנגעהויבן איבער־שרייבן מיט די גרעסטע שטאַטסמענער אין ענגלאַנד וועגן דער דערלוי־בעניש פונם צוריקקער פון אידן קיין ענגלאַנד. ער האָט פון אַלע באַקומען ענטפערס אַז זיי זיינען מיט אים איינפאַרשטאַנען, און אים דערמוטיקט פאַרצווזעצן זיין השתדלות לטובת דאָס צוריק קערן פון אידן. איבערהויפּט האָט אים דערפרייט דער ענטפער פונם סעקרעטאַר אין פּאַרלאַמענט עדוואַרד ניקאָלאַס. אין זיין בוך וואָס ער האָט פאַרפאַסט, איז געקומען דער ענטפער צו מנשה בן ישראל.

„אַלע צרות — שרייבט ער — וועלכע זיינען געקומען אויפן ענגלישן פאָלק, זיינען אַ שטראָף פון גאָט, ווייל עס האָט אַרויסגעטריבן אידן פון זיין לאַנד. און זייער זינד וועט פון גאָט ניט פאַרגיבן ווערן ביז די אידן

וועלן זיך ניט צוריק קערן, און די ענגלענדער וועלן זיך מיט זיי רעכענען ווי מיט ברידער. זיינען דאָך די אידן דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון גאָט, איבער וועלכן ער האָט פאָרגעזאָגט: „רירט ניט אָן אין מיין — פון מיר — געזאַלבטעס פאָלק, און מיינע פּראָפעטן זאָלט איר קיין שלעכטס ניט טון". אונזער חוב איז צו פאַרגיטיקן זיי פאַר דעם אומרעכט וואָס מיר זיינען קעגן זיי באַגאַנגען. פאַר די פּייניקונגען וועלכע זיי האָבן געליטן פון די רוימישע פּויפּסטן, פאַר זייער ניט וועלן אָנדערקענען די געצנדי־נעריי, מיט די אומווירדיקע בילדער און קרייצן"...

אין יאָר ת"טו—1655, האָט קראָמוועל פאַררופן מנשה בן ישראל קיין לאָנדאָן און ער האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד. מנשה בן ישראל האָט אים דאַן דערלאַנגט די בקשה:

„מיינע ברידער פון מיין פאָלק האָבן מיך געשיקט פאָרצולייגן פאַר זיין דורכליכט פּראָטעקטאָר פון בריטאַניע, אַזוי גענעדיק זיין צו געבן זיי די ערלויבעניש אויף צוריק קערן זיך אין זיין לאַנד, און האָבן דאָס רעכט איינצוריכטן דאָרט געבעט הייזער אויף צו קענען, ניט געשטערט פון קיי־נעם, דינען דעם גאָט פון ישראל. האָט דאָך אויך דער געצנדינערישער קעניג געגעבן זיין דערלויבעניש דעם כהן גדול חוניו אויף צו בויען א שול אין אלעקסאנדריע פון עגיפּטן, און איך מיט מיינע ברידער האָבן דאָס רעכט צו האָפן, אז דאָס בריטישע פאָלק, וועלכעס גיט אָפּ כבוד דעם אי־דישן גאָט און זיין תורה וועט אונז די דערלויבעניש געבן.

„געערטער פּראָטעקטאָר! נעמט ניט אין אכט די אַלע פּאַראורטיילן און בלבולים וואָס אונזערע שונאים האָבן וועגן אונז. ליגן און פאַלש זיינען זיי. און דאָס וואָס מיר ווערן באַשולדיקט אז מיר האָבן קיין אנדערע פּראָ־פעסיע ניט, ווי נאָר דעם האנדל, איז דאָס אמת, מיר לייקענען עס ניט; אָבער ס'איז ארויסצוזען פון דעם די גרויסע השגחה אויף צו קענען עק־זיסטירן. די אויסווייזונגען און די כסדר ארום וואנדערונגען, האָבן אונז צו פאַרשטייען געגעבן, אז מיר קענען זיך ניט פאַרזאָרגן מיט גיטער, מיט נחלאות, מיט טעריטאָרישע באַזיצע אין קיין איינציק לאַנד, ווייל איבע־ראַל זיינען מיר אויסגעשטעלט צו אויסווייז. די דאָזיקע אומשטענדן האָבן אונז געטריבן צו מסחר, מיט וועלכן — אויסער דעם וואָס מיר פאַרזאָרגן אונזער עקזיסטענץ — מאַכן מיר אויך רייך דאָס לאַנד אין וועלכן מיר טרייבן דעם האַנדל. די שטאָט ליוואָרנאָ, אין איטאַליע, האָט אין געציילטע

יאָרן אויפגעבליט א דאנק אונזער האַנדל. און דאָס זעלבע אין אלע אנ־דערע שטעט אין וועלכע מיר האָבן דעם האַנדל געפירט. און די אלע שטעט פון וועלכע מיר זיינען אויסגעוויזן געוואָרן איז דער האַנדל אין זיי גע־שטערט געוואָרן, און זיי זיינען פאראָרימט געוואָרן. מען באַשולדיקט אידן אין וואוכער, די באַשולדיקונג איז אבסאָלוט ניט באַגרינדעט, ווייל דאָס זעלבע וואָס דער סוחר זוכט צו פארדינען אין זיין סחורה זוכט דער מלוה צו פארדינען אין זיין געלט. און דאָרט וואו אידן האָבן א מעגלעכ־קייט צו האָבן פּרנסה פון אן אנדער קוועלע מאכן זיי ניט קיין פּראָצענט עסקים. די שפּאנישע אידן וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין טערקיי און אין האָלאנד, גיבן זיך ניט אָפּ מיט דעם, זייערע קאפּיטאַלן האָבן זיי אריינגע־לייגט אין די בענק, אויף פינף פּראָצענט. און די בענק האָבן דאָך געווים בעסערע פּראָצענט געשעפטן געמאכט ווי די אידן... אידישע פיינט באַ־שולדיקן די אידן אין מאָרדן קריסטלעכע קינדער. ווי נידערטרעכטיק איז אזא באַשולדיקונג! די זעלבע באַשולדיקונג האָבן די געצנדינער ארויפגע־וואָרפן אויף די ערשטע קריסטן. זיי, די שונאים, באַשולדיקן אידן אז זיי רעדן אָפּ קריסטן פון זייער גלויבן, אין דער צייט ווען דער תּלמוד לערנט אונז אז גרים זיינען א שרעקלעכע מכּה פאר אידן, (קשים גרים לישראל כּספּחת), און א גוי וואָס קומט זיך מגייר זיין, דערקלערט מען אים די אי־דישע צרות, די אידישע ליידן וואָס זיי שטייען אוים פון די פעלקער. שטיצנדיק זיך אויף דער גוטהערציקייט פונם פּראָטעקטאָר און זיינע ראַט־געבער, האָף איך, אז די בּקשה פון מיינע ברידער וועט ניט אָפּגעוואָרפן ווערן".

ווען די פינסטערלינגע פון דער מאַסע האָבן זיך דערוואוסט פון דער בּקשה, זיינען זיי ארוים מיט פּאמפלעטן פול מיט די גרעסטע באַליידיקונ־גען און איבערגע׳חזר׳ט די אלע נידערטרעכטיקע בּלבולים. קראָמוועל האָט אָבער די פּאמפלעטן אין אכט ניט גענומען, און ארוים מיט אַ מאניפעסט אין וועלכן ס׳איז אלעם אָפּגעלייקנט געוואָרן. אויך מנשה בן ישראל איז ארוים מיט אַ בריוו אין זיין ספר „תּשועת ישראל" אין וועלכן ער גיט די פאָלגנדע שבועה:

„איך שווער אינם נאָמען פון גאָט, אז מיינע ארויסגעזאָגטע ווערטער זיינען אָן א שום אנדערע כּוונה, ווי נאָר דער אמת. און איך שווער אינם נאָמען פונם אל עליון וואָס האָט באַשאפן הימל און ערד, אינם נאָמען פון

גאָט וואָס האָט געגעבן די תורה און מצוות זיין פאָלק ישראל אויפן בארג סיני, אז ס׳איז ביי אידן ניטאָ דער מנהג אויף צו באנוצן זיך מיט קריסט־לעך בלוט, ס׳איז ניט קיין מצוה, און ניט קיין תקנה פון אונזערע חכמים, אין אלעם וואָס איך האָב געלייענט אין אידישע ספרים געפינט זיך ניט קיין שום רמז פון דעם בלבול פון אזא שענדלעכן און גרויזאמען טאַט. און אויב איך שווער פאלש, זאָלן פאלן אויף מיין קאָפּ אלע קללות, וועלכע זיינען אויסגערעכנט אין ספר ויקרא, און איבערגע׳חזר׳ט געוואָרן אין ספר משנה תורה, זאָל איך ניט דערלעבן צו זען די נחמה פון ציון, מיינע ביינער זאָלן ניט אויפשטיין תחית המתים.

„אייך בריטאניער, איר קלוגע און פארשטאַנדיקע, איך בעט אייך מיט דער גרעסטער אונטערטעניקייט, נעמען אין אכט מיינע ווערטער, און אויפנעמען מיינע ברידער אידן מיט חסד און רחמים, און ס׳זאָל מקוים ווערן די רייד פון דעם נביא צפניה: „די פעלקער וועלן אלע רופן דעם נאָמען פון גאָט, און דעם איינציקן גאָט דינען אזוי ווי זיין נאָמען איז איינ־ציק, און אונזערע אויגן זאָלן זען די נחמה פון ציון״.

און דורך זיין ספר „תשועת ישראל״, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן, איז געקומען א גרויסע ישועה אויף אידן. קראָמוועל האָט זיי דערלויבט צו באזעצן זיך אין ענגלאנד, און לאנגזאַם, לאנגזאַם האָבן אידן דאָרט זיך באזעצט און אָרגאניזירט זיך אין גרויסע קהלות. און מנשה בן ישראל׳ס נאָמען איז פאראייביקט געוואָרן ביים אידישן פאָלק, צוגלייך מיטן נאָמען קרעמיע, דורך וועלכן ס׳איז געקומען א ישועה צו די אידן אין פראנקרייך ווי מיר וועלן זען אין א צווייטן קאַפּיטל.

# די אידן אין פראנקרייך

קיין פראנקרייך האָבן אידן אָנגעהויבן אויך אויסצואוואנדערן, אָבער דאָס איז געשען ערשט מיט מערערע יאָרן שפעטער, אין דער צייט פונם אידישן שטאַטסמאַן יצחק קרעמיע. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף דעם שטאַטס מאַן, וועלכער האָט א וויכטיקן איינפלוס געהאַט אין דער פראנ-צויזישער פּאָליטיק, אין דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, ווען די זון פון פרייהייט האָט אָנגעהויבן שיינען איבער דעם ביז דעמאָלט פארוואָלקנטן הימל אין פראנקרייך און די רעגירונג האָט עמאַנצי-פּירט אידן צוגלייך מיט אלע אירע איבעריקע בירגער. די עמאַנציפּאציע איז אָבער פאר אידן געווען א „אליה וקוץ בה״... פאר דער פיזישער פרייהייט, האָט מען זיי געצוואונגען, דאָס הייסט, נאָר די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אידן, צו דינען די געטין: „פרייען פארשטאַנד״. דאָס זעלבע וואָס אידן האָבן געליטן אין שפּאניע פון די פאנאַטישע יעזואיטן, האָבן זיי אין פראנקרייך אָנגעהויבן צו ליידן פון די פרייגעזאָנענע יעזואיטן...

אויך אין פראנקרייך זיינען אידן געוואָרן מאראנען, כדי צו קענען דורכפירן אידישע טראדיציעס אין געהיים. אין ענדע פון דער עפּאָכע איז געבוירן געוואָרן יצחק משה קרעמיע אין דער שטאָט נים, אין יאָר תקס״ו 1806, צו זיין פאָטער דוד קרעמיע, איינער פון די פּאָרטוגאלישע אידן, א מאַן פון גרויס וויסנשאַפט.

ווען יצחק קרעמיע איז נאָך גאָר א קינד געווען, האָט ער שוין ארויס-געוויזן זיין אויסערגעוויינלעכן שארפן זכרון. איינמאָל האָט ער געהערט א געדיכט פון דעם פראנצויזישן דיכטער טאלמא, און האָט עס גלייך שוין געקענט אויף אויסווייניק, און ווען דער דיכטער האָט זיך געוואונדערט און אים געפרעגט צו וועלכן צוועק ער האָט אויסגעלערנט דאָס געדיכט, האָט דאָס קינד קרעמיע אים געענטפערט: „איך האָב עס ניט געלערנט, איך האָב עס נאָר געהערט פון דיר, און זאָג עס נאָך״.

די העלדנטאַטן פון דעם העלד נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט האָבן געהאַט א ווירקונג אויף דעם וואונדערבארן קינד קרעמיע, און אין אים געשאפן

אן אויסעראָרדנטלעכן חשק צו שטודירן און זיך אויסצייכענען. און אזוי האָט ער זיך אויסגעצייכנט מער פון אלע זיינע שול חברים אויף דעם יוריספּרודענץ־געביט, און איז געוואָרן — נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דעם קורס אין אוניווערזיטעט — א ערשט ראנגיקער אדוואָקאט.

זייענדיק נאָך גאָר א יונגער מאַן, האָט ער געהאַט אן אוידיענץ ביים קיסר נאַפּאָלעאָן, אינם נאָמען פון דער יוגנט אין פּאריז, און געפאָדערט צוריק קערן דערזעלבער די פרייהייט, וועלכע איז ביי איר צוגענומען געוואָרן, אויף טראָגן וואפן.

ווי ווייט דער אמת איז געווען ביי אים ליב און טייער און געקעמפּט פאר אים זיין גאנץ לעבן, איז געגוג צו נעמען אין אנבאטראכט אלעס וואָס ער האָט אויפגעטון אין זיין לעבן, סיי אין פּאָליטישן זין, און סיי אויפן פילאנטראָפּישן געביט.

פיל פּאָליטישע פארברעכער, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט געווען צו ליידן שווערע שטראָף זיינען דורך זיין גלענצנדע פארטיידיקונג באפרייט געוואָרן. צו זיין אָראַטאָרישן טאלאנט און זיין לאָגישן שכל איז קיין גלייכן ניט געווען.

קרעמיע איז געשטיגן אלץ העכער און העכער, און איז געוואָרן דער ליבלינג פונם פראנצויזישן פאָלק פאר זיינע שטענדיקע לייסטונגען פאר אים און פאר זיין געליבט פאָטערלאנד. דאָס האָט פארנקרייך פיל כבוד און רום פארשאַפט אין אלע אנדערע לענדער. און אזוי ווי אונזער געזעצגעבער משה, ווען ער איז גרויס געוואָרן איז ער ארויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער, אזוי אויך איז יצחק משה קרעמיע, ווען ער איז גרויס געוואָרן, ארויסגעקומען צו זיינע ברידער און געאָפּפערט זיין גאנץ לעבן פאר זיי. דער גרויסער פראנצויזישער פּאטריאט איז געוואָרן און פארבליבן א געטרייער און איבערגעגעבענער צו זיין פאָלק, און אלע זיינע ברידערס נויטן האָבן אים אָנגערירט ביז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. אין איינעם פון זיינע פאָרטראגן, וואָס ער האָט געהאלטן פאר דער אידישער געמיינדע אין פּאריז, האָט ער זיך אויסגעדריקט מיט די פאָלגנדע ווערטער:

„ווי גרויס זיינען די ענדערונגען וועלכע קומען פאָר זאָגאר אין א קורצער צייט. ווען איך בין נאָך א קינד געווען, האָב איך ניט געקענט דורכגיין די גאס און ניט הערן פארשידענע באליידיקונגס אויסרופן אויף מיין חשבון פון די קריסטלעכע קינדער פון מיין עלטער, און פיל מאָל אויך פון גרויסע, און ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו פארטיידיקן זיך מיט

מיינע קינדערישע פויסטן, און די דאָזיקע צייט איז פֿאַרשוווּנדן. דער נאָמען איד איז מער ניט צו שפּאָט. איך קאָן אייך אָבער זאָגן אז דעם אייגענעם שטאָלץ וואָס איך האָב איצט מיט מיין אידישער אָפּשטאַמונג — נאָר מיט מער פֿאַרשטאַנד — האָב איך אויך געהאַט ווען איך בין א קינד געווען. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם: אלס קינד האָב איך פֿאַרטיידיקט אידישן כבוד מיט די הענט, און איצט פֿאַרטיידיק איך אים מיט מיין מויל״...

זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך מצער געווען וואָס ער האָט ניט דערלערנט די העבּרעאישע שפּראַך (און דער איז דער איינציקער פֿעלער וואָס מיר האָבן אים אָנצואווייזן... מ. ר.). אין יאָר ת״ר 1840, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן דער שענדלעכער, גרויזאמער עלילת דם אין דמשק, פֿאַר וועלכן פֿיל אידן זיינען גרויזאם געפּייניקט געוואָרן, איז קרעמיע צוזאַמען מיט משה מאָנטעפֿיאָרע און שלמה מונק געפֿאָרן קיין עגיפּטן און זיך משתדל געווען פֿאַרן כאדיוו צו באַפֿרייען די אומשולדיקע אידן. (זע „האַנט־בוך״ 2־טע טייל, זייטן 210—211) דער כאדיוו איז נאָכגעקומען זייער פֿאַרלאַנג און באַפֿוילן דעם גובערנאַטאָר פֿון דמשק צו באַפֿרייען די אומשולדיקע אידן. ווען קרעמיע האָט איבערגעלייענט דעם באַפֿעל און געפֿונען דאָרט דאָס וואָרט: „באַגנאַדיקן״, האָט ער עס ניט געקאָנט דולדן און האָט זיך געווענדעט צום כאדיוו און פֿון אים פֿאַרלאַנגט ער זאָל אויסשטרייכן דאָס וואָרט „באַגנאַדיקן״, „ווייל ניט קיין שום באַגנאַדיקונג פֿאָדערן מיר, נאָר „גערעכטיקייט״; און זיין פֿאַרלאַנג איז דערפֿילט געוואָרן.

זייענדיק אין עגיפּטן האָט קרעמיע אין אכט גענומען דעם טרויעריקן מאָראַלישן צושטאַנד פֿון די דאָרטיקע אידן. די דערציאונגס אַנשטאַלטן זיינען אויף א מורא׳דיקן אופֿן פֿאַרנאַכלעסיקט. דער גורל פֿון די פֿרויען איז שרעקלעך, די מענער רעכענען זיי ווי שקלאַפֿינס, צוגלייך מיט אַלע אזיאַטישע איינוואוינער פֿונם אָריענט. קרעמיע האָט עס ניט געקענט דולדן, און האָט געלאָזט פֿאַררופֿן אַלע אידן אין קאירא, און זיי אויפֿגעפֿאָדערט צו זאָרגן פֿאַר דער קינדער דערציאונג, און זיי אויסגע׳מוסר׳ט פֿאַר זייער פֿאַרשקלאַפֿן די פֿרויען. גלייך נאָכדעם האָט ער ארויסגעלאָזט א מאַניפֿעסט אויף אראַביש און העבּרעאיש. אין דעם דאָזיקן אויפֿרוף האָט ער צוגעזאָגט צו שטיצן דער געמיינדע מיט זעקס טויזנט פֿראַנק א יאָר. די פֿאָרשטייער פֿון די אידישע געמיינדעס זיינען גלייך צוגעטראָטן צו

גרינדן שולן. קרעמיע האָבער האָט ארויסגעזען אז דער שטאַנד פון די אידן אין אלע אנדערע לענדער, סיי דער מאַטעריעלישער, און סיי דער מאָראַלישער, וועט ניט פארבעסערט ווערן מיט מינדערוווערטיקע שטיצע פון איינציקע רייכע אידן, און האָט באשטימט צו גרינדן איין חברה א גרויסע, וועלכע זאָל זיין א קערפערשאפט פאר אלע אידן אין זייערע גלות לענדער. די חברה זאָל זיך רופן: „חברה כל ישראל חברים". איר אויפגאבע זאָל זיין צו פארבעסערן די מאַטעריעלישע לאגע און דעם מאָראלישן שטאַנד, אין די לענדער וואו עס וועט נויטיק זיין.

אין יאָר תרכ"ב איז פאָרמירט געוואָרן די חברה „כל ישראל חברים", פאר וועלכער קרעמיע האָט אלע זיינע כוחות אוועקגעלייגט. די ערשטע פילאַנטראָפישע ארבעט איז געווען, צו עפענען א אגראָנאָם שולע אין ארץ ישראל אויף צו לערנען אגראָנאָמיע. קרעמיע צוזאמען מיט ר' צדוק הכהן, דער אויבער ראבינער פון דער אידישער געמיינדע אין פאריז, איזידאָר לעווי, און ר' מיכאל ערלאנגער (וועלכע וועלן באזונדערס כראָנאָלאָגירט ווערן) האָבן געגרינדעט די שולע אין דער ערשטער קאָלאָניע מקוה ישראל. די ווייטערדיקע ארבעט פון דער חברה „כל ישראל חברים" איז כמעט יעדן אידן באקאנט. זי האָט געלייסטעט פיל הילף, סיי מאטעריעלישע און סיי גייסטיקע, און שטענדיק אונטערגעקומען צו פארלייכטערן די אידישע צרות.

אין יצחק קרעמיעס צייטן האָבן פיל אידן פון פוילן אויסגעוואנדערט קיין פראנקרייך.

# די אידן אין רוסלאַנד

די דינאַסטיע ראָמאַנאָוו האָט זיך אָנגעהויבן פונם ערשטן שונא ישראל און זיך געענדיקט מיטן לעצטן אידיאָטישן צורר היהודים. אין די צייטן פון אלעקסיי מיכאילעוויטש וועלכער האָט געלעבט אינם 17־טן יאָר־הונדערט איז געשאַפן געוואָרן דער „סוואד זאקאָנאָוו", דערשינען און פארעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1649.

אלע געזעצן וואָס זיינען דאָרט פארשריבן, טראָגן אויף זיך אָן אלגע־מיינעם דעספאָטישן און שנאה'דיקן כאראקטער; אָן עקסטרעם קנאי'שער גייסט שוועבט איבער זיי, וועלכער אונטערשיידעט דאָס רעכט פון דער מיוחסדיקער און קלויסטער - הייליקער פראוואָסלאווער באפעלקערונג וואָס איז געווען דער רוב מנין און רוב בנין אין רוסלאַנד פון די אלע אנ־דערע פון פארשידענע גלויבנס.

איין פונקט דייטעט אָן: „אז יעדער איינער פון אַן אנדער גלויבן, וועלכער וועט וואגן ארויפצופירן א פראוואָסלאוונעם פון דער פראוואָ־סלאוויע דארף באשטראָפט ווערן צו פארברענט ווערן לעבעדיקער־הייט". און דער געזעץ איז געצילט געווען קעגן אידן מער ווי קעגן אנ־דערע. און ארויפוואַרפן די שולד פון פארפירן אויף אידן, איז גאַנץ לייכט געווען... פיאָטער אלעקסייעוויטש, אין זיין פרידנס־טראקטאַט, וואָס ער האָט געשלאָסן מיט פוילן, געפינט זיך דער פונקט: „ס'איז דערלויבט אלע סוחרים פון פוילן צו האנדלען אין מאָסקווע און די מאָסקווער צו האַנדלען אין די דריי פוילישע שטעט: קראקוי, ווארשע און ווילנע. אָן אויסנאַם זיינען די אידן. זיי טאָרן אין קיין איין שטאָט פון די צוויי רעגירונגען ניט פירן קיין שום מסחר. פיאָטער אלעקסייעוויטש, וועלכער רופט זיך פיאָטער דער גרויסער, ווען ער האָט איינגעלאדן אינזשעניערן צו פארשענערן זיין לאַנד, האָט ער אויף דער פראגע, פארוואָס ער לאָדט ניט איין קיין אידן געענט־פערט: „איך וועל דערלויבן טערקן — ווען אויך איך האָס זיי — צו באַ־זעצן זיך אין מיין לאַנד, נאָר ניט אידן, די שווינדלער און באַטריגער".

ווען ער איז געווען אין אמסטערדאם, האָבן אידן אים געבעטן ער זאָל

זיי דערלויבן קומען האַנדלען אין רוסלאַנד, האָט ער זיי געענטפערט: „איר גלויבט אז מיט אייער ליסטיקייט און שווינדלערישע קעפּ וועט איר אים־שטאַנד זיין אָפּצונאַרן די רוסן. איר האָט אָבער א טעות, די רוסן זיינען שוין אויף אזוי פיל קלוג, אז זיי וועלן זיך ניט לאָזן פארפירן דורך שווינדל".

אין יאָר 1726 איז פּיאָטער דער גרויסער געשטאָרבן, און זיין פרוי יעקאטערינא די ערשטע איז געוואָרן קעניגין, און אין יאָר 1727 האָט זי ארויסגעלאָזט אַ מאַניפעסט מיט די ווערטער: „די אידן, מענער און פרויען, וועלכע געפינען זיך אין מיין לאנד, זאָלן עס תיכף פארלאָזן, און ניט האָבן דאָס רעכט זיך צוריקצוקערן, און ביים פארלאָזן דאָס לאנד, איז זיי ניט דערלויבט ארויספירן גאָלדענע און זילבערנע מטבעות".

אין יאָר 1740 האָט די קייזערין אנא, יאָהאנס טאָכטער, פארשטאַרקט דעם אידן־אויסוואנדערונגס ־ געזעץ. „זי האָט זיך דערוואוסט — שרייבט זי אין איר מאַניפעסט — אז ס'געפינען זיך אין קליין־רוסלאַנד הונדערט מיט דרייסיק דערפער, אין וועלכע עס וואוינען פינף הונדערט מיט דריי און זיבעציק אידישע נפשות, זאָלן זיי גלייך ארויסגעטריבן ווערן פון זיי".

די קייזערין עליזאוועטא, פּיאָטר דעם גרויסנס טאָכטער, איז די גרעס־טע יודאָפאָבין געוועזן. ווען די מיניסטאָרן און די ריגער פאָרשטייער האָבן זיך פאר די אידן משתדל געוועזן און זי געבעטן צו לאָזן וואוינען די אידן אין ריגע, דערקלערנדיק דעם גרויסן שאָדן וואָס די קריסטן וועלן ליידן ווען די אידן וועלן פון דאָרט ארויסגעטריבן ווערן, ווייל זיי — די אידן — זיינען דער לעבנס־נערוו אין האַנדל, און אָן זיי וועט דער האנדל פארא־ליזירט ווערן, האָט זי אויף דער ביטע־שריפט, וואָס זיי האָבן איר דער־לאנגט אונטערגעשריבן: „פון די פיינט פונם דערלייזער וויל איך ניט קיין שום פּראָפיט"...

אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פונם 19־טן יאָרהונדערט, איז די רו־סישע געזעלשאפט אין איר באציאונג צו אידן ניט ווייט אוועק פון יעלי־זאוועטא פּעטראָוונאָס צייטן. זינט דעמאָלט האָט רוסלאנד באקומען בירושה פון פוילן א באדייטנדע צאָל אידישע אונטערטאנען, אָבער זיי אלע זיינען געווען צונויפגעדרענגט אין די געוועזענע פוילישע פּראָווינצן. די אינערלעכע רוסישע גובערניעס זיינען געווען פאר זיי פארשלאָסן. דעם רוסישן אינטעליגענט, דעם גוט באזיצער און דעם באאמטן אין די גרויס־רוסלאנדס גוב. איז דער איד פארבליבן פונקט אזוי פרעמד ווי אינם 18־טן יאָרהונדערט; אפילו דער אָפיציר פלעגט אויך ניט האָבן קיין געלעגנהייט

צו קומען אין דירעקטע באַרירונג מיט אידן, ווייל פאַר סאָלדאַטן האָט מען זיי נאָך דעמאָלט ניט גענומען. דער איד איז, ווי פריער, געווען פאַר דעם רוסישן אינטעליגענט א מין חידוש.

אין די צייטן פון יעקאַטערינאַ די צווייטע זיינען — ווי אויבן דערמאָנט — פיל אידן פון פוילן איבערגעגאַנגען בירושה צו רוסלאַנד. דאָס פוילישע קעניגרייך איז צעטיילט געוואָרן אויף דריי טייל, צו רוסלאַנד, צו עסטרייך און פרייסן. אינם יאָר 1772 האָט דערגרייכט די צאָל אידן, וואָס זיינען צוגעטיילט געוואָרן רוסלאַנד, אריבער א מיליאָן. די העכסטע שטאַטס באַאמטע האָבן געדענקט — צוליב דעם פאָרשריט פון לאַנד — געבן די אידן בירגער רעכט; יעקאַטערינאַ אָבער, האָט ניט מסכים געווען, און אין די צייטן פון איר זון פאַול, זיינען די אידן אויף אזוי פיל פאַרהאַסט געוואָרן ביי אים, אז ער האָט פאַר זיי באַשטימט אָנגעצייכנטע גרענעצן צו וואוינען, און ארויפגעלייגט אויף זיי א באַזונדערן שטייער וועלכן די אויפמאָנער האָבן מיט דער גרעסטער אכזריות אויפגעמאָנט.

ערשט אין דער צייט פון דער מלחמה פון 1812, וואָס אירע עטאַפּן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין ליטע, רייסן און פוילן, האָבן רוסישע אָפיצירן געהאַט דאָס מעגלעכקייט צו באַגעגענען זיך מיט דער באַפעלקערונג פון די דאָרטיקע אידישע שטעט און שטעטלעך, אָבער מיט וועלכן עלעמענט? מיט די גאַנץ נידעריקע עלעמענטן פון דער אידישער באַפעלקערונג. די טיפע טראַגיק פון דער אידישער עקזיסטענץ, דער אידעאַלער מאָמענט אינם אויסערלעכן פינצטערן אידישן לעבן זיינען אים געבליבן אומבאַקאַנט, פרעמד, און וועגן אידן בכלל האָט ער געאורטיילט אויסשליסלעך נאָך יענעם אידישן „פאַקטאָר", אָדער שפּיאָן מיט וועלכן ער פלעגט קומען אין באַרירונג. און אזוי איז ביי דער רוסישער אינטעליגענץ (אָפיצירן זיינען צו יענער צייט געווען א גרויסער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ) געשאַפן געוואָרן א ספּעציפישער באַגריף וועגן אידן: דער איד — האָבן זיי געזאָגט — איז א שמוציק, נידעריק באַשעפעניש — א פאַקטאָר, וואָס האַנדלט מיט יעטוועדער זאַך, פון קאָנטראַבאַנד ביז לעבעדיקער סחורה; אַן אויסוואורף, וואָס פאַרנעמט זיך מיט שפּיאָנאַזש און איז דערביי גרייט אָפּצונאַרן ביידע צדדים; א מענטש, וואָס קיין זאַך איז אים ניט הייליק, און וואָס איז פעאיק פאַר א קאָפּיקע אָפּטון די נידעריקסטע מעשים. מיט איין וואָרט: דער איד פאַרדינט נאָר פאַראַכטונג, האַס און די ערגסטע באַהאַנדלונג. אזא פאַרהאַלטונג צו אידן שפּיגלט זיך אָפּ אויך

—צו יענער צייט געשאפענע — רוסישע ליטעראטור. פושקינס באַ־ציאונג צו אידן איז אויסגעשפּראָכן פיינטלעך, פול פאראכטונג. דער איד איז פאר אים עטוואָס שמוציקעס, נידערטרעכטיקס. דער איד פיגו־רירט ביי אים אַלס פאררעטער אָדער וואוכערניק. ביי פושקינען אין א ליד דער׳הרג׳עט מען א אידן — „ווי אַ הונט״...

ביי לערמאָנטאָוו איז דער איד שוין ניט אזוי פארהאסט ווי ביי פוש־קינען, אָבער אויך אין זיין „סאשקא״ פיגורירט ביי אים דער איד אלס שפּיאָן, מסור, פאררעטער, בלוטזויגער און באַטריגער, און זייערע — די אידנס — מאַראלישע נידערטרעכטיקייט הארמאָניזירט שטענדיק מיט זייער שמוציקן עקלהאפטן אויסזען.

איך האָב נאָר געבראכט די מיינונג און באַציאונג פון די צוויי גרעס־טע רוסישע ליטעראטן, פון די רוסישע לויתנ׳ס, אויך די קלענערע, די „דגי הרקק״־שרייבער האָבן קיין בעסערע באַציאונג צו אידן ניט געהאַט.

אלעקסאנדער דער ערשטער האָט פלומרשט מער איינזען געהאַט מיט די אידן. ער האָט געעפנט די שולן פאר זיי. א טייל רייכע אידן האָבן אהין געשיקט זייערע קינדער שטודירן אויף פארשידענע וויסנ־שאפטלעכע געביטן, אממערסטן אָבער אויף מעדיצין, האָבן די פּראָפעסאָרן און די דירעקטאָרס פון די זעלבע זיי צו וויסן געגעבן, אז נאָך זייער ענ־דיקן וועלן זיי קיין דיפּלאָמען ניט באַקומען ביז זיי וועלן זיך פריער ניט אָפּ׳טובל׳ען... און דער מיניסטער פון פאָלקס אויפקלערונג האָט דעם פּונקט באַשטעטיקט. די בערישע טובה פון אלעקסאנדער איז במילא בטול געוואָרן.

אין יאָר 1804 איז ארויס א באַפעל ארויסצוטרייבן אלע אידן וועלכע גיבן זיך אָפּ מיטן פארקויף פון שארפע משקאות, און אויך אַלע פּאכטער פון קריסטלעכע גיטער פון אלע דערפער, מיט דער טענה, אז זיי עקס־פּלואַטירן די אָרימע פּויערן, און טויזנטער אידן זיינען געבראָכן געוואָרן פון זייערע פּרנסות.

אינם יאָר 1812 נאָך דער מלחמה מיט די פראנצויזן, פון וועלכע די לעצטע האָבן געליטן א נידערלאגע, האָט אלעקסאנדער אָנדערקענט דעם אידישן פּאטריאָטיזם, און זיי אויסגעדריקט זיין דאנק, און שפּעטער מיט זעקס יאָר, אין 1818, א באַפעל געגעבן אידן זאָלן אויסדערוויילן פון זיך פאָרשטייער אלס זייערע פארטרעטער צו זיצן אין סענאַט, צו באַראטן זיך וואָס פאר א מיטלען אָנצונעמען אויף צו פארבעסערן די אידישע לאגע. אידישע פאָרשטייער פון אלע זייערע וואוינערטער האָבן זיך פארזאמלט

אין ווילנע, און האָבן אויסדערוויילט דריי פארטרעטער: ר׳ זונדיל זונ־בערג פון גראָדנא; ר׳ בייניש באראץ פון וויטעבסק, און ר׳ מיכאל איי־זענשטאט פון מאָהילעוו. אָבער אויך די אידישע פארטרעטער האָבן ניט געבראכט קיין ישועה פאר זייערע ברידער. דאָס ארויסטרייבן פון די דער־פער איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן, און די אידישע לאגע, אויך אונטער דעם דאנקבארן אלעקסאנדערן, איז פון טאָג צו טאָג, ערגער און ערגער געוואָרן.

נאָך אלעקסאנדער איז געוואָרן קייזער זיין ברודער ניקאָלאי. אָט דער קייזער וואָס אידן האָבן ביז היינט צו טאָג ניט פארגעסן די לײדן וואָס זיי האָבן דורך אים געליטן. די פאַרגאַסענע טרערן פון אידישע מאַמעס ביי וועלכע מע האָט זייערע קינדער אוועקגערויבט דורך זיין באפעל, זיינען נאָך ניט אויסגעטרוקנט געוואָרן פון דער ערד אויף וועלכער זיי זיינען פארגאָסן געוואָרן. אין די ערשטע יאָרן פון זיין באַשטייגן דעם טראָן, האָט ער ארויסגעלאָזט א מאניפעסט אז אידן זאָלן געבן רעקרוטן, אנ־שטאָט דאָס אויסלייזגעלט וואָס זיי פלעגן צאָלן, און איבערגעגעבן דאָס צושטעלן פון רעקרוטן צו די ראשי הקהל, און פון די זיינען באַשטימט גע־וואָרן „כאַפּערס”. מיטן נאָמען כאַפּערס זיינען זיי געקרוינט געוואָרן, ווייל ווי ווילדע וועלף פלעגן זיי ארויסרייסן די קינדער פֿמעט פון זייער מוטערס שויס. און צום באדויערן זיינען די ראשי הקהל ניט ווייניק שולדיק אין דער בארבארישער גזרה. זיי האָבן פארשטאַנען אז איידער אָפּצורייסן יונ־גע לייט פון זייערע פאמיליעס — ווייל צו יענער צייט האָט א צוואנציק יעריקער יונגערמאַן שוין געהאַט א פרוי מיט א פּאָר קינדער — איז שוין גלייכער אָפּגעבן קליינע קינדער, און זיי האָבן דעם פּלאַן פאָרגעשלאָגן ניקאָלאיען וועלכער האָט אים מיט שמחה באשטעטיקט, דענקנדיק אז אויף אזא אופן וועט ער זיין אימשטאַנד זיי אָפּ׳צושמד׳ן. מען פלעג די קינדער בינדן ווי די שאָף, אויף וועגן זיי ארויפלייגן און אזוי פלעגט מען זיי אוועקפירן. אידישע מאַמעס און אידישע טאַטעס זיינען פון צרות קראנק געוואָרן, און פיל זיינען אויסגעשטאָרבן. און די קינדער? אך, אומגליקלעכע קינדער! ווי גרויזאם זיינען זיי באהאנדלט געוואָרן פון זיי־ערע דיאדקעס צו וועלכע זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן, וויפיל פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבן און ניט דערלעבט צו זיין סאָלדאטן, וויפיל פון זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן צו דערציען זיי אין פאנאטיש־גלויביקע הענט, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן די מצוה צו אָפּ׳שמד׳ן זיי. אָבער אי־

דישע קינדער האָבן זיך מוסר נפש געווען, אויסגעשטאַנען פון די דיאַד־קעס, פון די נייע טאַטעס און מאַמעס צו וועלכע מען האָט זיי איבערגע־געבן, און זיך געלאָזט פארשמייסן ביז צום טויט און פארבליבן אידן. א גאנץ קליינע צאָל האָט זיך גע׳שמד׳ט.

און וואונדערבאר, מיר קאָנען עס ניט באגרייפן די אידישע נשמה, דעם אידישן גייסטיקן כוח מיט וועלכן זיי זיינען געבענטשט געוואָרן. זיבן אכט יאָריקע קינדער האָבן זיך דערצויגן אין קריסטלעכע הייזער ביז דער פולשטענדיקער עלטער אויף צו קאָנען ווערן א סאָלדאט, לערך צען צוועלף יאָר, און נאָכדעם ערשט אָפדינען פינף און צוואַנציק יאָר און פאַר־בליבן טריי דעם אידישן גלויבן. צו יענער צייט האָט זיך פארשטאַרקט די אידן אויסוואנדערונג. כדי צו רעטן זייערע קינדער האָבן אידן אויסגע־וואנדערט קיין רומעניע. ניקאָלאַיען איז אָבער ווייניק געווען די קינדער־גזרה און ער האָט זיך פארנומען צו דער באקאנטער מעטאָדע, ארויס־טרייבן אָדער זיך שמד׳ן. א געזעץ איז פון אים ארויסגעגעבן געוואָרן ארויסצוטרייבן אלע אידן וואָס וואוינען אין די פופציק ווערסט ביים גרע־נעץ, אָדער ביים פאָרט פון ים, אויך א באפעל ארויסגעגעבן, אז אלע די אידן וואָס וואוינען אין פעטערבורג אויף דער דערלויבעניש וואָס זיין ברודער אלעקסאנדער האָט זיי ארויסגעגעבן זאָלן אנטוועדער ארויסגע־טריבן ווערן, אָדער זיך שמד׳ן...

ניקאָלאי האָט געוואָלט אויסוואָרצלען דעם אידישן פאנאטיזם, האָבן זיינע פארטיידיקער געזאָגט. אין אמת׳ן האָט ער זיך פארמאָסטן ניט דעם פאנאטיזם נאָר די אידישע נשמה מיט געוואלט ארויסציען. זיין גאנצע אספיראציע איז געווען די אסימילאציע. ער האָט באפוילן צו באשרענקען אידישע דרוקערייען, פארנעמען אידישע ספרים און צענזורירן זיי. מיט דער גרעסטער אכזריות געשוירן אידישע בערד און געקירצט זייערע לאנ־גע קליידער, אראָפגעריסן די הויבן פון פרויען־קעפ, כדי צו שטעלן זיי צו שאנד און שפּאָט. אין די צייטן פון אלעקסאנדער דעם צווייטן, פון 1855 ביז 1881, איז די אידישע לאגע באדייטנד פארבעסערט געוואָרן. ער האָט פארלייכטערט די פון פריער ארויפגעלייגטע אידישע שטייערן, און אויך די רעקרוטירונג; אויסגעברייטערט זייערע וואוינערטער; דער־לויבט סוחרים ערשטראנגיקע און בעלי מלאכות צו וואוינען אין די מלוכה־שטעט פעטערבורג און מאָסקווע, געעפנט פאר אידן אלע שולן און נאָך פי־לע הנחות. די אלע אידישע גליקן האָבן זיך אָבער געענדיקט אין 1881, ווען

אלעקסאנדער דער צווייטער איז דער׳הרג׳עט געוואָרן (1-טער מערץ 1881) און אלעקסאַנדער דער דריטער האָט באַשטיגן דעם טראָן.

אידישע צרות האָבן זיך באַנייט מיט פּאָגראָמען און גירושים. די ני־הילסטישע באַוועגונג האָט זיך פארשטאַרקט, און מיט דערזעלבער אויך די אידישע צרות. א כוואליע פון פּאָגראָמען האָט זיך צעגאָסן איבער גאנץ רוסלאַנד. אידן זיינען געוואָרן הפקר און פאר זיי איז נאָר געבליבן זיך צו־זאמענקאָרטשען און באוויינען זייער שווער ביטער מזל... און עס איז צו באוואונדערן די פּאָעטישע קינות וועלכע משוררים האָבן פאר זיי גע־שאַפן... פּטור געוואָרן פון איין צורר, איז אויפגעשטאַנען א צווייטער אי־דיאָטישער צורר, און עס הויבן זיך אָן נייע פּאָגראָמען, נייע גירושים און נייע גזעצן. די פינצטערע שווארצע רעגירונגס קליקע ווי פּאָבעדינאָוו־צאָוו, איגנאַטיוו, סואוואָרין, פּורישקעוויטש א. נ. א. האָבן זיך פארנומען אויסצוראָטן אידן פון רוסלאנד. זיי פירן דעם אידיאָטישן ניקאָלאַי דעם צווייטן אויף דעם וועג וואָס זיי האָבן פאר אים אָנגעצייכנט. עס ווערט פּלומרשט פּראָקלאַמירט א קאָנסטיטוציע, מיט אַ גאָסודארסטווענע דומע, מע שטעלט מיט זיי, ארבעטער בכלל און אידן בפרט אויף דער פּרואוו, ווי אזוי זיי וועלן זיך פארהאלטן צו דעם אַלעם. און רוסלאַנד ווערט פאר־פלייצט מיט אידישע בלוט.

אין ניקאָלאַי דעם צוויטנס צייטן איז אויך פאָרגעקומען דער בלוט־בלבול אויף בייליסן, ווי ער וועט באַשריבן ווערן אין א באַזונדער קאַ־פּיטל. די שווארצע קליקע ווענדעט אָן אלע טייוולישע מיטלען צו באַשול־דיקן און פאר׳משפּט׳ן בייליסן און מיט אים צוזאמען אלע אידן, אז זיי טרינקען קריסטלעך בלוט. און ווען אויך דער דעמאָלטדיקער רוסישער רע־אקציע איז דאָס ניט געלונגען, זיינען אָבער אידישע ליידן דערמיט ניט פארלייכטערט געוואָרן. אידן פילן דאָס רשעות פון ניקאָלאַיס רעגירונג מיט זיינע פינצטערע שווארצע משרתים. זיי פילן זייער הפקרדיקייט.

און די וועלט־מהחמה האָט אויסגעבראָכן. מיט דער גרעסטער אכזריות ווערן מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס אָפּגעשניטן. און די שולדיקע זיינען אידן. דאָס אידישע פאָלק ווערט דער שעיר לעזאזל... אויף זיין קאָפּ ווערן די חטאים, עונות ופשעים ארויפגעלייגט. און עס הויבן זיך אָן די שרעקלעכע שחיטות, הריגות און פארגוואלדיקונגען, ווי עס וועט פאר־צייכנט ווערן אין א באַזונדערן קאַפּיטל אונטערן נאָמען „עמק הבכא״.

נאָך דער מלחמה ברעכט אויס די רעוואָלוציע אין רוסלאנד (1917).

ניקאָלאַי און זיין פאמיליע ווערן דורך איר גע׳פּטר׳ט. און נאָך זיין פּטירה ווערט פּוילן און אוקראַינע א בלוטיקער גיהנום. אידן ווערן אין די הונ־דערטער טויזנטער אויסגעקוילעט. און די רוצחים זאָגן נאָך זיי צדוק הדין...

ה. תרכ״ד — 1864 — דער געבורט פון מנחם מ. אוסישקין.

מ. מ. אוסישקין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תרכ״ד, דערצויגן גע־וואָרן אין א רעליגיעזער סביבה, און פארבליבן א רעליגיעז געשטימטער ביז׳ן היינטיקן טאָג. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען א עקסטרעם רעלי־גיעזער, א שומר שבת, א נזהר אין כשרות, און אויך דאווענען דריי מאָל א טאָג. ער איז געווען דער ליבלינג פון ר׳ שמואל מאָהילעווער ז״ל, און פון אלע די רבנים, וועלכע זיינען געווען אָנהענגער אין דער חבת ציון בא־וועגונג.

אין יאָר תרצ״ד, האָט דאָס נאַציאָנאַלע אידנטום געפייערט זיין זי־בעציק יאָריקן יובילעאום. אוסישקין האָט אָבער פארדינט ס׳זאָל געפיי־ערט ווערן זיין גייסטיקער נאַציאָנאַלער יובילעאום.

50 יאָר שטייט אוסישקין ווי א טרייער סאָלדאט אויפן פּאָסטן פון דער נאַציאָנאַלער באוועגונג. ער איז דער רוח החיה פונם קרן קימת. ער איז זיך מוסר נפש פאר אים. ערשט צופּאָר מיט 5 יאָר איז אוסישקינען געלונ־גען אריינצוברענגען אינם רשות פון נאַציאָנאַלן פארמעגן דעם עמק יזרעאל, עמק השרון און עמק עכו.

מערערע עפּיזאָדן ווערן איבערגעגעבן וועגן אוסישקין, וועלכע קרים־טאַליזירן זיין כאראקטער און זיין אידיש נאציאָנאַלן גייסט.

אין יעקאטערינאסלאוו — ווערט דערציילט — אז אוסישקין, וועל־כער איז געווען פארגעטערט ביי אלע „חובבי ציון״, איז פּלוצים א חתן געוואָרן פאר דעם באקאנטן אינזשעניער סערגיי פּאוולאָוויטש פּאליים אַ טאָכטער. דער שידוך האָט יעדן פון די חובבי ציון אריינגעבראכט ניט נאָר אין א דערשטוינונג, נאָר אויך אין דער גרעסטער אנטוישונג. די אַנטי־חובבי׳ניקעס האָבן געפונען א שעת הכושר מיט זיי, מיט די חובבי ציון, זיך צו רייצן: „זעט! — האָבן זיי געזאָגט — אייער ליבלינג, מיט וועלכן איר האָט שטאָלצירט צוליב זיין רעליגיעזער שטימונג, ווערט א חתן פאר דעם אסימילאטאָרס אַ טאָכטער, פארקויפט זיין נפש, זיין גאנצע פרומקייט פאר געלט״. ס׳איז ניט לאנג פאריבער, און אין יעקאַטערינאסלאוו איז באקאנט געוואָרן אז סערגיי פּאוולאָוויטש פּאליי, דער אסימילאטאָר, האָט

ארויסגעוואָרפן אַלע טרפה'נע כּלים, אריינגענומען כּשר'ע; אָנגעשלאָגן מזוזות אויף אַלע טירן, און אויך זיך פאַרשאַפט אַ אידישע ביבליאָטעק.

די חתונה איז געפייערט געוואָרן אויף אַן עכט רעליגיעזן אופן. אַלע פרומע געלאַדענע, רבנים, שוחטים, כּלי קודש, האָבן זיך אויף דער חתונה משמח געווען. דעם אינזשעניערס אַלטער פאָטער, וועלכער האָט דאַנקענד זיין זונס אַסימילאַטאָרישע אויפפירונג פון אים זיך אָפּגעזאָגט, האָט אויף דער חתונה געוויינט פאַר גרויס שמחה, ארויפגעפאַלן אויף אוסישקינס האַלז און מיט טרערן־פולע אויגן אים געקושט און געזאָגט: „אין דיר, מיין קינד, איז דאָ דער שורש פון אליהו הנביא, דו האָסט צוריקגעקערט דאָס האַרץ פונם פאָטער צום זון, און דעם זונס — צום פאָטער".

אינם יאָר פון די שרעקלעכע אַב־געשעענישן, אוסישקין האָט זיך ניט לאַנג צוריקגעקערט פון אויסלאַנד. אום ערב ראש השנה האָט אוסישקין באַשטימט צו דאַווענען מנחה ביים כּותל מערבי. געגאַנגען איז ער אַהין נאָר מיטן שמש. זיין געמיט איז געווען זייער נידערגעשלאָגן. און קומענדיק אין דער ינאָנטקייט פון עטלעכע שפאַן צום כּותל האָט ער דערזען ווי אַ בּכבודיקער זקן מיט אַ שיינעם הדרת פּנים האָט זיך דערנענטערט צום כּותל, און אָנגעהויבן קושן די שטיינער; אוסישקין האָט ניט געוואָלט שטערן דאָס ציטערדיקע פייערלעכקייט פון דעם בּכבודיקן פּאַטריאַרך אין וועלכן ער האָט דערקענט ר' חיים זאָנענפעלד, זכרונו לברכה, און איז געבליבן שטיין פון וויטנס.

ר' חיים זאָנענפעלד האָט אים דערזען און דערקענט. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו אים און אַ זאָג געטון: „זייט ניט פאַרצווייפלט, ליבער אוסישקין, דאָס וועט אויך פאַריבּערגיין; עס וועט זיי ניט העלפן". און ער דערמאָנט אים וועגן דער אגדה וואָס ווערט דערציילט אין וויטעבּסק, אַז ווען דער לאַדיער רבּי, דער בּעל התניא, איז פון דער רוסישער רעגירונג אַרעסטירט געוואָרן האָט מען אים געבּראַכט קיין וויטעבּסק אים ערב שבּת פאַרנאַכט. „דיין בּאָבּע האָט זיך פאַר אים משתדל געווען מ'זאָל אים אויף איר אחריות לאָזן שבּת האַלטן בּיי איר אין הויז. און זי האָט גע'פּועל'ט. דער לאַדיער רבּי האָט זי דערפאַר געבּענטשט מיט אירע קינדער מיט אריכות ימים. און די בּרכה ווערט מקוים. אויך דיין פעטער איז נפטר געוואָרן בּשיבה טובה. (ר' אברהם אבּא אוסישקין, זיין פעטער, איז נפטר געוואָרן אין ירושלים אין יאָר תרנ"ז אַלט ווערנדיק 84 יאָר). זעץ פאָר דיין אַרבּעט,

דיין געטריי איבערגעגעבענע ארבעט צום אויפלעבן פונם אידישן לאנד און אידישן פאָלק".

דערפון איז צו זען ווי ווייט אוסישקין איז באליבט געווען ביי אלע קלאסן, אפילו דער רב זאָנענפעלד, וועלכער איז ווי באוואוסט ניט געווען גענייגט צום ציוניזם צוליב זיינע רעליגיעזע אנשויאונגען האָט דאָך סימפאַטיזירט מיט אוסישקינען און אים רעספעקטירט.

פארן זיבעטן קאָנגרעס ביי דער אוגאנדא באוועגונג, איז אוסישקין אָפגעפאָרן צום קאָנגרעס. פונקט אינם טאָג פון זיין אָפפאָרן זיינען געפערלעך קראנק געוואָרן זיינע צוויי קינדער: דער בן יחיד און די בת יחידה. אוסישקין האָט פארזאָגט זיין פרוי זי זאָל אים ניט מיטטיילן וועגן דעם גאנג פון דער קרענק, ניט אויף גוטן און ניט, חלילה, אויף שלעכטן, כדי עס זאָל אים ניט שטערן צום קאמף וואָס ער וועט אָנפירן קעגן אוגאנדא. אויך דאָס באווייזט אונז ווי ווייט אוסישקין איז איבערגעגעבן צו אונזער נאציאָנאלער אויפלעבונג, אז אפילו דער גורל פון זיינע געליבטע קינדער האָט אים ניט אָפגעהאַלטן אויף ניט בייצוזיין דעם מאָמענט ווען די פארהאַנדלונג וועט פאָרקומען. דער גורל פון אידישן לאנד האָט איבערגעוואויגן דעם גורל פון זיינע קינדער.

ווי ליב און טייער איז ביי אים די אידישע טראדיציע, קאָן דינען דער פאקט:

אוסישקין האָט זיך איינמאָל פאָטאָגראפירט ביי א באוואוסטן אידישן פאָטאָגראף אין ירושלים, וועלכער האָט זיין בילד ארויסגעהאַנגען אינם שוי-פענסטער. אין א צייט ארום האָט דער פאָטאָגראף אָנגעהויבן ארבעטן אום שבת. ווען אוסישקין האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער אים געשיקט זאָגן ער זאָל גלייך ארויסנעמען זיין בילד פונם שוי-פענסטער. דער פאָטאָגראף האָט גלייך אויפגעהערט צו ארבעטן אום שבת.

אוסישקין איז ניט נאָר א נאציאָנאַלער איד, נאָר אויך א טראדיציאָנעלער איד און ער איז מחייב פיל פון אונזערע נאַציאָנאַלע אידן... צו זיין זיבעציק יאָריקן יובילעאום, איז באשטימט געוואָרן פון די אָנגעזעענע ציונים, און אויך פון די געערטע ארץ ישראל'דיקע רבנים, ווי הרב שלמה הכהן אהרנסאָן, הרב בן-ציון עוזיאל, הרב יעקב נאכט, הרב קוק, צו גרינדן א דאָרף אויף זיין נאָמען „כפר אוסישקין".

און זאָל עס זיין א פארדינטער שכר פאר זיין מסירת נפש צו דער עבודה פונם קרן קימת. די רבנים האָבן לכבוד דעם „מפעל" מקדיש געווען

מערערע ארטיקלען אינם „ההד״, אין וועלכע אוסישקין ווערט פאָרגע־שטעלט אלס דער אדם המעלה און איש המעשה.

**ה. תרכ״ה—1865 — ה. תרכ״ו—1866.** — קארל פון האָ־הענצאלערן ווערט קעניג אין רומעניע. עס ווערט געגרינדעט אין פראנקפורט

אם מאין א חברה „ישוב ארץ ישראל״ דורך דעם גאון ר׳ צבי הירש קאלי־שער.

# די אידן אין רומעניע

די צוויי קליינע לענדערייען, מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע, האָבן נאָכ־דעם, ווען בעסאראביע איז צוגעטיילט געוואָרן צו די זעלבע אין יאָר 1858, זיך פאראייניקט און באקומען דעם נאָמען רומעניע, וועלכע געפינט זיך אין זיד־אייראָפּא.

דאָס לאנד איז אין דער צייט פון דער רוימישער מלוכה, פון דער זעלבער באשטימט געוואָרן פאר א קאנצענטראציאָנס־און פארשיקונגס־אָרט פאר אלע פאַרברעכער. די קינדער פון די פארשיקטע האָבן זיך אַסי־מילירט מיט די ציגיינער וועלכע פלעגן ארומוואנדערן אין די סטעפּעס פון יענעם אָרט, חתונה געהאט פאר זייערע טעכטער, און פון די קינדער קומען ארויס די רומעניער, וועלכע זיינען אונז גענוג באקאנט מיט זייער אכזריות׳דיקן אנטיסעמיטיזם.

אידן זיינען געווען אין רומעניע נאָך איידער דאָס לאנד איז פון רוים באשטימט געוואָרן פאר די איצטיקע רומענישע שטאָלצע באיארן. לאנגזאם, לאנגזאם, האָבן אנגעהויבן אימיגרירן אידן פון די אלע לענדער ארום איר, פון טערקיי, פוילן, אונגארן, און זיי זיינען געוואָרן דער לעבנס־נערוו אויפן האנדלס־געביט. אידן זיינען פאררופן געוואָרן פון די רומע־נישע אדונים אין די טויזנטער און צענער טויזנטער, און זיי באשטימט אלס פאכטער און אויפזעער פון זייערע שענק־הייזער און גיטער אין די שטעט און דערפער, און זיי געגעבן אייניקע בירגער־רעכט. אידן האָבן זיך דאָרט באפעסטיקט, און נאָך ארויסגערופן פריינט און באקאנטע. דאָס חסידיזם, אין דער ערשטער אויפבליאונג, האָט דאָרט געפונען א גינסטיק פלאץ אויף איינצוואוואָרצלען און צעוואקסן זיך. מערערע חסידישע רבי׳ס האָבן זיך דאָרט באזעצט, און צוגעצויגן צו זיך א גרויסע צאָל חסידים.

די רומענישע שטאַטסמענער האָבן אנערקענט די גרויסע נוצן וואָס דאָס לאַנד האָט פון די חסידישע רבי׳ס, און זיי האָבן זיי ניט געשטערט, פאַר־קערט, נאָך געגעבן זיי פילע פריווילעגיעס. און אזוי ארום האָבן אידן געהאַט דאָרט א מקום מנוחה אלע יאָרן וואָס רומעניע איז געווען אונ־טערן פראָטעקטאראַט פון טערקיי; די פוילע רומענער בײ וועלכע דער גרעסטער און איינציקער וואונטש איז געווען צו פארנעמען רעגירונגס־שטעלעס, וועלכע האָבן זיך גוט באַצאָלט, האָבן — ווי געזאָגט — איבער־געגעבן אלע זייערע עסקים אין אידישע הענט. דער מסחר, די פאַבריקאַ־ציאָן, און אלע אנדערע צווייגן פון געשעפטן וואָס אנטוויקלען דאָס לאַנד, זיינען געווען אין אידישע הענט, און אידן האָבן געגרינדעט פאַך־אוניאָנס צו פארזיכערן און באַשיצן זייערע מיטגלידער.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דער מקום מנוחה... צום ענדע פון אכטצענטן יאָרהונדערט, ווען די גרויסע עמיגראַציע פון גאַליציע און רוסלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, און עס איז געוואָרן א גרויסער איבערפלוס פון אידישער אימיגראַציע אין רומעניע, איז די מאַטעריעלע לאַגע פון די אידן אין לאַנד, ביז גאָר געבראָכן געוואָרן, איבערהויפּט האָט זיך גע־פילט די נויט אין מאָלדאַוויע, וואוהין די גרעסטע טייל עמיגראַנטן האָבן אימיגרירט.

אין יאָר תר״ח—1848, אין דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין מערערע אייראָפּעאישע מלוכות, האָבן זיך די רומענער אויך אויפגע־כאַפּט פון זייער לעטאַרגישן שלאָף, אונטער דעם יאָך פון טערקיי, און האָבן זיך פארנעמען אראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך. די רומענישע אידן זיינען געווען צווישן די ערשטע צו שטעלן זיך אין פראָנט און קעמפן צוגלייך מיט די רומענער פאַר פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט. די לייטער פון דער רומענישער רעגירונג האָבן זיי פארשפּראָכן פאַר זייער איבערגע־בנקייט און פּייערדיקן פּאַטריאָטיזם, צו געבן בירגער־רעכט. און די ענדע איז געווען, די רומענער האָבן זייער פרייהייט דערגרייכט, און די אידן? נו, ווי זייער מזל איז, מען האָט זיך געהאַלטן מיט דער פארשפּרעכונג און פארבליבן דאָרט רעכטלאָזיקע ביז היינט צו טאָג, מיט א קליינער אויסנאַם.

ווען קאַרל פון האָהענצאָלערן האָט באַשטיגן דעם רומענישן טראָן, תרכ״ו—1866, האָט ער זיין רעגירונג באַנייט מיט גזרות אויף אידן, ארויסגעטריבן זיי פון די דערפער, און דערמיט צוגענומען דעם קוואַל פון פרנסה בײ טויזנטער אידן. דעם האַנדל באַשרענקט, אין די מלוכה־

שולן האָט מען אידישע קינדער ניט צוגענומען. און די מאסע איז געוואָרן ווי א ווילדע חיה מיט איר כסדרדיקן איבערפאַל אויף אידן. מערערע זיינען אויף א מערדערישן אופן פארפאָלגט געוואָרן, אין גאלאץ זיינען אידן אין דער דאנוי דערטרונקען געוואָרן. אידן האָבן זיך געווענדעט צו די אייראָפּעאישע גרויסמעכטע און געבעטן ביי זיי הילף, אָבער זייער קול איז געווען א קול קורא במדבר.

אין יאָר תרל״ח—1878, נאָך דער מלחמה פון רוסלאנד מיט טערקיי, ווען אין בערלין, — וואו די רעגירונגס-בעפאלמעכטיקטע האָבן זיך פארזאמלט און געשאפן דאָרט דעם געוויסן בערלינער טראקטאַט, — איז דורך דער פארמיטלונג פונם ענגלישן בעפאלמעכטיקטן ביקאנספילד אריינגעשריבן געוואָרן א פונקט, אז די רומענישע רעגירונג דארף די אידן געבן בירגער-רעכט, און רומעניע האָט פארשפּראָכן און האָט דעם פונקט ניט אויסגעפאָלגט... און דאָס איז דאָך באוואוסט, אז בנוגע די עולה וואָס מען באגייט קעגן אידן נעמען זיך די געקרוינטע קעפּ און סתם מלוכה׳שע פירער, גאָר ווייניק וואָס צום הארצן... און אָט וואָס עס שרייבט וועגן רומע-ניע, דר. יוסף קיסמאן: „אין דעם קליינעם לאנד רומעניע — ווי ס׳איז געווען פאר דער וועלט-מלחמה — וואָס האָט פארמאָגט ניט מער ווי זיבן מיליאָן איינוואוינער, צווישן זיי א פערטל מיליאָן אידן, איז די אידישע פראגע געווען א אָפּיציעלע, איבער וועלכער די גרעסטע מלוכה-מענער האָבן זיך געבראָכן זייערע מיניסטער-קעפּ. ס׳איז ארויפגעשוואומען די פראגע: זיי-נען אידן מענטשן, קומט זיי מענטשן-רעכט? זיינען אידן בירגער, קומט זיי בירגער-רעכט?

די רומענישע אליגארכישע רעגירונגען פון פאר דער מלחמה-צייט האָבן געענטפערט: „ניין״! ניט קיין מענטשן, און ניט קיין בירגער. און האָבן דער אידישער באפעלקערונג ניט געגעבן ניט קיין בירגער-רעכט, און ניט קיין מענטשן-רעכט. אידן האָבן געהאט אריבערצוטראָגן אלע פליכטן אלס בירגער פון רומעניע, אויך מיליטער-דינסט, זיי האָבן אָבער ניט פארמאָגט דאָס פרימיטיווסטע רעכט, צו לעבן און צו אטעמען פריי. זיי האָבן ניט געהאט קיין צוטריט צו קיין פרייע פּראָפעסיעס, אויסער מעדיצין, ווייל ס׳איז צו ווייניק דאָקטוירים געווען אין לאַנד. זיי האָבן אלס בעלי-מלאכות און ארבעטער ניט געקאנט אננעמען קיין מלוכה׳שע ארבעטן. זיי האָבן ניט געקאָנט קויפן קיין ערד. זיי האָבן אפילו ניט גע-האט קיין וואוינרעכט אין קיין שום אָרט פון לאנד. מען האָט זיי יעדן טאָג געקאנט ארויסטרייבן. מיר, דעם שרייבער פון דער כראָנאָלאָגיע, אלס א

רומענישער געבוירענער, איז גוט באַקאַנט דאָס אכזריות פון מערערע גירושים...

און ס׳איז געקומען די מלחמה פונם 8-77 יאָר, און אין בערלינער טראַקטאַט נאָך דער מלחמה איז ארויפגעשוואומען די פראַגע. א שווער שטיקל מהרש״א איז די פראַגע געווען פאַר אַלע גרויסע פּאָליטיקער. עפּעס איז מען דאָך געבונדן געוואָרן מיט אינטערנאַציאָנאַלע התחייבות׳ן קעגן די אידן, און א פּונקט וועגן בירגער-רעכט די אידן איז דאָך אין טראַקטאַט ארייננעפירט געוואָרן. ווי אזוי זשע פאררעדט מען דער וועלט די ציין, אז אידן אין רומעניע האָבן מענטשן-רעכט, בירגער-רעכט און אַלדאָס גוטס?.. אָבער נישט קשה, די רומענישע מלוכה-מענער, האָט זיך איינגע-געבן אין פולער מאָס צו בארויקן דאָס אייראָפּעאישע געוויסן דורך ווילדע, אומגעלומפּערטע שקרים, וואָס די אליגאַרכיע האָט צוזאַמענגע-שטעלט... לויט ווי מיר איז באַקאַנט האָבן אין משך פון די יאָרן ביז דער וועלט-מלחמה געציילטע צענדליקער אידן באַקומען בירגער-רעכט. און ס׳איז געקומען די וועלט-מלחמה, וועלכע האָט פאַר רומעניע געבראַכט א איבערבּרוך סיי אין עקאָנאָמישן און סיי אין פּאָליטישן לעבן. רומעניע האָט געוואונען דריי גרויסע פּראָווינצן: טראַנסילוואַניע, בוקאָווינע און בעסאַראַביע. די באַפעלקערונג פון רומעניע איז געוואַקסן פון זיבן מי-ליאָן אויף זיבעצן מיליאָן; די צאָל אידן האָט זיך פארגרעסערט פון א פערטל מיליאָן כמעט אויף א מיליאָן, און דאָ האָט געמומען א ענדערונג אין דער אידן-פראַגע. די אידן פון אַלט-רומעניע האָבן באַקומען בירגער-רעכט.

דער ביין איז פאַר רומעניע געווען א האַרטער, זי האָט אים אָבער געמוזט אראָפּשלינגען... אויך די אידן פון די אקופּירטע פּראָווינצן זיינען געבליבן ביי זייערע רעכטן. און וואָס איז געוואָרן פון די אַלע רעכטן? דאָס איז אונז אַלעמען גוט באוואוסט. דער נאַד הדמעות איז ניט אויס-געטרוקנט געוואָרן דאָרט. דער אנטיסעמיטיזם בושעוועט דאָרט ווי א שרעקלעכער שטורם. די מלאכי חבלה׳דיקע קוזיסטישע סטודענטן פאַלן איבער זייערע אידישע קאָלעגן און שלאָגן און הרג׳ענען. די נייע כוואַליע פון פאַשיזם האָט פארפלייצט גאַנץ רומעניע. אידן טרינקען זיך דאָרט אין בלוט, די רעגירונג שטרעקט, אויס צומאָל א שטרוי אויף צו רעטן זיך, די אידן כאַפּן זיך אין איר אָן, און שווימען מיט איר אוועק אין א גרעסערן שטראָם... לעצטנס איז אויך צוגעקומען א נאַציסטישע כוואַליע... „סדנא דארעא חד היא״...

# ר׳ צבי הירש קאַלישער

דער ערשטער פון אלע פרומע רבנים, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג איז געווען דער גאון ר׳ צבי הירש קאַ-לישער, מיט וועלכן ס׳איז כדאי צו באַקענען זיך.

ר׳ צבי הירש קאַלישער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקנ״ה—1795, אין דער שטאָט ליסא, אין דייטשלאַנד. ווען ער איז נאָך גאָר א יונגער מאַן געווען האָט ער שוין ארויסגעוויזן זיין חריפות און בקיאות אין תלמוד מיט אלע זיינע נושאי כלים. ער איז געווען א תלמיד מובהק ביי ר׳ עקיבא איגר. ער האָט פאַרפאַסט א פירוש אויפן „חשן המשפט" מיטן נאָמען „מאזנים למשפט". שאַפנדיק זיך א גרויסן נאָמען צווישן אלע גדולים אין זיין דור; נאָך מער איז ער געשעצט געוואָרן פאר זיין ניט וועלן נעמען קיין געהאלט פאר זיין רבנות וואָס ער האָט אָנגעפירט. ער איז געווען א ערלעכער סוחר און פון מסחר געהאַט זיין פרנסה. דער איינ-ציקער וואונטש אין זיין לעבן איז געווען אקעגנקומען מיט הילף צום פאָלק און עם דערהויבן סיי בגשמיות און סיי ברוחניות. ר׳ צבי הירש קאַלישער איז געווען אויסער א תלמודיסט אויך א טיכטיקער העברעאישער שרייבער. זיינע פילע מאמרים וואָס ער האָט געשריבן אין פאַר-שידענע צייטונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ריינער שפראַך, סטיל און לאָגיק.

זייענדיק פערציק יאָר רב אין טארן, שלא על מנת לקבל פרס, און ווען די אידישע געמיינדע האָט אים צוגעטראָגן א מתנה ביי דער חתונה פון זיין טאָכטער, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט זי צו נעמען. ער האָט אנטייל גענומען אויסער אין כלל פאָלקס-ארבעט, אויך אין געזעלשאַפטלעכער, זיך געזאָרגט פאר די טויזנטער אָרימע לייט וועלכע זיינען געקומען קיין טארן בעטן הילף. אין יאָר תק״ץ—1830, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון ישוב ארץ ישראל, האָט ער זיך איבערגעשריבן וועגן דער באַוועגונג — אינם רעליגיעזן זין — מיט ר׳ עקיבא איגר און ר׳ משה סופר. ר׳ צבי הירש קאַלישער האָט די אידישע ישועה געפונען נאָר אינם צוריקקערן אין אידישן לאנד, ווי די נבואה פון די חוזים האָט אָנגעדייטעט, און באַשטימט, אז דאָס צוריקקערן דאַרף ניט קומען דורך אותות און מופתים. און עס ליגט א חוב אויפן אידישן פאָלק — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — אָפּרייניקן ארץ ישראל פון דעם שטויב וועלכער האָט זי באַדעקט אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, און די „נדחי ישראל" זאָלן

זיך צוריקקערן אהין זי צו באַארבעטן. אין זיינע ספרים „דרישת ציון", און „שלום ירושלים" ווייזט ער איבער די קדושה פון דער אידעע פון דער תורה, פון די נביאים און פון די חז"ל, אז ס'איז נויטיק צו דער־ווייטערן אידן פון נאכלעסיקייט און ווינט־געשעפטן, און זיי איינגעוואוי־נען מיט פיזישע ארבעט אין ארץ ישראל. ס'איז זעלבסטפארשטענדלעך אז ר' צבי הירש קאלישער האָט פאר דער אפיקורסישער אידעע זיך דער־וואָרבן פיל שונאים צווישן די תמימים וועלכע האָפן אויף דער אידישער גאולה נאָר דורך נסים, אויף דעם עני ורוכב על החמור, וועלכע פאר־שטייען עס פשוטו כמשמעו. ר' צבי הירש קאלישער האָט זיך, אָבער ניט איבערגעשראָקן פאר זיי, און געפירט אַ מלחמת מצוה מיט קלאָרע אי־בערצייגונגען, און האָט זיי — ווען אויך ניט געוואונען אויף זיין זייט — אָבער דאָך שטיל געמאכט. אין דעם משך פון מערערע יאָרן קאָרעספּאָנ־דירט ער מיט די גרעסטע און רייכסטע פונם אידישן פאָלק, אין אלע גלות־לענדער; צוגעצויגן צו זיך דעם פראָפעסאָר גרעץ און משה העס, און זיי האָבן אים פיל מיטגעהאלפן אין דער הייליקער ארבעט.

אין פיל שטעט אין פארשידענע לענדער האָבן זיך געגרינדעט חברות וועגן ישוב ארץ ישראל, און ר' צבי הירש קאלישער איז געווען דער רוח החיה אין די חברות. ער האָט אויפגעמונטערט די חברה „כל ישראל חברים", אונטער דער פירערשאפט פון דעם פראנצויזישן אידישן מינים־טער קרעמיע, צו גרינדן דעם מושב „מקוה ישראל", וועלכער איז געוואָרן דער ווינקלשטיין צום ישוב. אויך משה מאנטעפיארע איז געוואָרן זיין אינטימער פריינט דאָס גאנצע לעבן זיינס.

„אין דער גאולה פונם לאנד איז אָפהענגיק די גאולה פונם פאָלק". די דאָזיקע פראזע איז געווען זיין „מאטא" צו אלעם וואָס ער האָט גע־שריבן און גערעדט; מיט דער גאנצער ענערגיע געפירט א קאמף קעגן די קליין־קעפיקע פרומאקעס וועלכע פארלאָזן זיך נאָר אויף גאָט און ווילן ניט וויסן פון דער באוועגונג וואָס קומט דורך מענטשן. ער האָט זיי איבערגעוויזן פון פיל ערטער אין תלמוד און פונם זוהר, אז מיר זיינען פריער מחויב אנצואווענדן אונזערע כחות אויפצולעבן דאָס לאנד, און נאָכדעם וועט אונז אויך גאָט קומען צוהילף.

„פארוואָס — האָט ער צו זיי געשריבן — זאָלן מיר זיין נידעריקער אין פארשטאַנד פון אלע אנדערע פעלקער, וועלכע גיבן אוועק זייער לעבן, פארגיסן זייער בלוט פאר זייער לאנד. באטראכט נאָר דו עם חכם ונבון, די איטאליענער, די אונגארן, די רומענער, די סערבן און גריכן, ווי

אזוי זיי האבן זיך געאפפערט פאר זייערע לענדער; און דו, ישראל, דער געוועזענער בעל-הבית פונם הייליקן לאנד, זיצסט און שווייגסט און קוקסט גלייכגילטיק זיך צו ווי דאס לאנד איז איבערגעגעבן אין פרעמדע הענט; זיצסט און וואַרטסט. דער רבונו של עולם זאל עס דיר אקעגנטראגן. איז שוין אין דיר, ישראל, דער לעצטער נאציאנאלער פונק פארלאשן געווארן? אוי, וועלכער ווייטיק, וועלכע בושה און שאנדע!" און אט די ווערטער זיינען אויך פון אים אויסגעדריקט געווארן אין איינעם פון זיינע ספרים.

ר' צבי הירש קאלישער איז נפטר געווארן אין תרל"ה—1875, אלט זייענדיק אכציק יאר. ער איז פארצייכנט געווארן אין דער היסטאריע אונטער דעם נאמען „ראשון לציון".

זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „דער וואס טונקט איין די פעדער צו שרייבן קעגן ישוב ארץ ישראל, איז גלייך ווי ער טונקט איין די פעדער אינם בלוט פונם אידישן פאלק".

ה. תרכ"ה — 1865 — דער געבורט פון דר. חיים זשיטלאווסקי.

איך האב געפונען פאר וויכטיק צו כראנאלאגירן די געניאלע פערזענלעכקייטן, וועלכע האבן זיך אויסגעצייכנט אין דער מאדערנער, סיי אידישע און סיי העברעאישע ליטעראטור, מיט זייער קולטורעלע, ליטערארישע און וויסנשאפטלעכע קראפט צו שאפן אדער פארשטארקן יעדע באוועגונג, אן אונטערשיד פון שטרעבונג אדער קלאס, וואס פירט צו פראגרעס.

דר. חיים זשיטלאווסקי איז איינער פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן, וואס זיין ליטערארישע, וויסנשאפטלעכע און געזעלשאפטלעכע ארבעט נעמט ארום פיל פארשידענע געביטן פונם מאדערנעם לעבן, פון דער הייניטיקער קולטור. זיין פארשונגס-ארבעט, זיין אינטעלעקטועלע פירערשאפט, רירט אן פילע פונקטן אין די וויכטיקסטע סאציאלע און נאציאנאלע פראבלעמען; דר. חיים זשיטלאווסקי איז אויך א פילאזאף, וועלכער באהאנדלט פארשידענע פראבלעמען אויף א פילאזאפישן שטייגער.

זשיטלאווסקי איז געבוירן געווארן אין אושאטשי, א שטעטל אין וויטעבסקער גובערניע, אין יאר 1855. און ווען אויך די אטמאספערע, אין וועלכער ער האט זיך דערצויגן, איז געווען א חסידישע, זיין פאטער איז געווען א ליבאוויטשער חסיד, האט אבער אין דער אטמאספער ארייגעבלאזן א השכלה-ווינטל; זשיטלאווסקיס פאטער, ווי עס באשרייבט ניגער, איז שוין געווען א פארקערפערונג פון א וואונדערלעכער צונויפפארונג פון

חסידות און השכּלה. און זיין זון, דער שפּעטערדיקער סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער, איז באַשערט געווען צו דערצויגן ווערן אין א חסידישמשכּילישעם, און אויך אַ בעל הבּית׳יש-נגידישעם הויז, אין וועלכן עס האָט זיך געהערט קרעכצן און בקשות פון אָרעמע קרובים און סתם אָרימע לייט. און דאָס האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, און באַקומען זיינע איינדרוקן פונם אידישן לעבן, פון זיינע סאָציאַלע סתּירות און סאָציאַלע נויטן. איך וועל דורכלאָזן זיינע איבערלעבונגען, ווי ער אליין באַשרייבט אין זיין „בלעטל זכרונות" און איך וועל נאָר דאָס דערמאנען, אז פונם אידישן חדר, אין וועלכן ער האָט באַקומען א גאַנץ היבּשע ידיעה אין דער העבּרעאישער ליטעראטור, איז ער אריין אין רוסישן ראַדיקאַלן לאַגער, און מיט דעם גרעסטן חשק געלייענט די רוסישע ליטעראַטור. און אַט וואָס ער שרייבּט וועגן זיך: „איך בּין זיך מודה, אז אין מיין גאָר גרינער יוגנט, ווען איך בין מיט מיין גאנצן הארצן צוגעגאַנגען צו דעם ראַדיקאַלן לאַגער, האָבּ איך אויך געגלויבּט, ווי אַלע אנדערע פון דעם לאַגער, אז צווישן „איד" און „מענטש" ליגט אַ טיפער תּהום, — מיט קיין בּריק ניט צו פאַרבּויענדער תּהום; אז מען מוז אויסקלייבּן „הין" אָדער „הער", און אז דער „איד" דאַרף געבּראַכט ווערן פאַר א קרבּן צו דעם „מענטשן". ווייניקסטנס איז איין זאַך געווען קלאָר פאַר מיין יונגן מח און האַרץ, אז וואָס מער מענטש איינער איז, אַלץ ווייניקער איד איז ער, אַלץ ווייניקער האָט ער זיך צו קימערן וועגן דעם שיקזאַל פון זיין פאָלק, אַלץ ווייניקער האָט ער צו טראַכטן וועגן דער אידישער לאַגע, און דער אידישער צוקונפט. און צוריק, וואָס ווייניקער איד איך בּין, וואָס פרייער איך בּין פון אידישע טראַדיציעס, וואָס ווייטער פונם אידישן לעבּן, וואָס גלייכגילטיקער צו די אינטערעסן פון מיין פאָלק, וואָס איבּערגעגעבּענער צו דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס, אַלץ העכער שטייגט מיין „איך" אויף דעם לייטער פון דער מענטשלעכקייט". אָבּער לאַנג האָט ניט געדויערט די דאָזיקע פאַרבּלענדעניש פון דער השכּלה ווי זי האָט צו יענער צייט אַזעלכע ווערטער געפּרעדיקט... די „שכּרות פּעריאָדע" האָט זיך געענדיקט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבּן דער אויסניכטערונגס-פּעריאָד פון די שווידערלעכע פּאָגראָמען אין אָנהויב פון די אכציקער יאָרן. די פּאַסירונגען האָבּן אים אויף אַזוי פיל צעטרייסלט, אז ער איז געוואָרן א בעל תּשובה, געשלאָגן זיך „על חטא" אויף די פאַרבּרעכערישע געדאנקען קעגן זיין פאָלק, און געוואָרן באַזאָרגט וועגן גורל פון אידן און אידישקייט... ער איז געוואָרן א רעוואָלוציאָנער, אָבּער א אידישער רעוואָלוציאָנער, מיט אַ אידישן

בליק. לעבנדיק אין טולע, א ריין רוסישע שטאָט, האָט ער בשום אופן ניט מסכים געווען מיט די רעוואָלוציאָנערישע נאַראָדאָוועצעס, וועלכע האָבן פּראָפּאַגאַנדירט, אַז די פּאָגראָמען זיינען אַן אויסברוך פון דער סאָציאַ־לער רעוואָלוציע. אַזאַ רעוואָלוציאָנערן קוק אויף אידן איז א געמיינער שקר, וועלכער קאָן אויך ברענגען די גרעסטע סכנה פאַר אידן. עס האָבן אָנגעהויבן אויפצוואַוואַכן אין אים נאַציאָנאַלע געפילן. עס האָבן אָנגע־הויבן אים צו אינטערעסירן די אידישע סטודענטן, וועלכע האָבן געוואָרפן די אוניווערזיטעטן, און געפאָרן קיין ארץ ישראל ווערן ערד ארבעטער. עס האָט אים געצויגן צו זיי. זאָל דאָ אויך דערמאַנט ווערן זיין באַקענען זיך מיט שלמה זאַנוועל ראַפּאָפּאָרט — ש. אנס״קי. עס איז געוואָרן צווישן זיי א פריינטשאַפט אויפן גאַנצן לעבן. זיין באַקאַנטשאַפט און חבר׳שאַפט האָט זיך אָנגעהויבן, ווען זשיטלאָווסקי איז אַלט געווען 13 יאָר, און אָנ־געהאַלטן דאָס גאַנצע לעבן פון אנסקין. ווען זשיטלאָווסקי האָט פאַר־לאָזט טולע און צוריקגעקערט אַהיים קיין אושאַטשי, האָט ער זיך אָנגע־הויבן צוקוקן צו אַלץ וואָס קומט פאָר אין דער וועלט פון די „חובבי ציון״. ער לייענט די פּראָטאָקאָלן פון דעם צוזאַמענפאָר אין קאַטאָוויץ. די פּראָ־טאָקאָלן געפעלן אים, דערהויפּט יענע שטעלן וואו עס רעדט זיך וועגן די סאָציאַלע סבות פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וועגן אונזער שטאַטישן קרע־מערישן לעבן, וועגן די לופט פרנסות, אים איז באַזונדערס סימפּאַטיש די אידייע פון אומקערן זיך צוריק צו דער נאַטור, די אידייע פון אידישער ארבעט. זשיטלאָווסקי האָט אָבער זיך ניט צופרידנגעשטעלט דערמיט וואָס די חבת ציון באַוועגונג האָט נאָך זיין מיינונג געטראָגן א צו רעליגיעזן כאַראַקטער. זשיטלאָווסקי איז דאָך א רעוואָלוציאָנער... ער איז אָבער געטריי דעם אידישן פאָלק, און באַגייסטערט פון זיין עבר.

און אָט וואָס ער אַליין שרייבט וועגן דעם: „איך האָב אָפּגעפרישט אין זכרון מיין חדר לומדות, איך האָב מיך אריינגעוואָרפן מיט מיין גאַנצן וויסנס־דורשט פון דער יוגנט, אין דעם גרויסן ים פון אונזער גייסטיקן עבר, — אין דעם ליכט פון מיין סאָציאַליסטיש־אידישער וועלט אָנשוי־אונג — איז ביסלעכווייז ארויסגעוואַקסן פון דעם דונקעל, א וועלט וואָס האָט מיך באַצויבערט דורך איר אינעווייניקסטער רייכקייט, קראַפט, און אומגעהויערער ראַלע, וועלכע זי האָט געשפּילט אין דעם לעבן פון אונ־זער פאָלק״... „און וואָס מער איך האָב געגומען שטודירן אונזער געשיכטע, וואָס מער איך האָב מיך פאַרטיפט אין די אומשטענדן, אין דעם לעבן פון די, וואָס האָבן זיי געשאַפן, אָדער אויסגעליטן אין זייערע געדאַנקען,

געפילן, חלומות, און שטרעבונגען, — איז פאר מיר געוואָרן אלץ מער קלאָר, אז מיר האָבן אין די פארגאנגענע דורות א סך מער אייביק־לעבנדע מענטשלעכקייט איידער פארשימלטן שטויב".

זשיטלאָווסקיס אני מאמין איז פאָלגנדער: 1) די דערהאַלטונג פונם אידישן פאָלק, קאָן ניט דערקלערט ווערן דורך פארפאָלגונגען און אויס־נאָמס־געזעצן, ווי דאָס טוט די אסימילאטאָרישע טעאָריע. 2) דער קיום פון דעם אידישן פאָלק, איז א פראָדוקט פון דעם נאַציאָנאַלן ווילן צו לעבן, און דעם קאמף פאר עקזיסטענץ. דאָס אידישע פאָלק האָט געהאָט א רעכט זיך צו דערהאלטן, ווי דער טרעגער פון א סאָציאַלן צוקונפט־אידעאל, וועלכער איז געווען אויסגעדריקט צוערשט פון די נביאים און דערנאָך ווייטער אנטוויקלט דורך די אסיים, וואָס זיי האָבן געמאַכט א פרואוו אים צו פארווירקלעכן, און וואָס זייער וועלט־אָנשויאונג לאָזט זיך דערקלערן דורך די קלאסן־קאָנפליקטן פון יענער צייט. 3) דאָס מיטל פון דעם אידישן פאָלק צו דערהאלטן זיך איז געווען — די תלמודישע און רבנישע געזעצ־געבונג, וואָס האָט אויפגעשטעלט אַ מויער און א צאָם ארום דעם פאָלק. 4) דער עול פון אָט דער שטרענגער געזעצגעבונג, נעמט אויף זיך דער יחיד, כאָטש ער איז פריי און דענקט זעלבסטשטענדיק, ווייל ער גלויבט, און ער וועט אים דארפן טראָגן נאָר ביז משיח וועט קומען. 5) דער גלויבן אין משיח'ן האָט פריער נישט געהאָט אין זיך קיין חוץ־לדרך־הטבע'דיקס, און ערשט דערנאָך ווערט ער מיסטיש, און פאָדערט אין דעם גלויבן פון וואונדער. 6) דער פרייער פילאָזאָפישער געדאַנק איז די גרעסטע סכנה פאר א נאציאָנאַלער עקזיסטענץ, וועלכע האַלט זיך אויף אזא מין יסוד, און די גאנצע אידישע רעליגיעזע פילאָזאָפיע זוכט בייצוקומען, אָדער ניט צוצולאָזן די דאָזיקע געפאר. שפינאָזאס און אקאָסטאָס מוזן ארויסגע־שטויסן ווערן. 7) עס דארף אויסגעארבעט ווערן א היסטאָרישע אידייען־פארבינדונג, אז דער אידיש־נאציאָנאַלער קיום איז מעגלעך נאָר אויפן יסוד פון א רעליגיעזן וואונדער־גלויבן, און אז דער וואָס פארלירט דעם גלויבן, מוז פארלייקענען אויך דעם זין, און די מעגלעכקייט פון א אידיש־נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ.

זשיטלאָווסקי האָט פאר די אויסגעשפּראָכענע אני מאמינ'ס וועלכע זיינען געווען אויספירונגען פון זיין ערשט ליטעראריש ווערק אין רוסיש מיטן נאָמען: „מיסלי אב איסטאָריטשעסקיך סודבאך יעווריעסט־ווא" (געדאנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פונם אידנטום) ארויסגערופן א קריטיק פון יהודה ליב קאנטאָר און אויך פונם היסטאָריקער ש. דובנאָוו.

עס קומט נאָכהער דער אויסלענדישער פּעריאָד פון חיים זשיטלאָוו־סקים לעבּן און טעטיקייט. זשיטלאָווסקי איז פאר אונז געוואָרן א פּער־זענלעכקייט פון גרויסן בּארוף, א מעין הנובע, פון וועלכן עס פליסט אָן א אויפהער פילאָזאָפישע געדאנקען. זשיטלאָווסקי איז שוין אפילו איצט ניט דער יחיד מיט זיינע רעוואָלוציאָנערישע אידייען, אָבער קיינער פון זיינע אידייען־געגנאָסן קאָן זיך צו אים נישט פארגלייכן; און צי מען איז איינ־שטימיק צי נישט מיט זשיטלאָווסקים דענקען, איינס מוז מען אָבער מודה זיין, אז ער איז א יחיד בּדורו מיט זיין ארט שרייבּן און דענקען.

**ה. תרכ"ו** — 1866. — די פּטירה פון מנחם מענדל ליבּאוויטשער.

איך האָבּ צופליים פארצייכנט אין דער כראָנאָלאָגיע דעם גרויסן חבּד"סקי חסיד'ישן רבּי'ן. ערשטנס כּדי צו בּרענגען אין קורצן די שיטה פון חבּ"ד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבּן פון ר' מנחם מענדלס זיידע ר' שניאור זלמן פון לאדי, דער „בּעל התניא" און „שלחן ערוך", וועלכער האָט זיך גערופן אויף זיין נאָמען: „דעם רבּ'ס שלחן ערוך"; צווייטנס, צו בּא־ווייזן דאָס ניט אויסגעהאלטנקייט פון די ליטווישע מתנגדים, וועלכע האָבּן געדרונגען, אז די חסידישע רבּיים זיינען קעגן זייערע רבּנים און גאונים, עמי הארצים. מיר וועלן זיך איבּערצייגן, אז כּמעט אלע זיינען געווען לומדים מופלגים, און זיי קענען אויך מיט רעכט בּאטיטלט ווערן מיטן נאָ־מען גאונים.

ר' מנחם מענדל איז געווען דעם „מיטעלן רבּינס", ר' דוב בּער, אן איידעם. געבּוירן געוואָרן צו זיין פאָטער ר' שלום שכנא, און זיך דערצויגן בּיי זיין זיידן ר' שניאור זלמן. זיין התמדה איז געווען צו בּאוואונדערן, ער איז בּאגאָבּט געווען מיט א וואונדערבּארן זכּרון. אלט זייענדיק פערצן יאָר איז ער שוין געווען א בּקי אין תּלמוד בּבלי און תּלמוד ירושלמי מיט אלע מפרשים, אין אלע שו"ת, אין אלע קבּלה ספרים און חקירה ספרים. תּנ"ך האָט ער געלערנט מיטן דקדוק. אין דער עלטער פון פערצן יאָר, האָט ער אָנגעהויבּן שרייבּן דעם „בּאור המשנה להלכה", בּיז צו די לעצטע פּוסקים, וועלכעס האָט פארנומען טויזנט בּויגן. נאָר א טייל פון זיי זיינען געדרוקט אין זיין ספר „צמח צדק" אויף וועלכנס נאָמען ער רופט זיך: דער „בּעל צמח צדק". פיל כּתב יד'ן זיינען אין יאָר תּרכ"ב פארבּרענט געוואָרן. פיל פון זיי זיינען פון זיינע חסידים צעשלעפּט געוואָרן אויף איבּערצושרייבּן. זיין התמדה אין לערנען האָט בּיי אים פארנומען די גאנצע צייט און ס'איז אים קיין צייט ניט געבּליבּן וועגן דעם עסק פון חסידות. ניט די טעאָריע פון דער זעלבּער, ווי אין די צייטן פונם רבּ, זיין זיידע און ניט פון

דער אויסטייטשונג ווי אין די צייטן פון זיין שווער, ר׳ דוב בער. איינ־מאָל — דערציילט די חסידישע היסטאָריע — האָט זיין שווער באפוילן זיין טאָכטער זי זאָל אים ברענגען זיין כתב יד, און ווען זי האָט אויסגע־פאָלגט און געבראכט, און ר׳ מנחם מענדל האָט זיך דערוואוסט, איז ער אזוי פיל אויפגעבראכט געוואָרן, אז ער האָט זי געוואָלט דערפאר אָפּ׳גט׳ן, און מיט שווערע מי איז געלונגען דעם שווער ר׳ דוב בערן שלום צו מאכן. ביי ר׳ מנחם מענדל איז די תורה געשטאַנען העכער פון תפלה, און נאָכ־דעם ווי ער איז געווען געצוואונגען דורך זיינע פילע פארערער צו פּראַ־ווען חסידות, האָט ער דאָס ערשטע פאר זיי געוויזן א נייעם וועג, מקדיש זיין די פרייע צייט צום תלמוד און דקדוקי סופרים. און ווען א חסיד איז געקומען צו אים ער זאָל אים ארויסגעבן א תשובה אויף זיינע חטאת נעורים, האָט ער אים געזאָגט: „לערן און דאוון"... די חסידים זיינען אפילו פון אזא תשובה ניט צופרידן געווען, זיי האָבן געגלויבט אז ער וועט ארויס־געבן א תשובה פון גלגול שלג, וכדומה. און ווען ער האָט ארויסגעזען ווי ווייט די חסידים זיינען להוט אינם טרינקען שארפע משקאות, האָט ער זיי אָנגעהויבן ביסלעכווייז אָפּגעוואוינען פון דעם. דאָס איז אים געלונגען און ער האָט זיי דערלויבט צו מאַכן קדוש נאָר שבת און יו"ט. ר׳ מנחם מענדל האָט א דאנק זיין „דרך התורה" געשאפן פיל חסידישע לומדים.

צווישן די גדולים, וואָס זיינען בארימט מיט זייער תורה און עבודה, איז ווערט צו דערמאַנען ר׳ הלל פאריטשער, ר׳ אייזיק האמלער, ר׳ נחום טוביה און נאָך מערערע. ווי געזאָגט, האָט זיך ר׳ מנחם מענדל אויסגע־צייכנט מיט זיין שכל הישר, מיט זיין ריינער לאָגיק, און ניט מיט דער פּאָעזיע וועלכע איז צו מערקן אינם חסידות פון דעם מיטלסטן רבי׳ן. אין דער קבלה האָט ער נאָר געזוכט צו דערקלערן די אומפארשטענדלעכע שטעלן. אָבער ניט, ווי די פאָרגענגער חסידישע רבי׳ס, צו אנטוויקלען זי. ס׳איז צום שטוינען און צו באוואונדערן זיין אומדערמידלעכע גייסטיקע ארבעט. זיין מאַנוסקריפּט האָט באטראָפן 25 טויזנט בויגן... און ער האָט זיי געשריבן אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַט ביז הונדערט טויזנט אָנהענגער, וועלכע פלעגן קומען צו אים זיך שואל בעצה זיין סיי אין עסקי הכלל, און סיי אין עסקי הפרט, און אויך זיין באשעפטיקט מיט שאלות ותשובות צו רבנים. אין אלגעמיינע וויסנשאַפט האָט ער געהאַט א בא־שרענקטן באגריף, ווייל ביי אים איז געווען דער עיקר דער למוד התורה.

אין יאָר תר"ח, 1868, איז ער פארופן געוואָרן צו דער אספת הרבנים, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דער רוסישער רעגירונג אין פּעטער־

בורג צו באהאנדלען פארשידענע פראגן, און צו מאַכן פארשידענע רע־פאַרמען נאָך דעם צייט־גייסט. ר' יצחק וואלאזשינער האָט זיך אונטער־געשריבן אונטער דעם צוגעשיקטן פאַרשלאג, וועלכער איז פאַרגעלייגט געוואָרן פאר זיי, ר' מנחם מענדל האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אונטערצו־שרייבן...

אינם יאָר תרכ"ב—1862, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די גרויסע שרפה אין לובאַוויטש, וואָס האָט פארניכטעט די גאנצע שטאָט, האָבן אים זיי־נע פריינט געבעטן צו רעטן זיך אין לאדי, וועלכע געפינט זיך אין דער נאָענט פון לובאוויטש. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאָלגן. — „איך וועל ניט פארלאָזן מיינע ברידער אין אזא עת צרה, גלייך מיט זיי וועל איך ליידן". און אזוי האָט ער זיך געוואלגערט אויפן פעלד צוגלייך מיט אַלע זיינע ברידער. אין יאָר תרכ"ד, 1864, איז ער קראנק געוואָרן, און נאָך צוויי יאָר איז ער נפטר געוואָרן. נעבן זיין קבר איז אויסגעבויט א בית המדרש און עס ברענט אין אים אַ נר תמיד.

**ה. תרכ"ט**—1869.—די מלחמה ווע־גן דער דינאַסטיע אין דער וואלאזשינער ישיבה. ר' יצחק וואלאזשינער, ר' אליעזר יצחק, ר' נפתלי צבי יהודה בערלין, ר' אליהו זלמן, ר' יהושע העשיל לעווין.

איך געפין פאר ניט איבעריק צו פארצייכענען די שטורעמדיקע פעריאָדע אין דער געשיכטע פון דער וואלאזשינער ישיבה, פון דער ישיבה וואָס האָט געשאפן א דור פון לומדים און גאונים, וועלכע זיינען געווען א צירונג פארן אָרטאָדאָקסישן אידנטום. דער אויסגעבראָכענער קאמף, ווען אויך ער איז אין א געוויסער מאָס געווען א קאמף צוליב כבוד, איז אָבער בעיקר געווען א קאמף וועגן א אידייע; ס'איז געווען א ראנגלעניש פון צוויי שטרעמונגען, אן אלטע און א נייע. דער טערמין ניי איז ניט געמיינט אין מאָדערנעם זין, וועגן איינפירן נייע מאָדערנע רעפאָרמען, נאָר ניי אין דער שיטה פונם לימוד התורה. און ווען ס'איז איינציקע מאָל שוין פאַרגעקומען אזא קאמף אין דער הנהלה פון דער וואלאזשינער ישיבה, איז גורם געווען אן אראָפּזעצונג, און ארויפזעצונג פון די פירער. דער לעצטער קאַמף אָבער איז געווען ביז גאָר א עקסטרע־מער און ס'איז כדאי אים אויספירלעך צו פארצייכענען. אלס א אינטערע־סאנטע היסטאָרישע געשעעניש אין וועלכער עס שפיגלען זיך אָפּ פאר־שידענע גרויסע פערזענלעכקייטן און וויכטיקע שטרעמונגען, וועלכע

האָבן אין א משך פון צענדליקער יאָרן געהאַט א גרויסע השפעה אויף דער דערציאונג פון פילע טאַלענטירטע אידישע יונגעליייט, וואָס אין פאר לויף פון דער צייט זיינען זיי אויך געוואָרן משפיעים אינם לעבן פונם אָרטאָדאָקסישן אידנטום, און אויך וועג-ווייזער און פאקל-טרעגער אינם דרך התורה.

ווי באוואוסט, איז נאָכן טויט פונם גאון ר' חיים וואלאזשינער (נפטר געוואָרן אינם יאָר תקפ"א) איבערגעגאַנגען דאָס נשיאות צו זיין זון ר' יצחק, וועלכער איז געווען אויסער א גרויסער למדן אויך א פקח און א בקי אין הויות העולם. ער האָט ניט מצמצם געווען די שכינה אין די ד' אמות פון דער הלכה, ער האָט זיך אויך באשעפטיקט מיט כלל'שע אינ-טערעסן, פון נאָענט און פון ווייט פלעגט מען קומען מיט אים זיך אן עצה האַלטן בנוגע קהלה אנגעלעגנהייטן. ער איז אויך איינגעלאדן גע-וואָרן אין זיין צייט קיין פעטערבורג אנטייל נעמען אין דער קאָמיסיע, וועלכע איז באשטימט געוואָרן צו באהאנדלען פארשידענע רעפאָרמען, וואָס דארפן געמאַכט ווערן אינם גייסטיקן לעבן פונם אידישן פאָלק, נאָך דער פאָדערונג פון דער רוסישער רעגירונג. א דאנק זיין באשעפטי-קונג מיט כלל'ישע אינטערעסן און אויך צוליב דעם וואָס ער האָט גע-דארפט מערערע מאָל אָפּפאָרן קיין פעטערבורג, האָט ער איבערגעגעבן דאָס פירערשאַפט פון דער ישיבה צו זיינע צוויי איידעמס: ר' אליעזר יצחק און ר' נפתלי צבי יהודה בערלין (הנצי"ב). זיין זון ר' אליהו זלמן, וועלכער אויך ער איז געווען א גרויסער למדן, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט מסחר, פון וועלכן ער איז רייך געוואָרן און ניט גערארפט אָנקומען — ווי מען זאָגט — צו ווערן א מלמד... ר' אליהו זלמן האָט גענומען א מאן פאר זיין טאָכטער, איינעם פון די גרעסטע מיוחסים, ר' יהושע העשיל לעווין, דעם מהרש"א'ס אן אייניקל. עפּעס ווי פון א ווייטער וועלט איז ר' יהושע העשיל לעווין אריינגעקומען אין דער וואלאזשינער דינאַסטיע. ער איז דערצויגן געוואָרן דוקא ביי לומדישע אָרטאָדאָקסישע עלטערן, זיי זיינען אָבער ניט געווען קיין קנאים. ר' יהושע העשיל, לעווינס רבי, איז געווען ר' אליהו ראגאלער, וועלכער האָט אין אים איינגעפלאַנצט גוטע מדות. אויסער די אלטע ליטעראטור, האָט ער אויך געלערנט די נייע. אין דער יוגנט איז ער געווען באפריינדעט מיט די גרעסטע שריפט-שטעלער אין יענעם דור, מיט מרדכי אהרן גינצבורג, ר' שמואל יוסף פין, יוליאן קליאצקא א. אנד. ער איז אויך געווען א מוסמך אויף הוראה. זיין אויסערלעכקייט האָט געשטימט מיט זיין אינערלעכקייט. דערצויגן

געוואָרן אין דער גרויסער שטאָט ווילנע, איז ניט געווען צו מערקן אויף אים קיין בטלנות. שטענדיק זיינען זיינע קליידער געווען ריין און אויס-געפוצט, די האָר פארקעמט, אויפן קאָפּ א צילינדער, און צווישן די חברים פון דער וואלאזשינער דינאַסטיע, די אָפּגעלאָזטע און נאכלעסיקע, האָט ער אויסגעזען ווי אן אריסטאָקראטישער אדעלמאַן. און ס׳איז קיין וואונ-דער ניט, וואָס די וואלאזשינער דינאַסטיע האָט מיט דעם אריסטאָקראַט ניט סימפּאטיזירט. ער פון זיין זייט, האָט אויך ניט ארויסגעוויזן קיין שום התקרבות צו זיי. שוין די ערשטע צייט איז ווי א וואנט אויפגע-שטעלט געוואָרן צווישן אים און זיינע דינאסטיע-פריינט און די וואנט איז אלץ דיקער און דיקער געוואָרן. ר׳ יהושע העשיל לעווינען איז ניט געפעלן, ניט די אָרדענונג פון דער וואלאזשינער ישיבה, און ניט דער גייסט, וואָס שוועבט אין איר, און וואָס ער האָט באמערקט, האָט ער ניט פארשוויגן. איינמאָל איז ער ביי געווען ביים שיעור וואָס ר׳ אליעזר יצחק האָט געלערנט מיט די תלמידים, און דער שיעור איז געווען אָנגע-שפּיקעוועט מיט פּלפּול, אַ טרוקענער און א פארפּלאָנטערטער. ר׳ יהושע העשיל האָט אזא לערנען ניט געקענט פארטראָגן, און ער האָט אויפן קול אויסגערופן, אין דער געגנווארט פון די תלמידים און ביי וועזנדע, דער נצי״ב איז אויך דעמאָלט דאָרט געווען: „ווען איך זאָל זיין דער ראש הישיבה וואָלט איך אן ענדע געמאַכט צו די בערג שפּאלטנדע לימודים, וועלכע ברענגען קיין נוצן ניט; זיי פארשטאָפּן און פארקרומען נאָר דעם מוח״. אליעזר יצחקס פּנים איז בלאס געוואָרן דערהערנדיק די ווערטער, און מיט א ציטערנדיקן קול זיך אָנגערופן: „אויב דיין כח אין דער תורה איז גרעסער פון מיינעם, זעץ דו זיך אַנידער אויף מיין אָרט, און זאָג דו דעם שעור״. ר׳ יהושע העשיל לעווין האָט קיין ווידערווילן ניט ארויס-געוויזן, גלייך זיך געזעצט, און געהאַלטן דעם שעור אָן פּלפּול און האָר-שפּאלטנדיקע בויך-סברות, אין א פארשטענדלעכער שפּראך און לאָגישע סברות. די תלמידים האָבן זיינע ווערטער געשלונגען, און מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט דעם גאנצן שעור, און ווען ער האָט געענדיקט, האָבן זיי אים געמאַכט א גרויסע אָוואציע. דער נצי״ב וועלכער האָט אויך ניט געהאַלטן פון פּלפּול, האָט אָבער דאָך ניט געקענט פארבלייבן גלייכ-גילטיק צוזעענדיק די בושה וועלכע זיין פּלימעניק האָט פארשאפט זיין שוואָגער, און א זאָג געטאָן: יהושע׳קעלע, דו ביסט געווען א מורה הלכה בפני רבך, די שטראָף איז זייער גרויס, נאָר איך בין דיר מוחל״. פון דאמאָלסט איז דאָס מחלוקות צווישן די צוויי שוואָגערס מיט זייער פּלי-

מעניק פארשאַרפט געוואָרן. ר׳ יהושע העשיל לעווין האָט אויפגעהערט קומען אין דער ישיבה, ער האָט אויך אויפגעהערט צו קומען דאווענען אהין, און געמאַכט מנין ביי זיך אין שטוב.

און די פארהעלטענישן צווישן אים מיט דער פירערשאַפט פון דער ישיבה, איז אינגאנצן צעריסן געוואָרן, און ס׳איז געשאפן געוואָרן דער ערשטער סיגנאַל צו דער מלחמה.

אין א טאָג האָט זיך פארשפרייט אַ קלאנג, אז ר׳ יהושע העשיל לע־ווין האָט אָנגעהויבן זאָגן א שיעור פון גמרא און פוסקים פאר די מתפללים וואָס קומען צו אים דאווענען און די צוהערער מערן זיך פון טאָג צו טאָג, און אויך מערערע ישיבה בחורים קומען הערן דעם שיעור. דער קלאנג איז ניט געווען קיין פאלשער, ר׳ יהושע לעווין האָט באַ־שלאָסן אָפּצונעמען מיט געוואלד די ממשלה פון די צוויי שוואָגערס, און אויך צו באקומען דאָס נשיאות איבער דער ישיבה. אים האָט זיך גע־דוכט אז עס וועט אים געלונגען, און ער האָט שוין א פלאן געמאַכט פון די ענדערונגען, און טיילוויז אויך רעפאָרמען, וועלכע ער וועט איינפירן אין דער ישיבה. ער וועט ארויסטרייבן דאָס טרוקנקייט און פארגלי־ווערטקייט, און אויף זייער אָרט ארייינברענגען דאָס זאפטיקייט און לע־בעדיקייט. ער וועט אַנטוויקלען די תלמידים, און עפענען זייערע אויגן צו זען די אמתע פערל און די קאָסטבאַרע גייסטיקע ירושה וואָס ס׳איז געהיט געוואָרן אין דער תלמודישער ליטעראטור. ער וועט אויך פאר־טרייבן די איבערטריבענע קנאות, דאָס צביעות און דאָס פאלשע פרומ־קייט. ער וועט ניט ארויפלייגן קיין קייטן אויפן געדאנק. און כדי מער צו ציען די ישיבה בחורים, האָט ער אָנגעהויבן ביי זיך אין הויז זאָגן א שיעור אויך בין מנחה למערב. אין דער סדרה פון דער וואָך און דוקא מיטן ביאור פון מענדעלזאָנען, וואָס אין דער ישיבה איז דער ביאור פאר־רעכנט געוואָרן פאר אפיקורסית. ער האָט אָבער זיך סומך געווען אויף דעם גאון ר׳ איצילע, וועלכער האָט געגעבן זיין הסכמה אויף בן מנחמ׳ס ביאור, וואָס איז ארוים דורך יצחק אייזיק בן יעקב, און דורך אדם הכהן לעבענזאָן, וועלכע האָבן געפירט א קאמף מיט די גאונים, און באקומען ר׳איצילעס הסכמה. ריה״ל האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. די ישיבה בחורים, פלעגן באזוכן זיין הויז צוויי מאָל אין טאָג, אינדערפרי און פאר נאַכט, און מיט דורשט געשלונגען דעם שיעור, און פלעגן אוועקגיין אַנטציקטע, מיט דער גרעסטער באגייסטערונג. ער פלעגט אויך האַלטן פאָרטראָגן פאר די בחורים און ארויסזאָגן זיינע מחשבות וועגן די וואָס גרייטן זיך

צו ווערן רבנים. ער האָט פאר זיי געשילדערט דעם טיף רבנות ווי אזוי ער איז איצט, און ווי אזוי ער דארף צו זיין. מיט לעבעדיקע בילדער האָט ער פאַרגעשטעלט דאָס פארשטיינערטקייט און פארגליווערטקייט פון די רבנים וועלכע דארפן זיין די ליכט זיילן פארן פאָלק צו לייכטן פאר אים דעם וועג אין דער מדבר וועלט וואו ער געפינט זיך.

ער פלעגט פארברענגען מיט זיי אויך אין שמועסן וואָס האָבן א שייכות מיטן פשוטן חומר און דערקלערן זיי, אז מען דארף אים אויך אין זינען האָבן. א גרויסע אויפגאבע — פלעגט ער זיי זאָגן — איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף ר' אליעזר יצחק און נפתלי צבי יהודה בערלין, נאָר צום באדויערן פארשטייען זיי ניט דעם ווערט פון דערזעלבער. דערמיט האָט ער זיי אָנגעמערקט, אז זיי זאָלן פארשטיין דעם סתום פונם מפורש. דאָס אלעס האָט געהאָט — ווי געזאָגט — א גרויסע ווירקונג אויף די בחורים און קומענדיק אין זיין הויז, וועלכעס איז געווען איינגעפירט מיטן גרעסטן קאָמפאָרט: גרויסע צימערן, שיין מעבל, און לעבעדיקע, פריילעכע קינדערלעך, פלעגן זיי עס שטעלן אין פאראלעל מיט אליעזר יצחקס חורבה, אין וועלכער זיי פלעגן זיך געפינען אויף פענסיאָן, צוזעענדיק דעם ראש הישיבה, ווי ער קרעכצט פון זיינע מיחושים, און צוהערנדיק דאָס הייזעריקע קול פון דער רבי'צן, פלעגן זיי אין הארצן פארשעלטן די ישיבה צוזאַמען מיטן ראש.

ווען דאָס אלעס איז באקאנט געוואָרן צום נצי"ב האָט עס אים זייער געקרענקט, און כדי צו פארהיטן די טרויעריקע קאָנסעקווענצן, האָט ער ארויסגעגעבן א באפעל אז קיינער פון די ישיבה בחורים האָט ניט דאָס רעכט צו באזוכן צו וועלכער נויטיקער זאך ס'זאָל פאר זיי ניט זיין דאָס הויז פון א פריוואט-מענטשן פון די שטאָטישע איינוואוינער, ווייל די באזוכן ברענגען צו ביטול תורה, און ווער עס וועט ניט אויספאָלגן דעם באפעל וועט שטרענג באשטראָפט ווערן. די בחורים האָבן פארשטאַנען צו ווּעמען דער באפעל צילט. ווען זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט קעגן אזא באפעל, האָט ער זיי געשראָקן מיט ארויסטרייבן זיי פון דער ישיבה. די בחורים אָבער האָבן זיך מיט דעם שרעק ניט גערעכנט, און פלעגן דאָך באזוכן דאָס הויז פון ר' יה"ל אין געהיים. דער נצי"ב אָבער האָט אָנגעשטעלט שומרים, צו היטן, און דער וואָס איז פון זיי געכאַפּט געוואָרן, פלעגט שטרענג באשטראָפט ווערן, ניט נאָר מיט רייד, נאָר אויך מיט צונעמען זיין מאַנאַטלעכע פענסיע, וועלכע ער פלעגט באקומען פון די אריינגעקומענע נדבות... איך וועל דורכלאָזן דאָס ווייטערדיקע מחלוקות,

וועלכעם האָט געשאפן א רעוואָלוציע פון די ישיבה בחורים, און דאָס עקשנות פון די צוויי גאונים, איבערהויפּט פון ר׳ יה״ל, וועלכער האָט געזוכט אָפּצונעמען דאָס נשיאות פונם נצי״ב, און האָט געבראַכט צום גרעסטן סקאַנדאַל און חלול הישיבה. עס פלעגן פאַרקומען גירושים און געשלעגן צווישן די בחורים. די בחורים זיינען געוואָרן אומדיסציפּלינירט און גרויסע עזות פּנימער קעגן דעם נצי״ב, און ווען דער נצי״ב פלעגט זיך זעצן נאָכן דאַווענען ביים טיש און דערקלערן די סדרה פון דער וואָך, פלעגן זיך הערן באַליידיקנדיקע אויסדריקן פון די בחורים קעגן נצי״ב: „עקום הכתובים! בוקי סרוקי! מתוק מזפת!״ די אלע אויסדריקן האָבן דעם נצי״ב ביז גאָר אויפגערעגט. מערערע מאָל פלעגן די בחורים, ווען זיי האָבן זיך נאָר געזעצט צום שיעור וועלכן דער נצי״ב פלעגט אָפּהאַלטן (ר׳ אליעזר יצחק איז דאן קראַנק געווען), אים שטעלן פראַגן צו דער זאַך, און מערערע מאָל ניט צו דער זאַך, און די צייט פלעגט אריבער און דער שיעור פלעגט האַלטן ביים אָנהויב.

ווי געזאָגט פלעגן זיך געפינען צווישן זיי אויך אזעלכע וואָס פלעגן זיך אָננעמען פארן נצי״ב און די געשלעגן פלעגן אויף אזוי פיל זיין פאַר-ביטערטע, אז די שכנים פלעגן מוזן מיט גרויס שוועריקייט דאָס געשלעג אָפּשטעלן.

ר׳ יהושע העשיל לעווין האָט אָבער איבערגעכאַפּט די מאָס, סיי מיט זיין תקיפות, פון וועלכער די וואָלאָזשינער אידן און אויך די פון אנדערע שטעט ארום זיינען ניט צופרידן געווען, און סיי פון זיין פּראָ-גראַם אין סדר הלמוד, וועלכע ער האָט צוגעשטעלט צו מערערע רבנים, און ווען אויך די אלע רבנים זיינען ניט צופרידן געווען פון דער אומ-אָרדענונג אין דער ישיבה, זיינען זיי דאָך ניט צופרידן געבליבן פון דער פּראָגראַם, וואָס ס׳איז זיי פון ר׳ יה״ל צוגעשטעלט געוואָרן, און אויף דער אסיפה וואָס ס׳איז פאַרגעקומען אין קאָוונע, מיט דעם אנטייל פון ר׳ יצחק אלחנן, פון ר׳ גרשון תנחום פון מינסק און ר׳ בצלאל פון ווילנע, האָט ר׳ גרשון תנחום א קלאַפּ געטאָן אין טיש און אויסגעשריען: „ווען איינער, ווער ס׳זאָל ניט זיין, וועט פארטיידיקן יהושע העשיל לעווין, וועט ער גלייך באַפעלן זיין קרוב, דעם פראַנקפורטער ראָטשילד, ער זאָל אָפּשטעלן זיין שטיצע״. און דער נצי״ב איז ארויס דער זיגער פונם מחלוקת. די שנאה צו וואָלאָזשינער דינאַסטיע האָט יה״ל אָנגעהאַלטן ביזן טויט, און זי איבערגעגעבן צו זיין בני בית. זיין עלטערער זון פלעגט כסדר אגיטירן צווישן די תלמידים קעגן דעם נצי״ב.

אין דער זעלבער תקופה אין וועלכער ס'איז פאָרגעקומען דאָס מחלוקת, איז די וואלאזשינער ישיבה פארמאַכט געוואָרן פון דער רוסי־שער רעגירונג. דאָס איז געווען דער טראגישסטער מאָמענט אינם לעבן פונם נצי"ב. דאָס איז געשען — ווי די היסטאָריע וויל האָבן — אין א מיטוואָך פינף טאָג אין שבט תרנ"ב—1892. פונקט אין געבערטס־טאָג פונם ראש ישיבה ר' חיים בערלין, איז מען פון דער רעגירונג איבערגעפאלן די ישיבה און אין קעגנווארט פון אלע תלמידים איז פאָרגעלייענט געוואָרן די פקודה פון דער רעגירונג, אז די ישיבה ווערט פארמאכט, און אין פארלויף פון דריי טעג מוזן אלע תלמידים פארלאָזן די שטאָט. און נאָכ־דעם ווי אלע ספרים און ספרי תורות זיינען פון דאָרט ארויסגענומען גע־געוואָרן, איז די ישיבה פארחתמ'עט געוואָרן.

דער חורבן איז פאר די ליטווישע אידן געווען א חורבן בית המקדש, וועלכער איז באוויינט און באקלאָגט געוואָרן. דאָס מחלוקת און שנאת חנם, וועלכע האָבן גורם געווען דעם חורבן בית המקדש, האָבן אויך גורם געווען דעם חורבן פון דער וואָלאָזשינער ישיבה וועלכע איז געווען — ווי מען האָט זי גערופן — די מוטער פון אלע ישיבות.

## ה. תרל"ו — 1876 — דער געבורט פון שאול טשערניכאָווסקי.

שאול טשערניכאָווסקי איז געבוירן געוואָרן צו זיין פאָטער גוטמאן, אין דאָרף מיכאילאווקא, טאווריער גוב. דער דאָרפישער קלימאט, די דאָרפישע פאנאראמע, די שיינע פרייע נאטור האָט געשאפן אין אים א פאָעטישע שטימונג. טשערניכאָווסקים דערציאונג איז געווען גאנץ אונ־טערשידן פון ביאליקס און אויך פון אנדערע אידישע שרייבער און פאָעטן, וועלכע האָבן צו יענער צייט מקיים געווען בן חמש שנה למקרא, און אזוי האָבן זיך די שרייבער און פאָעטן — ווי דער העברעער דריקט זיך אוים — „אָנגעפילט דעם בויך" מיט אידישע למודים און אלוועלטלעכע, אָדער זיי האָבן געלערנט בגנבה, אין ביכער וועלכע זיינען שטענדיק גע־ליגן אויפן שטענדער אונטער דער גמרא, אָדער זיי האָבן ערשט אָנגע־הויבן לערנען, ווען זיי זיינען געוואָרן יוצאים לתרבות רעה, ווי די אמאָ־ליקע אידישע סביבה פלעגט זיי אנרופן. טשערניכאָווסקי אָבער האָט אָנ־געהויבן צו לערנען רוסיש צו פינף יאָר, צו זיבן יאָר ערשט האָט זיין פאָטער, וועלכער איז געווען א למדן, אָבער ניט קיין קנאי — אים געלערנט אידיש. צו אכט יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען חומש; אין פארלויף פון א האלב יאָר האָט ער אָפגעלערנט פיר טייל פונם חומש. ויקרא האָט

ער ניט געלערנט, זיין פאָטער האָט באַשטימט אַז די טייל איז ניט צוגע־פּאַסט פאַר קינדער.

איך געפין פאַר נויטיק צו באַמערקן, אַז די מלמדים אין די אַכציקער יאָרן זיינען געווען אַ באַזונדער טיפּ, וועלכער איז נאָך ניט געשילדערט געוואָרן אין אונזער ליטעראַטור. די גאַנצע ליבע פון די פריערדיקע מלמדים צו תורה, איז פון די צווייטע איבערגעגאַנגען צו די נביאים, און די ליבע פון די ערשטע צום תלמוד איז פון די צווייטע איבערגעגאַנגען צו דער העברעאישער שפּראַך. צו איר האָבן זיי זיך באַצויגן מיט אַ פּייערדיקער איבערגעבנקייט, די שרידה היחידה, דאָס לשון פון די מלכים און נביאים האָבן זיי געליבּט מיט יוגנטלעכן פייער, און אָט די דאָזיקע מלמדים אָדער לערער זיינען עס געווען די ערשטע שוואַלבן אַנזאָגנדיקע דעם אויפקו־מען פונם מאָרגנשטערן. זיי זיינען די וואָס האָבן געשאַפן די שיינע איי־דעלע ראָמאַנטיק פונם „חבת ציון", זיי האָבן מיטגעהאָלפן אַז די נייע העברעאישע ליטעראַטור זאָל באַקומען אַ אייראָפּעאיש אויסזען, פול מיט צאַרטקייט, געפיל און נאַטירלעך שיינקייט... אַזעלכע לערער פלעגן איינ־פלאַנצן אין די הערצער פון זייערע תלמידים אַ אויסערגעוויינלעכע ליבע צו העברעאיש און צו דער העברעאישער ליטעראַטור; אַ ליבע וועלכע איז ניט אָפּגעקילט געוואָרן צוליב דעם גלאַנץ און רייכקייט פון פרעמדע שפּראַכן, וועלכע זייערע תלמידים האָבן באַזיצט. פאַרקערט, דאָס האָט געשאַפן אין זיי אַ באַזונדערע קנאה, אַ שפּראַכיקע קנאה, און זיך באַמיען צו שטעלן די העברעאישע שפּראַך אויף דער זעלבער הויך פון די פרעמדע שפּראַכן. אויף וויפיל ס'איז זיי געלונגען, דאָס איז אַ באַזונדער פראַגע. ביי אַזעלכע לערער האָט זיך געלערנט טשערניכאָווסקי, און אַזאַ תלמיד איז אויך טשערניכאָווסקי געווען, צו ליבן און שעצן די העברעאישע שפּראַך.

איך וועל דורכלאָזן אַלעם וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט טשערני־כאָווסקין אין זיינע קינדער־יאָרן און וועל אָנהויבן פון דער צייט וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן אין אים זיין פּאָעטישער טאַלאַנט. אָבער דאָ מוז פאַרצייכנט ווערן אַז שוין צו צוועלף יאָר האָט זיך אין אים אָנגע־הויבן צו דערקענען דער פּאָעטישער טאַלאַנט. ווען זיין לערער האָט אים געבראַכט אַלס מתנה די „שירי בת ציון" פון מיכה יוסף לעבענזאָן, איז ער אַזוי פיל באַגייסטערט געוואָרן, אַז זיי האָבן אויף אים געהאַט די גרעסטע השפּעה אין דער ערשטער צייט פון זיינע ערשטע שירים. אין זיינע לירישע און עפּישע ליבע־שירים פילט זיך ניט נאָר דער סטיל, נאָר

אויך דער גייסט פון לעבענזאָנ׳ס שירים. און גלייך האָט ער פארפאסט א דראמע, און אויך א פּאָעמע „אוריה החתי״. אין דער פּאָעמע, זען מיר אים אלס דוד׳ס קעגנער און אוריה׳ס פּארטיידיקער. מיר זען אים אויך אלס פארטיידיקער פון די „בריונים״, די „פּריצים״, וועלכע האָבן גע-קעמפט פארן כבוד פונם פאָלק. טשערינכאָווסקי האָט ליב געהאט אלע אידישע רעליגיעזע מנהגים, וועלכע האָבן געטראָגן א פּאָעטישן כאראק-טער. די אלע האָבן געגעבן גייסטיקע שפּייז זיין פאנטאזיע און פייערדיקן טעמפּעראמענט. דאָס פילט זיך אין זיינע: „הקפות״; „בששי בין הערבים״; „אמנון ותמר״; „ברית מילה״ און „לביבות מבושלות״.

צו פערצן יאָר קומט ער קיין אָדעס און טרעט אריין אין א אידישער פּריוואט האנדלס-שולע, און דאָ הויבט זיך אָן א נייער פּעריאָד אין זיין לעבן. טשערניכאָווסקי לערנט אין שולע די נויטיקע קעגנשטאַנדן, וועלכע דארפן אין א האנדלס-שולע געלערנט ווערן, ער פארנאכלעסיקט אָבער די פּאָעזיע. אין יאָר 1892 גייט ער ארויס פון האָכמאנס פּריוואט האנדלס-שולע און גרייט זיך צו אריינצוקומען אין דער אָפּיציעלער רעגירונגס האנדל-שולע. און מערקווירדיק, אין דער צייט ווען ער גרייט זיך צו צו די עקזאמענעס, וועלכע זיינען ניט ווייניקע און ניט לייכטע, שרייבט ער פיל שירים צווישן זיי אויך די אנערקענטע פאר די בעסטע, ווי „אידיאל״, „ליפהפיה״, „נצאה נגורה שאננים״, „נגילה נתעלסה באהבים״, „אך עלז הייתי בבוקר״, „אני מאמין״. אין יאָר 1896 ענדיקט ער די רעגירונגס-האַנדלס-שול מיט אויסצייכענונגען און באקומט דעם טיטל „ערך-בירגער״.

אין דער שולע האָט ער זיך פּראפּאָלקאָמט אין דריי אויסלענדישע שפּראכן: דייטש, פראנצויזיש און ענגליש. ס׳איז ניט געווען איין פּאָעט אָדער בעלעטריסט אין די דריי שפּראכן, ער זאָל אים ניט געווען לייענען. אַממערסטן האָט ער ליב געהאט די דריי פּאָעטן צו לייענען: געטע, דער דייטשער פּאָעט, שעלי, דער ענגלישער, און אלפרעד דע מוסע, דער פראנ-צויזישער. ער האָט אויך ליב געהאט צו לייענען לאָנגפעלאָון און פינף יאָר כסדר האָט ער זיך באשעפטיקט מיטן איבערזעצן פון דעם גרויסן שיר „הייאוואטא״ (געדרוקט אין דער „התקופה״). טשערניכאָווסקי איז שטאַרק באפריינדעט געוואָרן מיטן משורר ביאליק און ביידע האָבן זיך ליב אהבת נפש. ווער עס וויל זיך באקאָנען מיט טשערניכאָווסקיס שירים, זאָל לייענען זיינע „חזיונות ומנגינות״, ארויסגעגעבן פון דעם פארלאג „תושיה״.

טשערניכאָווסקי איז אויסער א פּאָעט אויך א טיפער דענקער, ווי מען

קען זען פון זיין בריוו, וואָס ער האָט אין 1906 געשריבן צו דר. קלויזנער. ער זעלבסט מאכט א פירוש אויף זיינע שירים. פון דעם בריוו איז צו זען דעם אונטערשיד צווישן אים און ביאַליקן. טשערניכאָווסקי אין זיין בריוו צו קלויזנערן זאָגט אז פון די טעג פון קישינעוו איז דער איד אין אים אַ באליידיקטער און פארשעמטער געוואָרן; און וואָס האָט טשערניכאָווסקי געענטפערט אויף דער באליידיקונג און פארשעמטקייט? אין יאָר 1883, אין דער צייט ווען ביאליק האָט געשריבן זיין „משא נמירוב" („בעיר ההריגה") האָט טשערניכאָווסקי געשריבן דעם שענסטן שיר האהבה. און עס פרעגט זיך: איז ביי טשערניכאָווסקין אויף אזוי פיל א פארהאַר־טעוועט דאָס הארץ אז ער האָט דעם גרויסן אומגליק ניט געפילט? איז זיין מח פארשטייפט געוואָרן אויף ניט צו דענקען, ניט אַ טראכט צו געבן וועגן דעם שרעקלעכן פּאָגראָם? ניין! טשערניכאָווסקי האָט געפילט, טשערניכאָווסקי האָט גוט דורכגעטראכט דאָס גרויסע אומגליק, טשערני־כאָווסקי איז אָבער דער משורר פון „נצחון", ער וויל ניט ארויסווייזן, אַז ער איז דורך דעם פּאָגראָם געוואָרן א משורר פון באזיגטע. ער איז באַ־ליידיקט, פארשעמט, ער וויל אָבער ניט זיין קיין באזיגטער. דערפאר זאָגט ער טאַקע אז

„ווען איך זע די פיס פון רויבער
מיין פאָלק צעטרעטן,
ניט קלאָגן וועל איך, ס'זאָלן הערן די רויבער,
מיין קלאָג זאָל זיי א זעטיקייט צוגרייטן".

„זאָל קלאָגן א פרוי, א מאכטלאָזע,
און אין אירע וויטיקן פארשעלטן דעם טאָג,
זאָלן קלאָגן קינדער דער מאמעס ברוסט פארלאָזטע —
פאר זיי פאסט די קלאָג.
פאר א מאן פאסט א שטאַרק געשריי, א געשריי ווי א לייב,

פון א לייב וועלכן ס'שווער ביי צוקומען.
און זיין וויטיק פארבאהאלטן אין קבר פון זיין לייב.
און אין ערדישן קבר אים מיטצונעמען
און דער געשריי וועט איינסט מיט אזא קראפט אויסברעכן
אז ער וועט די ערד מאכן ציטערן
די וועלט זיילן וועלן זיך צעברעכן
און זיין געשאפענע נקמה וועט אַלעמען דערשיטערן".

טשערניכאָווסקי איז דער פארפאסער פון דער וואונדערלעכער פּאָע-
מע: ברוך פון מאַגענציע. דורך אים רעדט טשערניכאָווסקי:

„מיר וועלן נקמה נעמען פאר די קוואלן טרערן,
א נקמה פאר די ימים בלוטיקע,
פאר געפּייניקטע פרויען, נקמה דערקלערן,
פאר די לייכעס פון די קינדער זויבערע ליכטיקע,
פאר אונזער ריינעם שיינעם הייליקטום
וואָס זייערע הענט האָבן פאראומרייניקט,
פאר אלעם וואָס איז גוט און פרום
אין טויזנטער קברים זיי פאראייניקט.
פאר נפשות וואָס זיי האָבן ניט געלאָזט
פונם לעבן צו געניסן,
צו אלע צויבערלעכע האָפנונגען ניט דערלאָזט".

טשערניכאָווסקי איז ניט קיין וויינער, ער ווערט ניט פארצווייפלט,
ער ווערט באליידיקט, זיין גייסט ווערט אָבער ניט געשעדיקט... ער ווערט
פארשעמט, זיין הארץ ווערט פארקלעמט, ער איז אָבער ניט פארבליבן
קיין באזיגטער, ער וויל ניט זינגען קיין קלאָג-לידער. ער האָפט אויף א
צייט פון נצחון, פון נקמה צו זען אין די וואָס האָבן זיין פאָלק אזוי פיל
צרות פארשאַפט, אזוי פיל ליידן געמאַכט צו אויסשטיין...

**ה. תרמ"א**—1881—א כוואליע פון שרעקלעכע פּאָגראָמען האָט אויס-געבראָכן אין רוסלאנד; דער אכזריות-דיקער פּאָגראָם אין קישינעוו; אידן צעלויפן זיך וואו די אויגן טראָגן זיי; קומען אויך קיין לאָנדאָן.

די רוסישע עמיגראנטן באזעצן זיך אין קאנאדע; פיל פון זיי ווערן קאָלאָ-ניסטן.

צו שילדערן די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיך פאַרשפרייט אין פיל שטעט נאָכן טויט פון אלעקסאנדער דעם צווייטן, איז גאנץ איבעריק. די צרות האחרונות משכחות את הראשונות. די לעצטע שחיטות נאָך דער וועלט - מלחמה פארבלייכן די פּאָגראָמען פון די ניינ-ציקער יאָרן. דער פּאָגראָם פון קישינעוו אָבער, קען בשום אופן זיך ניט פארבלייכן. ער קען זיך פארגלייכן מיט דער אכזריותדיקייט און מאַרטי-

רערטום צו די געשעענע נאָך דער וועלט-מלחמה. געגוג צו לייענען דעם „משא נעמירוב" און „גי ההריגה" פון ביאליק אויף איבערצוצייגן זיך אין די גרוילטאטן, און איך וועל מיך אָפּהאַלטן צו כראָנאָלאָגירן זיי. כמעט אלע מיינע חשובע לייענער געדענקען און ווייסן פון זיי. זאָל די „מסכת נזיקין" דורכגעלאָזט ווערן, זיי וועלן נאָך האָבן צו לייענען ניט ווייניק „מסכתות נזיקין" פון די נאָך-מלחמה-יאָרן...

און דער אלטער ישראל נעמט דעם וואנדער-שטעקן און שלעפּט זיך אין אלע וועלט-עקן...

איך וועל דאָ כראָנאָלאָגירן א לאנד אין וועלכן דער „ישראל סבא" האָט זיך פארשלעפּט, אויסער נאָרד-אמעריקע; א לאנד, וועלכן אויך געאָ־גראפיש איז עס ניט פרעמד כמעט פון קיינעם, איז עס אָבער אומבאַ־קאַנט מיט דער צייט ווען אידן האָבן זיך דאָרט צום ערשטן באזעצט און געגרינדעט קאָלאָניעס. דאָס לאנד איז קאנאדע.

קאנאדע איז אנטדעקט און צוערשט קאָלאָניזירט געוואָרן פון פראנצויזן. אין 1611 זיינען די יעזואיטן געקומען קיין קאנאדע און דערפילט די הייליקע מיסיע צו באקערן די אינדיאנער צום קריסטנטום. זייער הויפּטציל איז אָבער געווען צו גרינדן אין קאַנאַדע א גרויס און מעכ־טיק קאטוילישׂ קעניגרייך... אין 1632 האָבן זיי געעפנט א הויכשולע פאר פראנצויזישע קינדער, וואו זיי זאָלן לערנען טעאָלאָגישע וויסנשאַפט.

קאנאדע — ווי באוואוסט — האָט צו יענער צייט אָפיציעל געהערט צו פראנקרייך און אפילו א פראנצויזישער גובערנאַטאָר איז דאָרט געווען. געהערשט אָבער האָבן די יעזואיטן; יעדעס שטעטל און דערפל האָט גע־טראָגן דעם נאָמען פון א קאטוילישן הייליקן. אפילו די שטאָט וואָס רופט זיך איצט מאָנטרעאל, דער קעניגלעכער בארג, האָט זיך ביי איר גרינדונג אין 1642 גערופן „וויק מארי", די הייליקע מאריע... א געוויסע פאָרשטאָט פון מאָנטרעאל רופט זיך ביז היינטיקן טאָג נאָך „דהי איילאנד אָוו דזשי־זוס" (יעזוסעס אינזל) און ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט, ווען מיר ווייסן, אז אזוי לאנג ווי די יעזואיטן האָבן געהערשט איבער קאנאדע, איז קיין אידן ניט דערלויבט געוואָרן צו באזעצן זיך אינם הייליקן יעזואיטן-לאנד.

צווישן ענגלאנד און פראנקרייך זיינען צוליב קאַנאַדע פאָרגעקומען בלוטיקע מלחמות; אין 1759 האָבן די ענגלענדער אָפּגעהאַלטן א גרויסן זיג און אָפּגענומען די הויפּט-שטאָט און די שטארקע פעסטונג ארום איר, קוויבעק. אין דער ענגלישער ארמיי האָבן זיך געפונען מערערע פּאָרטו־געזישע אידן, וועלכע האָבן זיך באזעצט אין לאָנדאָן אין די צייטן פון

קראָמוועל, ווי ס'איז באשריבן אין א באזונדער קאפיטל פון „האַנט־בוך". (זע „האַנט־בוך", דריטעל טייל, זייטן 14-18).

די ערשטע אידן פון קאַנאַדע האָבן געשריבן צו זייערע קרובים און סתם באקאנטע און פריינט, אז קאנאדע אונטער דער שוץ פון ענגלאנד, איז א גוטער פלאץ פאר אידן צו באזעצן זיך דאָרט. אויסער דעם וואָס מע ליידט ניט פון רעליגיעזן און ראסן־האס, איז דער לאנד־קויף זייער ביליק און דער באָדן זייער א פרוכטבארער.

גלייך האָבן זיך אָפּגערופן אייניקע שפאניש־פּאָרטוגעזישע אידישע פאמיליעס און זיך באזעצט אין מאָנטרעאל, די שטאָט איז געוואָרן א מיטל־פונקט פאר האַנדל און אינדוסטריע, מיט וואָס די ערשטע אימי־גראנטן האָבן זיך באשעפטיקט. די היסטאָריע וויל האָבן, אז פיל אידן האָבן זיך אויך באשעפטיקט מיט ארגיקולטור.

ניינצען יאָר נאָך ענגלאנדס זיג איבער קאַנאַדע, אין 1759, האָבן זיך שוין געפינען אזוי פיל אידן אין מאָנטרעאל, אז זיי האָבן שוין געגרינדעט א שול אויף צו דאווענען. אין 1768 איז געגרינדעט געוואָרן דאָרט די גרויסע שול „שארית ישראל". די שפאניש־פּאָרטוגעזישע אידן פון לאָנדאָן האָבן זיי געשענקט די ערשטע צוויי ספרי תורות. אן אייגענע געבויטע שול האָבן זיי ערשט אויסגעבויט אין יאָר 1777. די שול האָט זיך געפונען צו יענער צייט אויף דעם ווינקל פון סעינט דזשיימס און נאָטרדעם סטריט. נאָך צופאָר מיט 2 יאָר, אין 1775, האָבן די קאַנאַדער אידן געקויפט א פלאץ אין סעינט זשאַנוויעווע סטריט פאר א בית עולם. אין דעם זעלבן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע אין אמעריקע און דער קאָנגרעס אין פּי־לאדעלפיא האָט באשלאָסן אָפּצונעמען קאַנאַדע. די אמעריקאַנער האָבן אָבער געליטן א דורכפאל. דער גענעראל מאָנטגאָמער מיט זיין מיליטער זיינען ביי קוויבעק באזיגט געוואָרן פון די ענגלענדער. אין 1791 איז גע־שאַפן געוואָרן א קאָנסטיטוציע פאר קאַנאַדע.

אין יאָר 1807 איז א איד מיטן נאָמען יחזקאל הארט געוויילט גע־וואָרן אין דער שטאָט טהרי ריווערס (דריי טייכן) אלס דעפּוטאַט אין דער לעגיסלאטור פון דער פּראָווינץ קוויבעק. ווען די ניי דערוויילטע דע־פּוטאַטן זיינען איינגעשוואוירן געוואָרן און ס'איז געקומען צו זיין באַ־שווערונג, האָט ער א זאָג געטאָן: „איך בין א איד און קאָן שווערן נאָר מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ און ביי א תנ"ך". אין דער לעגיסלאטור איז אויס־געבראָכן א שטורעם און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א אידן־פראגע. די יעזואיטן האָבן אויף קיין פאל ניט געוואָלט צולאָזן א אידן אלס דעפּוטאַט אָדער

אסעמבלימאן, וועלכער זאָל שאפן געזעצן פארן לאַנד. די ענגלישע דע־פוטאַטן האָבן פּראָטעסטירט און באוויזן אז פאר דער קאָנסטיטוציע פונם לאַנד זיינען אלע, אָן אונטערשיד פון גלויבן, גלייך. זיי זיינען אָבער געווען אין דער מינדערהייט. און דאָך איז אין יאָר 1832 אויסדערוויילט געוואָרן אין פּארלאַמענט דער ערשטער איד, מיסטער נייטהען, פון בריטיש קאָלאָמביא.

אין 1837 איז ווידער אויסגעבראָכן א רעוואָלוציע אין קאַנאַדע. די יעזואיטן האָבן אויפגערייצט די פראנצויזן. פיל אידן פון דעם אָרדן „שארית ישראל" זיינען אריינגעטרעטן אין דער ארמיי און ארויסגעוויזן זייער אָפּפערוויליקייט און פּאטריאָטישע איבערגעגעבנקייט פארן לאַנד, און ווען די ענגלענדער האָבן געזיגט, האָבן זיי געוואוסט ווי צו שעצן די אידן. אויך די באזיגטע פראנצויזן אפילו, האָבן אָנערקענט אידישע פארדינסטן און זייער ווערט אין לאַנד, און פון דעמאָלט אָן האָבן אָנגע־הויבן ענגלענדער און פראנצויזן לעבן פרידלעך מיט די אידן.

אין דער לעצטער צייט ווען דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך פארשפּרייט איבער דער וועלט, האָבן זיך שוין אויך אין קאַנאַדע באוויזן סימנים פון אידן־האס, אָבער די סימנים זיינען ניט קיין באדייטנדע. זייט 1846 האָבן אָנגעהויבן אריינצוקומען קיין קאַנאַדע אידן פון פּוילן און דייטשלאַנד. די פּוילישע רעוואָלוציע פון 1831 און די אומרוען אין דייטשלאַנד פון 1848, האָבן געצוואונגען פיל אידן איסצואוואנדערן קיין אַמעריקע און קאַנאַדע. און אין מאָנטרעאל האָט זיך אין דעם יאָר געגרינדעט אַ צווייטע אידישע געמיינדע פון אשכנזים. אין 1881 — ווי שוין געזאָגט — זיינען דורכן לאָנדאָנער קאָמיטעט, וועלכער איז געקומען אין פארבינדונג מיטן קאָמיטעט אין מאָנטרעאל, פיל עמיגראנטן געקומען קיין קאַנאַדע. די ערשטע אידעע איז געווען צו גרינדן פאר זיי אגריקולטור - קאָלאָניעס אין דער נאָרד־וועסט פון קאַנאַדע. ס'איז אָבער ניט אזוי לייכט צו מאַכן גוטע ערד־ארבעטער פון מענטשן וועלכע זיינען ניט געוואוינט געווען דערצו און באזונדערס איז שווער געווען צו באזעצן אזעלכע מענטשן אין געגענטן שוואך באפעלקערטע. באלד איז אָבער געקומען דער גרויסער פילאַנטראָפּ באראָן הירש, זכרונו לברכה, מיט זיינע גרויסע נדבות און ס'איז געגרינדעט געוואָרן פאר זיי קאָלאָניעס אין דער פּראָווינץ אססי־ניבאיא, א זייער פרוכטבארער באָדן און די קאָלאָניסטן האָבן זיך לאַנג־זאם צו יענער צייט אָנגעהויבן ארויפצוארבעטן.

די אידן וואָס האָבן זיך ניט באזעצט אויף די באראָן הירש־קאָלאָניעס,

האָבּן זיך באַזעצט אין די גרויסע שטעט פון קאַנאַדע און באַשעפטיקן זיך מיט האַנדל און אינדוסטריע.

די גרעסטע אידישע געמיינדע געפינט זיך אין מאָנטרעאל מיט זייער טיכטיקע און וויכטיקע פאַרשטייער.

**תרמ״א—1881.** — דער טויט פון בנימין דיזראעלי, לאָרד ביקאָנספילד.

„מע קען ניט פארגעסן — זאָגט אַ געוויסער שרייבער — ר׳ מנשה בּן ישראלם טרוימען, זיין גרויס בּאַמיען זיך בּיי קראמוועלן, זיינע פּאַרטיידי־קונגס־שריפטן (זע וועגן מנשה בּן ישראל אין דער היסטאָריע וועגן די אידן אין ענגלאנד מ. ר.). אין דער זעלבּער צייט קאָן מען אויך ניט פארגעסן, ווען מען בּאַגלייט אין געדאנק בּנימין דיזראעלי, לאָרד בּיקאָנספילד, אויף זיי־נע עטאַפּן פון דער גלענצנדסטער קאַריערע, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָר־שטעלן. גוואלדיק, בּיז גאָר גוואלדיק אינטערעסאַנט ווי אָט דער בּנימין דיז־ראעלי, אָט דער פרעמדער, מיט פרעמדע, ווייטע לענדער אין דער נשמה, מיט זיין חוצפּה, און זיינע דעמאַגאָגישע וואלרעדן, שלאָגט זיך דורך און באקומט א באזונדערן חן אין פּארלאמענט״.

בּנימין דיזראעלי איז געבּוירן געוואָרן אין לאָנדאָן דעם 21־טן דעצעמ־בּער 1804 (געשט. דעם 19־טן אַפּריל 1881) זיין פּאָטער, יצחק דיזראעלי, האָט געשטאַמט פון א רייכער ספּרדישער פאמיליע אין ווענעציע; זיין זיי־דע איז געקומען קיין ענגלאנד וואו ער האָט זיך אָפּגעגעבּן מיט מסחר. בּנימין דיזראעלי איז דערצויגן געוואָרן אין א פּריוואַט־שול, און ער פלעגט קיינמאָל נישט אָנטיילנעמען אין רעליגיאָן־אונטערריכט אָדער אינם זאָגן די קריסטלעכע תפילות. אָבּער א דאנק דעם איינפלוס פון דעם פּאָעט ראָ־דזשערס, טויפט אים זיין פּאָטער אין יאָר 1817, בּאלד נאָך דעם טויט פון זיין זיידע, בּנימין דיזראעלי.

דיזראעלי האָט זיך אויסגעצייכנט סיי אויפן ליטעראַרישן און סיי אויפן פּאָליטישן געבּיט.

איך וועל נישט בּאַשרייבּן בּאריכות זיין ליטעראַרישע און פּאָליטישע טעטיקייט, איך וועל נאָר פארצייכענען איינצלנע מאָמענטן פון זיין לעבּן כּדי דער לייענער זאָל זיך שאפן א בּאגריף וועגן דעם גרויסן איד און פּאָ־ליטיקער, וועלכער איז דורך זיין אמבּיציע געקומען צו דעם וואָס ער האָט געוואָלט: ערשטער מיניסטער.

אז דיזראעלי איז געווען א איד און שטאָלץ אויף זיין אידישקייט, צייגן

עס איבער זיין ראָמאַן „טאַנקרעד״, און די וואונדערבארע דערציילונג פון „אלראָי״, ווי מיר וועלן שפּעטער זען. דיזראעלי איז געווען שטאָלץ מיט זיין אידישער אָפּשטאַמונג; ער אליין האָט געהאלטן, אז דאָס קריסטנ־טום איז אן אנטוויקלונג פון אידנטום. „א האלבע וועלט פארגעטערט א איד און די אנדערע העלפט — א אידישקע״, האָט ער געזאָגט.

זיין פּאָליטישע קאריערע האָט ער אָנגעהויבן אלס פאָרשטייער אין פּארלאמענט. זיין ערשטע רעדע איז געווען א דורכפאל און א סקאנדאל. זיין רעדע ווערט באַגעגנט א פריער מיט איראָנישע באמערקונגען, דערנאָך מיט א גאנץ קלאָרן פארשטיין צו געבן, אז מען וויל אים נישט הערן. בנימין דיז־ראעלי פארלירט זיך אָבער נישט, ער בלייבט קאָלטבלוטיק און דאָס געפעלט נישט די שטאָלצע ענגלענדער; זיי הויבן אָן הויך צו לאַכן, מען פייפט, מען קלאַפּט איבער די שטענדערס, מען מאכט אים די שארפסטע אָבסטרוק־ציע. דיזראעלי האָט באַגעגנט דאָס לאַכן רואיק, מיט גרויס געדולד, מיט צופיל געדולד, ער האָט פארלאָזן די טריבונע, און מיט גרויס פּאַטאָס אויסגעשריען: „עס וועט קומען א צייט, ווען איך וועל אייך צווינגען מיך אויסצוהערן״. און זיינע ווערטער זיינען מקוים געוואָרן.

אין אָנפאנג פון דיזראעלים פּאָליטישער קאריערע האָט א לאָרד אים געפרעגט: „וואָס וואָלט איר וועלן זיין?״ — „ערשטער מיניסטער״ — האָט ער געענטפערט. און עס האָט זיך געפילט אין דעם ענטפער די דערקלערונג: „מילא, ווי באלד מיר, דעם אויסוואנדערער פון שפּאניע און דעם מזרח־קינד, איז באַשערט צו אָטעמען מיט אייער נעפּלדיקער לאָנדאָנער לופט און מישן זיך אין אייערע פּאָליטישע עסקים, אויס דאנקבארקייט פאר דעם אריינ־געלאָזן ווערן מיט 200 יאָר צוריק, און אויך אויס א גרויסער מאָס ערגייץ, וואָלט איך שוין וועלן מיין קאריערע דורכמאַכן וואָס שנעלער און אויף אזא אופן נעמלעך, אז ביי דעם סוף פון אָט דעם לויפן זאָל איך זיצן אויף דעם העכסטן פּאָסטן. דערפאר גיב איך אייך אָפּ מיין טאַלאַנט, מיין זודיקן טעמ־פּעראמענט, מיין סארקאזם און מיין ענערגיע. איך האָב געוויס ליב ענגלאנד, אָבער איבער די הייליקסטע ווינקלען פון מיין נשמה קען ענגלאנד נישט הערשן, וואָרום מיין נשמה איז צוזאמענגעשטעלט פון טרוימען, מיט וועלכע עס האָבן זיך ארומגעטראָגן א מנשה בן ישראל און פילע, פילע אנדערע. מיין נשמה איז דער היכל פון די דערינערונגען פון די אייניקלעך, וועמענס זיידעס האָבן געוואוינט אין די שאָטלענדישע שלעסער, און וועמעס העל־דישקייטן זיינען באשריבן אין וואלטער סקאָטס ראָמאַנען. בעסטן דאנק פאר

די גייסטפריינטשאַפט. חרטה צו האָבן האָט איר, דאַכט זיך, קיין גרונט ניט. מיר האָבן זיך, אמת, פאַרהאַלטן אין ענגלאַנד אַביסל לענגער, ווי ס'איז גע־דאַכט געוואָרן פריער, ווייל משיח איז ניט געקומען, אָבער צולייגן צו אונז האָט איר ניט צוגעלייגט... (סיי מנשה בן ישראל און סיי דיזראַעלי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דער משיח־אידעע, דורך וועלכער אידן מוזן אויסגע־לייזט ווערן. מ. ר.)

„איך—האָט ער זיך איינמאָל אויסגעדריקט—אַ דורכוואַנדערנדער איד פון דעם „ריאַלטאָ” קען טרייַ דינען דער ענגלישער קעניגין (ס'איז פון אים אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין די צייטן פון דער קעניגין וויקטאָריאַ. מ. ר.) און פאַרברייטערן און פאַרשטאַרקן איר מלוכה. איך האָב דערביי זעלבסטפאַר־שטענדלעך אויך זיך ניט פאַרגעסן, איך האָב געזעטיקט מיין אַפּעטיט פון ערגייץ, אָבער פאַרזוכט ניט צו הערשן איבער די הייליקסטע ווינקעלעך פון מיין נשמה. אויב אייך ווילט זיך וויסן, וואָס דאָרט קומט פאָר, וואָס פאַר אַ פייער דאָרט ברענט, טאָ זייט אַזוי גוט און לייענט מיינע ראָמאַנען „טאַנקרעד” און „דוד אלראָי”.

מערקווירדיק! ביקאָנספילד, וואָס האָט אַזוי געהאָלפן ענגלאַנד גרויס ווערן — זאָגט בראַנדעס — איז דאָך מיט דעם גאַנצן אויסערן זיינעם, מיט דעם גאַנצן טעמפּעראַמענט, ניט מער ווי אַן אינטערעסאַנטער עקזעמפּליאַר פון אַ פרעמדער וויטער ראַסע. זייער אומפאַרזיכטיק פון אַ מענטשן, וועל־כער מיט זיין גאַנצער, לאַנגער ליטעראַרישער און גייסטיקער טעטיקייט, וויל געבן צו פאַרשטיין, אַז ס'איז גאָר ניט אַזוי שווער צו קומען און ווערן אַ פראַנצויז, אַ דענער, אַן ענגלענדער... (צו יענער צייט זיינען זיי געווען ביז גאָר ריכטיק. מ. ר.). אַנטקעגן גלאַדסטאָנען איז געזעסן אַן אַלטער, אַל־טער איד, מיט טיפע אַלטע וואָרצלען אין אַ טיפער אַלטער פאַרגאַנגענהייט, און דער איז געווען בנימין דיזראַעלי, לאָרד ביקאָנספילד.

## ה. תרמ״ב—1882 — דער געבורט פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש.

לעאָן כאַזאַנאָוויטש איז אַרגענטינער אידן באַקאַנט אַ דאַנק די ליידן זיינע פאַר זיין „אמת מארץ אַרגענטינא”. דאָס אַליין איז אַ שטיק היסטאָ־ריע וואָס האָט די ווערט צו פאַרצייכנט ווערן, אָבער איך וויל ברענגען די כראָנאָלאָגיע כסדר.

לעאָן כאַזאַנאָוויטש איז געבוירן געוואָרן אין שירווינט, ווילנער גוב. ביי שטרענג אָרטאָדאָקסישע עלטערן. זיין ריכטיקער נאָמען, איז פתריאל

שוב. ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען האָט זיך אין אים דערוועקט די רייזע לוסט. ער פארלאָזט זיין היים און לאָזט זיך אוועק וואנדערן איבער דער וועלט. אין דער זעלבער צייט גיט ער זיך אָפּ מיט אייגענער בילדונג. ער איז געווען א גלענצנדער לעקטאָר און פּראָפּאַגאַנדיסט. אין יאָר 1909 קומט ער קיין ארגענטינע, וואו ער האָט זיך מיט דער גרעסטער געטריישאַפט צוגעקוקט צו דעם לעבן פון די ארגענטינער קאָלאָניסטן, און דורכגעפירט זיין בארימטע געוואָרענעם קאַמף קעגן דער יק"א.

ווי באוואוסט איז די יק"א א באקאנטע אידישע פילאנטראָפּישע אָר־גאניזאציע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן פון בּאראָן הירש, וועלכער האָט געחלומט צו בּאזעצן הונדערטער טויזנטער אידן אויפן פרוכטבארן באָדן פון די ארגענטינער סטעפּעס. אָפּגעבנדיק זיין גאנץ פארמעגן פאר דעם צוועק, איז ער אָבער צום באדויערן נכשל געוואָרן מיט אנשים שאינם מהוגנים, אָנפארטרויענדיק די פארוואלטונג — נאָך זיין טויט, צו אסימי־לירטע „יאהודים", וועלכע האָבן געקוקט אויף די אומגליקלעכע רוסישע אידן וועמען דער בעסערער גורל האָט זיי געצוואונגען צו אימיגרירן קיין ארגענטינע — ווי אויף שנאָרערס, וועמען מען טאָר ניט פארטרויען פון דאנען אהין, און מען מוז זיי האַלטן אין א סאָלדאַטסקע דיסציפּלין. אין רוסלאנד, וואו עס האָט עקזיסטירט א מעכטיקע אידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאניזאציע וועגן דעם צוועק פון באאָבאכטן אויף די דאָרט באזעצטע קאָלאָניסטן, און אויף פארשידענע פילאנטראָפּישע יק"א טעטיקייט, און אויך אין ארץ ישראל, וואו יעדער שריט פון דער יק"א איז באמערקט געוואָרן פון דער אלוועלטלעכער אידישער פּרעסע, האָבּן די געשיקטע שליחים פון דער יק"א ניט געקענט צעפירן זייערע הענט, דערפאר אָבער אין ארגענטינע, וואָס איז נאָך מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר פריער געווען א פארוואָרפענער ווינקל, וואוהין א מענטש מיט א פעדער פלעגט זעלטן פארבלאָנדזשען, האָבּן זיך יק"א שליחים — אדמיניסטראַדאָרן — געפילט ווי אין א אייגענעם וויינגאָרטן. זיי האָבּן פארוואנדלט דעם אידישן קאָ־לאָניסט וואָס האָט געדארפט אָנקומען צו זייער טובה אין אן אמתן שקלאַף. זיי האָבּן געשאַפן וועגן אים ענגהערציקע „געזעצן", זיי האָבּן אים אויך מאַטעריעל עקספּלואַטירט, אויף אזא אופן, אז די גאנצע קאָלאָניזאציע האָט געהאַלטן ביי צוזאמענברעכן.

כאַזאַנאָוויטש איז געקומען און ניט פארבליבן אין דער הויפּט שטאָט בוענאָס איירעס, נאָר אָנגעהויבן צו באַרייזן אלע לאַנדווירטשאַפטלעכע

קאָלאָניעס. זיין שאַרף אויג האָט גלייך באַמערקט די קייטן מיט וועלכע די קאָלאָניסטן זיינען פון די יק"א משרתים געוועזן געפּענטעט... זיין האַרץ האָט געבלוטעט צוזעענדיק די פאַרשקלאַפטקייט... און אַזוי ווי ער האָט פאַרמאָגט אַ ברייטנדן כאַראַקטער און אַ רעוואָלוציאָנערישן געמיט, האָט ער גלייכגילטיק ניט געקאָנט פאַרבלייבן, און האָט אויפגעמונטערט די קאָלאָניסטן צו אַ ווידערשטאַנד קעגן זייערע בעלי בתּים. אין גאַר אַ קורצע צייט האָט עס שוין געהאַלטן ביים צונויפקומען פון אַן אַלגעמיינעם קאָלאָניסטישן צוזאַמענפאָר וואָס האָט געזאָלט שיקן אַ פּראָטעסט־דעלעגאַציע אין די וויכטיקסטע שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע. האָבן אָבער דער יק"אס אָרטיקע טשינאָווניקעס דערשמעקט די סכּנה, וואָס עס דראָט זייער ממשלה, און באַנוצט דאָס שענדלעכע מיטל פון זאָגן דעם פּריץ... די שטימונג פונם לאַנד צו יענער צייט איז געווען אַ צערודערטע, דאַנקענד דעם אַנאַרכיסטישן אַטענטאַט וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אַ איִדישן אַנאַרכיסט אויף דעם דעמאָלטדיקן פּאָליציי שעף. און דער פּריץ, ווען מ'האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ פאַרדעכטיקטן פּערזאָן, אים חושד זיין אין אַנאַרכיזם, האָט ער זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטן, און נאָכן דאַנק וואָס די טרייע פריינט האָבן באַקומען, האָט מען כאַזאַנאָוויטשן אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

כאַזאַנאָוויטשעס קאַמף קעגן דער אַרגענטינער יק"אס אַדמיניסטראַציע איז ניט פאַרלוירן געגאַנגען. אומקערנדיק זיך צוריק קיין אייראָפּע, האָט ער אַרויסגעגעבן אויף אידיש און דייטש אַ בוך: „וועגן דעם קריזיס פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע". דאָס בוך האָט אויפגעשטורעמט אייניקע אָרגאַנען פון דער אידישער פּרעסע, און געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די הויפּט־פירער פון דער יק"א אין פּאַריז. זיי האָבן אַרויסגעזען אַז די פאַרוואַלטונג אין אַרגענטינע האָט איבערגעכאַפּט די מאָס...

די יק"א פאַרוואַלטונג האָט אויף דער אָנווייזונג פון דער פּאַריזער דירעקציע אָנגעהויבן ווערן מער פאָרזיכטיקער... גלייך נאָכדעם, ווי די קאָלאָניסטישע לאַגע איז פאַרבעסערט געוואָרן אַ דאַנק כאַזאַנאָוויטשעס איינפלוס דורך זיין געדרוקט וואָרט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרייע עמיגראַציע קיין אַרגענטינע. צווישן די אָנגעקומענע אימיגראַנטן האָט זיך געפינען אַ באַדייטנדער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער עלעמענט וועלכער האָט געריניקט די אידישע געזעלשאַפט פון די פרויען הענדלער און זיי

געגצלעך פארטריבן. דעם דאָזיקן אָנגעקומענעם עלעמענט איז צו פאַר־דאנקען די קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אנטוויקלונג נישט נאָר פון דעם אידישן ישוב אין דער הויפט שטאָט פון ארגענטינע נאָר אויך פון דער פראָווינץ.

לעאָן כאזאנאָוויטש איז געשטאָרבן דעם 15־טן סעפטעמבער 1925.

## ה. תרמ"ב — 1882 — די גרינדונג פון אידישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל דורך חובבי ציון.

איך האָב נאָך אין דער צווייטער טייל פונם „האנט־בוך פאר אידישער געשיכטע" פארצייכנט דעם אָנהויב פון דער חבת ציון עפּאָכע. (זע „האַנט־בוך", 2־טע טייל, זייטן 267—271). איך האָב כאראקטעריזירט באוואוסטע פערזענלעכקייטן, זייער אייפריקייט און אָפּפערוויליקייט פאר דער אי־דעע, זייער מוט און ענערגיע צו דער ערשטער פּיאָנערישער שאפונג פון די ערשטע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. איצט וויל איך אין קורצן פאַר־צייכענען די קאָלאָניעס וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון די חובבי ציון. איך וועל דאָ נישט ברענגען קיין סטאטיסטישע דאטן פון זייער אנטוויק־לונג און אויפשטייג. איך וויל נאָר באקענען דעם לייענער מיט אינטערע־סאנטע פאקטן ארום דער גרינדונג פון די ערשטע ישובים אין פּאַלעסטינע, מיט די אָפּפער וועלכע זיינען פון די פּיאָנערן געבראכט געוואָרן אויפן מזבח פון דער ערשטער קאָלאָניזאציע, די טרויעריקע און צומאָל אויך פריילעכע עפּיזאָדן וועלכע זיינען געשען צו יענער צייט. זיי קאָנען דינען אלס א מוסטער פון מסירת נפש וואָס אונזערע ברידער האָבן ארויסגעוויזן.

איך וועל אָנהויבן פון דער ערשטער קאָלאָניע „ראשון לציון":

„ראשון לציון" איז געגרינדעט געוואָרן דורך די „שבעה קני המנורה" — ווי מען האָט זיי צו יענער צייט גערופן — לעוואנטין, פריימאן, האנ־קין, אייזמאן, אייזענבאנד, הערבערט און אבראמאָוויטש, קויפנדיק לאנד אויף א שטח פון לערך 3500 דונאם. ס'איז כדאי צו פארצייכענען דעם עפּיזאָד, וואָס ווערט דערציילט פון לעוואנטין: גייענדיק צום ערשטן מאָל צו דעם אָרט, וואו ס'איז באשטימט געוואָרן צו לייגן דעם ערשטן ווינקל־שטיין פאר דעם אויפבוי פון דער קאָלאָניע, איז ער געגאנגען צוזאמען מיט די אנדערע זעקס חברים זיינע. ער האָט זיך אָבער דורך אומפאָרזיכטיקייט אָפּגעטיילט פון זיי, און פארבלאנדזעט צוזאמען מיטן וועג־ווייזער, וועלכן זיי האָבן מיטגענומען פון ירושלים. די נאכט האָט צוגעטרעטן, און זיי זיינען געווען געצוואונגען צו פארבלייבן נעכטיקן אויפן פארבלאָנדזעטן

וועג, מורא האָבנדיק אין דער פינצטער צו גיין זוכן די חברים. דאָס פינצטערניש האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דעם לאַנגן און ברייטן שטח, און נאָר אַ שוואַכע ליכט האָט זיך געלאָזט ווייזן פון די בעדואינישע געצעלטן, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּרייט אויף יענעם שטח. די קעלט איז אַריינגעקראָכן טיף אין זייערע ביינער, קיין וואַרימע קליידער האָבן זיי ניט מיטגענומען, רעכענענדיק אַז ביז נאַכט וועלן זיי שוין זיין צוריק אין שטאָט; דער הונגער האָט זיי אָנגעהויבן צו קוועלן, ווייל די שפּייז איז פאַרבליבן אויפן וואָגן מיט זיינע חברים. טרויעריקע געדאַנקען האָבן אָנגעפילט זיין מח, און דער צווייפל-וואָרם האָט אָנגעהויבן דעמזעלבן צו לעכערן. ווער ווייסט — האָט אים אין זיין מח אָנגעהויבן צו עקבערן, — אויף וואָס פאַר אַ געפערלעכן וועג זיי האָבן זיך אונטערגענומען צו גיין. „אַ שווערער זיפץ — דערציילט ער — האָט אויסגעבראָכן פון זיין האַרצן, און טרערן, הייסע טרערן האָבן זיך פון זיינע אויגן אַ גאָס געטון, און זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם טוי, וואָס איז געפאַלן אויף דער טרוקענער ווויסטער ערד. זיין וועג-ווייזער, האָט אים גלייך, — ווען ער האָט דערזען זיין פאַרצווייפלונג — אַן עצה געגעבן, ער זאָל זיך מיט זיינע חברים אָפּזאָגן פון דער פאַנטאַסטישער אידעע, צו באַזעצן זיך אין אַזאַ ווויסטן געגנט, צווישן אַזעלכע ווילדע בעדואינער, אונטער וועלכע זיי וועלן ניט זיין זיכער מיטן לעבן. און ס׳איז גלייכער — האָט ער אים גע׳עצה׳ט, — צו לאָזן פאַרפאַלן גיין דאָס געלט וואָס זיי האָבן אָפּגעגעבן פאַר דער קניה, איידער שטעלן אין סכנה זייער לעבן, און דאָס לעבן פון זייערע פאַמיליעס. צום ערשטן — דערציילט ער ווייטער — האָט ער מיט ביטערניש אַ טראַכט געטון: אפשר האָט דער ירושלים׳ער וועג-ווייזער טאַקע רעכט? מילא, ער ווי ער, אָבער די פרויען, די קינדער, פאַר וואָס זאָל איך זיי שטעלן אין אַ מקום סכנה?.. גלייך אָבער האָט ער דעם געדאַנק פאַרוואָרפן, און אַ געשריי געטון: און דאָך, וועל איך ביי מיין פאַנטאַסטישער אידעע פאַרבלייבן! גלייך זיינען אונטערגעקומען זיינע חברים, און מיט דעם גרעסטן ענטוזיאַזם — נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אונטערגעליינט דאָס האַרץ מיט ארץ-ישראל פּרוכטן — אויסגעשריען: „דאָ וועט קומען דער „ראשון לציון”!

און ס׳איז אויפגעבויעט געוואָרן דער באַרימטער מושב ראשון לציון, מיט דעם באַרימטן קעלער, פאַר דער פאַבריקאַציע און אינדוסטריע פון כּרמל וויין.

נאָך „ראשון לציון” איז געגרינדעט געוואָרן דער מושב „עקרון”

(מזכרת בתיה). אויך דאָ געפין איך אינטערעסאנט צו דערמאנען אויף וועלכן אופן דער מושב איז געגרינדעט געוואָרן.

אין יאָר 1883, ווען די מהומות האָבן זיך ווי א כוואליע צעשפרייט איבער גאנץ רוסלאנד, האָט זיך דער גאון ר׳ שמואל מאָהילעווער פאַר־געשטעלט פארן באַראָן עדמונד ראָטשילד (ווי ס׳איז באשריבן אין א באַ־זונדער קאַפיטל) און געשילדערט פאר אים די טרויעריקע לאגע פון זיינע צפון ברידער, און אים געבעטן ער זאָל פאר די אָרימע וואנדערנדע ברידער גרינדן קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, זיי זאָלן זיך באשעפטיקן מיט ערד־ארבעט. דער נדיב הידוע האָט זיך תחילת געקווייקלט צו נעמען אויף זיך אזא אחריות, זאָגנדיק, אז ער האָט ניט קיין שטאַרק גלויבן אין זיינע צפון־ברידער זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיט עבודת אדמה. ר׳ שמואל מאָהילי־ווער האָט אים פאָרגעשלאָגן צו מאכן א פּרואוו, ארויסצונעמען די אידישע קאָלאָניסטן פון גראָדנער גוב. פאר זיי גרינדן קאָלאָניעס, וועט ער זיך איבערצייגן ווי ווייט אידן זיינען פעאיק צו פארוואנדלען א מדבר אין א פרוכטבאר לאנד. דער באַראָן האָט אים געפאָלגט, און געקויפט פאר די קאָלאָניסטן א גרויסן שטח לאנד אין ארץ ישראל, און באזעצט דאָרט די קאָלאָניסטן, פון וועלכע דער באַראָן איז ביז גאָר צופרידן געבליבן, און א נאָמען געגעבן דעם מושב: „עקרון״ (ארויסגעריסן) ווייל זיי זיינען ארויסגעריסן געוואָרן פון דעם פינצטערן לאנד, און צוגעזעצט דעם נאָמען „מזכרת בתיה״ נאָך דעם באראָנס א אייגענע.

די צוויי דערמאנטע קאָלאָניעס קערן זיך גאנץ ווייניק אָן מיט די חובבי ציון, דערפאר אָבער די קאָלאָניע „גדרה״ איז שוין זייער ערשטער פּראָדוקט. „גדרה״ איז דאָס ערשטע ליבע טעכטערל. און ליב דאַרף דאָס טעכטערל זיין ביי אונז אלע, ווייל מיט איר האָבן זיך משדך געווען די בעסטע יוגנט פונם אידישן פאָלק. אָט די יוגנט, וועלכע האָט גע׳חלום׳ט שיינע חלומות, געהאט ליכטיקע אילוזיעס, פון פרייהייט, גלייכהייט און נאָך גליקן... און אויפגעכאפּט האָט זיך די יוגנט פון דעם זיסן שלאָף, און אנערקענט, אז די שיינע חלומות וועלן אויך אויף ווייטער פארבלייבן ניט מער ווי חלומות, און אויסטשוכנדיק זיך אויסגעשריען: „מיר ווילן מער ניט חלומ׳ען, מיר זיינען געווען פארבלענדעט פון א מיראַזש, פון א אור־ליכט, און איצט ווילן מיר זיך צוריקקערן צו דעם ליכט, וועלכעס האָט גע־לייכטעט פאר אונז צופאָר מיט דריי טויזנט יאָר... „בית יעקב לכו ונלכה!״ פארלאָזט האָט די יוגנט דעם שטודיום, צעבראָכן די פעדערס, פארזיגלט די לער־ביכער, און זיך אוועקגעלאָזט צו די בערג פון יהודה, נישט צו

באַזינגען זיי, נאָר צו־באַארבעטן, נעמען אין די איידעלע הענט דעם אקער־אייזן און מיט דעם זעלבן — אנשטאָט פעדערס — צו באַדינען זיך... דער היסטאָריקער, וועלכער וועט באַשרייבן מיט אַלע פּרטים די היסטאָריע פון די קאָלאָניעס, פון זייער גרינדונגס־פּעריאָד אָן ביז היינט צו טאָג, וועט געוויס בלעטער האָבן צו באַשרייבן וועגן די טרערן, וואָס די יונגעלייט — וועלכע האָבן זיך גערופן ביל״ו־צעס — האָבן פאַרגאָסן אויף ציונס פעלדער... צוויי יאָר האָבן די גייסטיקע און נאָכדעם אויך פיזישע העלדן, געאַרבעט אַלס טאָג־אַרבעטער ביי זייערע קאָלאָניסטן ברידער, געליטן און אויסגעשטאַנען ניט וויניק צרות און שמערצן, ביי טאָג פאַרברענט געוואָרן פון דער זון, און ביי נאַכט געציטערט פון קעלט, ניט האָבנדיק קיין אָרט וואו צו שלאָפן, געוואַלגערט זיך אויף אַלע מיסטן... זיך געשפּייזט מיט „אָרים ברויט און מאַנגל־וואַסער״. געליטן און צופרידן געווען, געדולדעט און ניט פּראָטעסטירט. ניט געוואָלט עובר זיין די שבועה וואָס זיי האָבן געשוואוירן, ניט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד אין וועלכע שלעכטע אומשטענדן זיי זאָלן זיך ניט געפונען. און אזוי האָבן זיך די טייערע און ליבע יונגעלייט אָפּגעוואַלגערט אין צרות און ליידן צוויי יאָר כסדר. ערשט אין 1884 זיינען אונטערגעקומען די „חובבי ציון״, און זיך געזאָרגט פאַר זיי. ס׳איז דורך זיי געקויפט געוואָרן לאַנד, אין דער נאָענטקייט פון יפו, ביים דאָרף קאַטרא, און דאָרט באַזעצט צען פון די ביל״וצעס, אָבער צום באַדויערן, זיינען זיי אויך דאָרט ניט געקומען „אל המנוחה ואל הנחלה״. די חובבי ציון זיינען ניט אימשטאַנד געווען — ניט האָבנדיק קיין געלט־מיטלען — צו פאַרזיכערן זייער עקזיסטענץ, צוגלייך מיט די קאָלאָניסטן, וועלכע זיינען געקומען אונטערן שוץ פונם „נדיב הידוע״. און אייניקע פון זיי, ניט קענענדיק איבערטראָגן די נויט וואָס האָט געהערשט אין דער קאָלאָניע, האָבן זי פאַרלאָזט; פאַרלאָזט די ערד, אין וועלכער זיי האָבן באַגראָבן זייערע האָפנונגען צו האָבן אויף איר א גליקלעכע צוקונפט. יאָ, די ערד האָבן זיי פאַרלאָזט, אָבער ניט דאָס לאַנד...

נאָך „גדרה״ דאַרף פאַרצייכנט ווערן די קאָלאָניע „רחובות״ און מיט רעכט קאָן געזאָגט ווערן, אז „רחובות״ איז געווען א מוסטער צו די ווייטערדיקע געגרינדעטע קאָלאָניעס. ווייל די פריערדיקע זיינען דאָך באַזעצט געוואָרן פון „יוצאי חפזון׳דיקע״... אָט פון די, וועלכע די טרויעריקע לאַגע אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען, האָט זיי געצוואונגען צו זאָגן נעשה ונשמע... און יעדער שטיין וועלכער איז פון זיי געלייגט געוואָרן, יעדעס ביימעלע, וואָס איז פון זיי געפלאַנצט געוואָרן, יעדע בלום וועלכע איז פון

זיי פארזעצט געוואָרן, יעדעס קערנדל וואָס איז פון זיי אין דער ערד גע־וואָרפן געוואָרן, איז מיט שוויים באַנעצט געוואָרן, און צום ענדע אין בלוט פארטרונקען געוואָרן... און ווען ניט דער נדיב הידוע מיט זיינע מיליאָנען, און דער פילאַנטראָפּ קלונומוס זאב וויסאצקי מיט זיינע טויזנטער זאָלן ניט געווען אונטערקומען צו העלפן די חובבי ציון מיט זייער שטיצע, ווער ווייסט אויב זיי וואָלטן איינגאנצן ניט אונטערגעגאַנגען... ניט אזא אָבער איז געווען דער גורל פון דער קאָלאָניע רחובות. די דאָזיקע קאָלאָניסטן זיינען ניט געווען קיין יוצאי חפזונדיקע.

ווי געזאָגט, איז רחובות געווען א מוסטער מיט איר באַשעפטיקן אויף ארבעט, אויסשליסלעך נאָר אידישע ארבעטער. אין דער ערשטער צייט האָבן זיך דאָרט באַשעפטיקט ביי דריי הונדערט אידישע ארבעטער, און זיי האָבן איבערצייגט, אז זיי זיינען אין אן ערך פעאיקער ווי די אראבי־שע. די קאָלאָניסטן, צו יענער צייט, זיינען געווען רעליגיעז געשטימטע, ליב געהאט דאָס לאנד, און איבערגעגעבן מיט דער גאנצער נשמה צום פאָלק, זיין תורה און זיין שפראך...

נאָך רחובות קאָן פארצייכנט ווערן דער קליינער מושב „נחלת ראובן”, געגרינדעט אין מאָנאַט אב 1882. דאָס לאנד פאר דער קאָלאָניע איז גע־קויפט געוואָרן דורך ה׳ לערנער פון כערסאָן, און ער האָט פארקויפט חלקים׳ווייז צו די וועלכע האָבן זיך נאָכדעם דאָרט באַזעצט. די קאָלאָניע געפינט זיך דריי שעה רייזע פון יפו, א שעה פון ראשון לציון און פונם מיטללענדישן ים.

די ערשטע צאָל קאָלאָניסטן צוזאמען מיט די ארבעטער האָט צו יענער צייט דערגרייכט צו דרייסיק משפחות, לערך הונדערט פערזאָן מענער און פרויען, אלע פלייסיקע און אויסשטייענדיק א אויסערגעוויינלעכן דלות האָבן זיי דאָך די קאָלאָניע ניט פארלאָזט. די חובבי ציון זיינען זיי מערערע מאָל צו הילף געקומען. נאָך „נחלת ראובן” קומט די קאָלאָניע „באר טוביה”, אָדער קוסטיניא. די קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן פון 25 פאמיליעס פון בעסאראַביע, אויפן לאנד וואָס איז געקויפט געוואָרן דורכן באראָן עדמונד ראָטשילד. די קאָלאָניע געפינט זיך זעקס מיט אַ האַלבער שעה רייזע פון יפו, אנדערהאלבן פון גדרה און לערך צוויי שעה פונם מיטל־לענדישן ים.

די דערמאנטע קאָלאָניעס קאָנען צוגערעכנט ווערן צו דעם ערשטן פעריאָד פון די חובבי ציון, ווי אויך די קאָלאָניע „מקוה ישראל” וועלכע

איז געגרינדעט געוואָרן נאָך מיט 13 יאָר פאַר דער חבת ציון באַוועגונג, ד. ה. אין 1869, דורך ה׳ קאַרל נעטער, א באַפאָלמעכטיקטער פון דער חברה „כל ישראל חברים״, וועלנדיק צוגרייטן אין אַרץ ישראל א דור פון אידישע געלערנטע קאָלאָניסטן, באַזעצנדיק גאַנץ יונגע געלערנטע לייט, מיט דער האָפענונג, אז זיי וועלן באַפעסטיקן דעם „בית ישראל״ אויף דער ערד פון „ארץ ישראל״. אויף וויפיל זיי איז געלונגען לאָז איך אי־בער צום אורטייל פון צוקונפטיגן היסטאָריקער...

איינס קאָן דאָ פאַרצייכנט ווערן, אז אין דער שולע וועלכע איז דאָרט געשאַפן געוואָרן, זיינען די אידישע למודים געווען א חוב און די קאָלאָ־ניסטישע קינדער האָבן דאָרט פראַגרעסירט, געמאַכט גרויסן פאָרשריט אין דער העברעאישער שפראַך (איצט ווען די העברעאישע שפראַך איז געוואָרן די הערשנדע שפראַך אין לאַנד, איז עס קיין חדוש ניט).

די ערשטע קאָלאָניע איז „זכרון יעקב״ (סאַמאַרין). „זכרון יעקב״ קאָן פאַרעכנט ווערן ווי די ערשטראַנגיקע קאָלאָניע אין גליל, פונקט ווי ראשון לציון אין יהודה. דער שיינער מושב, אָדער ווי מען קען זי מיט רעכט אָנרופן, די שיינע שטאָט, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תרמ״ב—1882, דורך רומענישע אויסוואַנדערער. גלייך נאָך דעם ווי דער שטראָם פון דער רומענישער עמיגראַציע האָט זיך א לאָז געטאָן צו באַזעצן זיך אין דער קאָלאָניע, איז אַרויס דער באַוואוסטער פורמאַן (דעקרעט) פון דער טערקישער רעגירונג וועלכער האָט פאַרבאָטן אידן צו באַזעצן זיך אין לאַנד. און אזוי אַרום איז די לאַגע פון דער קאָלאָניע געוואָרן א קאַ־טאַסטראָפאַלע; פילע שוין אָנגעקומענע זיינען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע, און די וועלכע זיינען שוין פאַרבליבן זיינען געוואָרן אָרים ווי דער טויט, און די לאַגע איז ביז גאָר אַ קריטישע געוואָרן, און ווען נישט דער נדיב הידוע זאָל געווען אונטערקומען מיט זיין שטיצע, וואָלט די קאָלאָניע חרוב געוואָרן; א דאַנק זיינע נדבות, איז די קאָלאָניע אויפגעלעבט געוואָרן, און זי איז — ווי געזאָגט — די ערשטראַנגיקע צווישן די אַלע קאָלאָניעס אין גליל.

די צווייטע אין גליל איז די קאָלאָניע ראש פנה, וועלכע צייכנט זיך אויס מיטן פעטן און גוטן באָדן, מיט דער געזונטער, פרישער און ריינער לופט און מיט די — ווי קרישטאָל לויטערע קוואַלן.

אויך די קאָלאָניע ראש פנה איז לכתחילה געקויפט געוואָרן פון דרייסיק רומענישע אויסוואַנדערנדע פאַמיליעס, און אייניקע פון אַנדערע

לענדער; אויך די קאָלאָניע האָט שרעקלעך געליטן די ערשטע צייט; אויסער די קריטישע עקאָנאָמישע לאגע, אויסער די ליידן פון פארשידענע קרענק, וואָס האָט אָנגעגריפן די קאָלאָניסטן, איז נאָך געקומען אויף איר אַן אומגערעכט אומגליק, וועלכער האָט געדראָט מיט דעם חורבן פון דער גאנצער קאָלאָניע. א קאָלאָניסט האָט בשוגג דערשאָסן אַן אראַ-בער, און דער בשוגג'דיקער טאַט האָט אויף אזוי פיל ארויפגעצויגן דעם צאָרן פון די אראבער, אז אלע זיינען געוואָרן די „גואלי הדם", און האָבן זיך פארנומען אינגאנצן אויסצוראָטן די קאָלאָניע. יענע צייט ווען דאָס לאנד איז געווען אונטער דער טערקישער ממשלה, און די קאָלאָניסטן האָבן זיך נאָך געשראָקן פאר א „קול עלה נדף", איז קיין אנדער רעטונג פאר זיי ניט געווען ווי נאָר אָננעמען דאָס מיטל ווי אין דעם לאנד פון וועלכן זיי זיינען געקומען, צו אנטלויפן... פיל קאָלאָניסטן זיינען אנטלאָפן קיין צפת און די איבעריקע זיינען פארבליבן פארבאהאלטענע אין שרעק און ציטערניש, און ווען ניט דער באראָן זאָל געווען אונטערקומען מיט זיין שטיצע און שוץ אויף „כופר נפש", וואָלט די קאָלאָניע חרוב ונחרב געוואָרן פון די אראבער. א דאנק אים איז די קאָלאָניע געוואָרן אין פולן זינען פון וואָרט א „ראש פנה".

די דריטע קאָלאָניע קען באצייכנט ווערן מיטן נאָמען „יסוד המעלה". פיר שעה רייזע פון צפת, דריי שעה — פון ראש פנה, און א שעה רייזע פונם ירדן, געגרינדעט געוואָרן אין תרמ"ג, 1883, דורך 25 פאמיליעס מעזריטשער אויסוואנדערער.

די ערשטע צייט האָבן די קאָלאָניסטן שרעקלעך געליטן. ערשט אין יאָר תרמ"ה, 1885, האָבן די חובבי ציון זיי אָנגעהויבן צו שטיצן. זיי זיי-נען אָבער ניט אימשטאַנד געווען מיט זייערע נדבות צו פארזיכערן זייער עקזיסטענץ, און די קאָלאָניע יסוד המעלה איז אינגאַנצן איבערגעגאנגען אין רשות פונם באראָן ראָטשילד, און זי איז באלעבט געוואָרן.

די פערטע קאָלאָניע, משמר הירדן, וועלכע האָט זיך גערעכנט אין יענער צייט אלס די יונגסטע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תר"נ—1890, דורך דעם חובב ציון ליובארסקי, וועלכער האָט דאָס לאנד געקויפט פון די אראבער, און עס פארקויפט צו ה' שוב פון צפת, און דער האָט עס פאר'מסחר'ט צו איינציקע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן צוזאמען געגרינדעט די קאָלאָניע, און א נאָמען געגעבן „משמר הירדן". די קאָלאָניע געפינט זיך ביים ברעג ירדן, נעבן דער בריק „בנות

יעקב", א האלבע שעה רייזע פון יסוד המעלה, אנדערטהאַלבן שעה פון ראש פנה, און בײַ דריי שעה פון צפת.

די פינפטע קאָלאָניע איז חידרה. אויך חידרה ווערט צוגערעכנט צו די יונגע קאָלאָניעס, געגרינדעט געוואָרן אין יאָר תרנ"א—1891, דורך רוסישע אויסוואנדערער. חידרה געפינט זיך צוויי שעה רייזע פון זכרון יעקב.

די זעקסטע קאָלאָניע איז „עין זתים", געגרינדעט אין יאָר תרנ"א—1891, דורך די דעלעגאטן פון דער אגודה „דורשי ציון". די קאָלאָניע געפינט זיך בײַ א האלבע שעה רייזע פון צפת.

איך האָב דאָ אין קורצן פאַרצייכנט דעם סדר פון דער גרינדונג פון פאלעסטינער קאָלאָניעס אין דער חובבי ציון עפּאָכע. די דאָזיקע קאָלאָניעס זיינען די ערשטע גרונטשטיינער פון אונזער לאנד און יענע פּיאָנערן וואָס האָבן זיי באזעצט, זיינען די ערשטע בויער פון אונזער לאנד. מיט וועלכן מסירת נפש האָבן זיי די התחלה געמאכט! דעם פונדאמענט געלייגט מיט אַ מאטעריאל געמישט מיט טרערן און בלוט. זיי האָבן זיך געשפּייזט מיט „לחם צר ומים לחץ". און א מוסטער געוויזן אויך פאר די איצטיקע פּיאָנערן אונזערע, צו ליידן און איבערטראָגן אלע שמערצלעכע און ווייטיקלעכע געשעענישן און נישט בלייבן פארצווייפלט.

## ה. תרמ"ג — 1883. — די געבורט פון ח. נ. ביאליק.

חיים נחמן ביאליק איז אן אָריגינעלער שפּראַצלינג, א „איש צמח", ווי עס רופט אים אָן דר. קלויזנער. אן אָריגינעלע פּערזענלעכקייט; אן אָריגינעלער משורר אין פולן זין פון וואָרט. דער פרעמדער איינפלוס פון מענטשן און ביכער דערקענט זיך אין אים גאנץ ווייניק. אלעס, אלעס האָט ער געשעפּט פון די טיפע גייסטיקע אוצרות פון זיין האַרץ, פון דער טיפעניש פון זיין נשמה. ער איז איינער פון די אָריגינעלסטע אידן פון זיין צייט. די השפּעה פון די נביאים, פונם תלמוד, פונם מדרש און פון חקירה און קבלה־ספרים איז אויף אונזער משורר גרעסער פון דער השפעה פון די רוסישע און דייטשע קלאסיקער. און דערמיט אונטערשיידט זיך ביאליק פון אלע אנדערע אונזערע משוררים, בײַ וועלכע די השפעה פון דער אייראָפּעאישער ליטעראטור האָט דערשטיקט אין זיי די אידישע אָריגינאליטעט. אין דעם פאל קאָן מען אים פארגלייכן מיט די אידישע שרייבער פונם פארגאנגענעם דור; אָבער אין דער צייט, ווען די שרייבער

פון צופאַר מיט אייניקע צענדליק יאָר, וועלכע זיינען געווען באאיינפלוסט פון אונזער אלטער ליטעראטור מער ווי פון דער אייראָפּעאישער, האָבן פארצערט די פרוכט צוזאמען מיט דער שאָלעכץ, און עס האָט זיך דערי־בער געפילט אין זייער שרייבן א ריח פון בטלנות... האָט ביאליק פאר־שטאַנען צו געניסן די פרוכט און פארווארפן די שאָלעכץ, וועלכע איז שטאַרק פארעלטערט געוואָרן... און אין זיינע שירים פילט זיך א העברע־איש־אָריגינעלער אינהאַלט מיט אן אלמענטשלעכער צורה... ביאליקן איז געלונגען צו שטעלן זיינע אלע „נושאים" פון זיינע שירים אויף דער אל־געמיינער מענטשלעכער הויכקייט. דאָס וויל זאָגן, צו מאַכן זיי פאר אזעלכע וואָס האָבן אן אייביקן, ניט נאָר אידישן — נאָר אויך וועלטלעכן ווערט. און צו דעם האָט ער דערגרייכט א דאנק זיין אויסערגעוויינלעך שטארקער ליבע צום היסטאָרישן אידנטום. אלע אנדערע משוררים האָבן געליבט און ליבן דאָס אידנטום אין איר שלוה'דיקער און פרידלעכער צייט, אין דער עפּאָכע פון די מלכים און נביאים, ביאליק אָבער פילט, אז די אידישע נשמה, ד. ה. די נשמה פון דער אידישער אומה, „שכינת האומה", ווי ער איז געוואוינט אָנצורופן עס, איז די איינציקע און די זעלבע אין אלע צייטן. אפילו אין די גאָר פינצטערע עפּאָכן פון דער אי־דישער היסטאָריע, איז דעם פאָלקס נשמה-ליכט ניט פארלאָשן געוואָרן אין גאנצן. די צרות, די אויסוואנדערונגען פון לאנד צו לאנד, האָבן דאָס ליכט נאָר פארטונקלט. די פאָלקס-נשמה איז א צוגעשלאָגענע געוואָרן. דאָס אידישע פאָלק פארמאָגט אָבער אויך א „נשמה יתירה"... און אָט די נשמה שאפט און בילדעט אויס אלע זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן...

„אם הררי נשף עלינו נערמו —
לא דעכו כל הניצוצות, לא תמו,
מהרי הנשף עוד נחצוב להבה,
מנקיקי הסלעים — ספירים לרבבה.
על קרקע העם ובתחתיות נשמתו —
עוד תגה ותנוצץ שכינתו..."
„ווען פינצטערע בערג זיינען אויף אונז ארויפגעפאלן
זיינען דאָך אלע פונקען ניט פארלאָשן געוואָרן —
פון די פינצטערע בערג וועלן מיר אויסשלאָגן
פלאמענדיקע שטראלן.

פון די שטיינערע שפּאַלטן — סאַפּירן וועלן מיר שאַרן,
אויף דעם פּאָלקס אונטערלאַגע, און אונטער דער נשמה,
שיינט און גלאַנצט נאָך די שכינה פון דער אומה...

די שכינה פונם פּאָלק, זי איז אַ פאַרבליבענע ירושה פאַרן פאָלקס נשמה... אַ ירושה, וועלכע איז דעם פּאָלק איבערגעבליבן פון די ערשטע גוטע צייטן, ווען זיין אַנטוויקלונג איז געווען אַ נאַטירלעכע, און פריי פונם דראַנג פון די פרעמדע... דאָס אַלעם פאַרשטייט ביאַליק מער פון אַנדערע אונזערע משוררים. ער פילט אַז: „דער הונגעריקער הונט געפּענטעט אין קייטן" איז ניט קיין ממשותדיקער הונט, נאָר אַ פאַר־כּישופ׳טער בן מלך, וועמען ניט דער הונגער, ניט די קייטן זיינען אימ־שטאַנד געווען צו פאַרוואַנדלען אין אַ הונט. זיין נשמה איז דאָך פאַרבליבן די נשמה פון אַ בן מלך... אַ טייערע סגולה האָט פאַר זיך דערוואָרבן דער פאַרשאָלטענער און פאַרוואַנדלטער בן מלך, און די סגולה האָט געראַטע־וועט זיין נשמה אפילו נאָכדעם ווי זיין קערפּער איז געטרעטן געוואָרן פון די ווילדע חיה׳שע פיס. די סגולה איז ניט קיין אַנדערע — זאָגט ביאַליק — ווי נאָר דער „בית המדרש". ביאַליק געפינט ניט גענוג ווער־טער אויף צו לויבן דעם „בית המדרש". ער רופט אים אָן: מחבא רוח איתן — אַ באַהעלטעניש פונם שטאַרקן גייסט — „מקלט עם עולמות" — דאָס צופלוכטס־אָרט פונם אייביקן פּאָלק. נאָר פון דעם הייליקן קוואַל — זאָגט ביאַליק — האָט דאָס פּאָלק, דאָס אומגליקלעכע פּאָלק, געשעפּט נייע כּוחות, בּטחון און אייזערנעם געדולד אויסצוהאַלטן אַלע אומגליקן אָן אַ סוף און אָן אַ גבול. נאָר דער בית המדרש האָט אים געקאָנט געבן דעם רצון זיך צו לאָזן אומברענגען אויף קדוש השם און גיין קעגן טויט ווי קעגן אַ טאַנץ. ביאַליקס שירים זיינען אַ פּראָטעסט, אַ שטאַרקער פּראָטעסט קעגן דעם טעות׳דיקן כּלל וואָס אַנדערע האָבן אָנגענומען, אַז די עקזיסטענץ פון אידישן פּאָלק אין גלות איז נאָר אַ דאַנק דעם פעל־קער־האַס, און די באַשרענקטע פאַר אים געזעצן. ניט אמת — זאָגט ביאַליק — ניט אויסערלעכע סבּות זיינען געווען די גורמים צום פּאָלקס עקזיסטענץ אין גלות, נאָר אין אינערלעכע גרויסע און טיפע אורזאַך, און די איז ניט קיין אַנדערע ווי די ליבע צו זיין תורה, וועלכע ער האָט באַ־האַלטן אין בית המדרש, אין דעם אַלטן בית המדרש איז די גרויסע „גניזה" געווען. דאָרט האָבן אידן באַהאַלטן זייער תורה, זייערע קדשי

קדשים, דער אלטער בית המדרש איז אויך געווען פאר אידן דער שוים אין וועלכן זיי האָבן פארגאָסן זייערע טרערן, זייערע זיפצן און קרעכצן... דער בית המדרש האָט זיי אָבער אויך געטרייסט, אָפּגעווישט פון צייט צו צייט זייערע טרערן, אין דער צייט, ווען זיי זיינען אין אים אריינגעקומען דערשלאָגענע און פארשעמטע פון דעם שרעקלעכן קאמף אין לעבנס־וועג... און ווען ביז היינט צו טאָג זיינען נאָך אונזערע גייסטיקע ביינער ניט אויסגעטריקנט געוואָרן, ווען ס׳איז נאָך איבערגעבליבן דער אידישער פונק ניט קיין גאנץ פארלאָשענער אין דעם הויפן לעבנס־אש, איז עס נאָר צו פארדאנקען דעם אלטן בית המדרש. ער, דער אלטער בית המדרש, האָט דעם וואונדער געשאפן.

ביאַליק איז אָבער נישט דער ווענען די ליבע צום אלטן בית המדרש זאָל אים פארבלענדן די אויגן, אויף ניט צו זען אויך די חסרונות. ביאליק זעט אויך אין אלטן בית המדרש א פאקטאָר פון דער גרינגשעצונג פון לעבנס־פרייד, פון לעבנס־לוסטיקייט, פון ניט וועלן אנערקענען דעם „עולם הזה" און דאָס קעגנווערטיקע לעבן. ווען ביאליק דערמאנט דעם טרויעריקן ניגון פון די „מתמידים", דוכט זיך אים אויס, אז ער הערט אין דעם ניגון א שטילן פאָרוואורף אויפן ביטערן גורל, א פארשטיקט געוויין: „דאָס הארץ שרייט: רבונו של עולם! אָט די אלע כוחות אויף וואָס ווערן זיי אויסגענוצט? אויף וואָס ווערן זיי עקספּלואטירט?" דאָ זעען מיר ביאליקן צווישן צוויי מאגנעטן, צווישן דער אנטציקונג פונם אלטן און צווישן דער אנערקענונג פונם ניט־וואונטשנדיקן וואָס געפינט זיך אין אים. צווישן דער שטרעבונג אויפצולעבן דאָס אלטע און צווישן דער איבערצייגונג, אז ס׳איז א פארגאנגענהייט אויף ניט צוריקצוקערן עס. און אזא דואליזם דערקענט זיך אין מערערע שורות זיינע: צונויפגעפלאָכטן, צונויפגעוועבט פון אמונה מיט ספק... פון האָפענונג מיט צווייפל... דער זעלבער וואָס האָט געשריבן דעם שיר „אכן הציר העם", וואָס יעדעם וואָרט בריט אונז ווי מיט אן אָנגעגליט אייזן, דער זעלבער האָט אויך געשריבן דעם שיר „ברכת עם", וואָס יעדעם וואָרט איז ווי א באַלזאַם, ווי א „טל של תחיה" וואָס לעבט אויף און דערמונטערט אונזער דערשלאָגנקייט. און דער זעלבער ביאליק וואָס האָט געשריבן די „שירת יתומה", אין וועלכער דאָס גאנצע נאציאָנאַלע פארפוילטקייט ווערט געשילדערט אין אזא טאָן, אז ס׳פארגליווערט אונזער בלוט, דער זעלבער

ביאליק האָט אויך געשריבן דעם „למתנדבים בעם", וואָס איז פול מיט האָפענונג און פריידיקן בטחון. פארצווייפלונג און האָפענונג, שטראָף־רייד און טרייסט־רייד, פארביטערטקייט און ליבע — די אלע פארנעמען א פלאץ אינם משורר'ס הארץ אין א ערבוביה. זיינע שירים זיינען אמאָל פול מיט טיפן צער און אומענדלעכן יאוש און אמאָל מיט האָפענונג און בטחון. נאַציאָנאלן שטאָלץ און שטאַרקן האס צו די אונטערדריקער פון זיין פאָלק. און מיט רעכט קען געזאָגט ווערן: ווען אין זיינע שירים וואָלטן ניט געווען אָט די אלע פארשידנארטיקע געפילן, וואָלטן זיי דעם גרויסן אינטערעס וואָס באגייסטערט אונז אזוי, ניט געהאַט, און ביאליק וואָלט ניט זוכה געווען צום נאָמען משורר...

אויך די נביאים זיינען אזעלכע געווען: שטראָפער און טרייסטער, פארביטערטע און האָפענונגספולע. ביאליק איז אפשר דער איינציקער, וועלכער קאָן גערעכנט ווערן פאר זייער גייסטיקן יורש. ביאליקס שירים צייכענען זיך אויס אויך מיט דעם וואָס אין זיי וויקלען זיך צוזאמען די צרות פונם פרט מיט די צרות פונם כלל. דער צער פונם משורר און דער צער פונם פאָלק מישן זיך אויס צוזאמען און ס'איז שווער צו דערקענען, ווען עס ענדיקט זיך דאָס ערשטע און עס הויבט זיך אָן דאָס צווייטע. אין ביאליקס ביאָגראפיע זעען מיר ווי פיל ער האָט געליטן נויט, אָרעמקייט, הונגער און וואנדערונג, און דערמיט איז ער גלייך צו זיין פאָלק. „אבי — גלות מרה; אמי — דלות שחורה". „מיין פאָטער איז דער ביטערער גלות, מיין מוטער — דער שווארצער דלות". אָבער ביאליק באוויינט ניט נאָר דעם ביטערן שטאַנד פון די אידן, ניין, „לא מקלי אפחד, לא התרמיל נורא", ניט דער שטעקן שרעקט מיך, ניט די טאָרבע איז שרעקלעך — זינגט ביאליק. ניט די צרות פון אידן האָבן זיין הארץ פארכאַפּט, אזוי ווי ביי די אנדערע משוררים, נאָר אממערסטן די צרות פונם אידנטום, פונם יהדות. ער קאָן ניט צוזען: „כל עיר על תלה בנויה, ועיר אלהים מושפלת עד שאול תחתיה"...

איך קען מיך ניט אָפּהאלטן פון צו ברענגען די ווערטער מיט וועלכע בעל מחשבות האָט וועגן ביאליקן זיך אויסגעדריקט: „ווען איך קוק אויף די אויסגאבע פון ביאליקס שירים — זאָגט ער — ווען איך באטראכט די נייע אויסגאבע פון זיין פאָגראָם־פּאָעזיע מיט דעם שיינעם פאָדער־בלאט, וואו טויטע שארבנס און מענטשלעכע ביינער זוימען ארום דעם

טיטל „משירי הזעם”, אויך די אותיות זיינען פון מענטשלעכע ביינער צוזאמענגעשטעלט, פיל איך עפעס א שטיקל בזיון אין הארצן. מיר דוכט זיך, אז ביאליקס פּאָעזיע דארף אויך האָבן אויסערלעך א באזונדער פּנים. שוין דאָס פאָדערבלאט דארף אונז דערמאנען אָן די אָפּגעשטאָרבענע איי־ביק לעבעדיקע נביאים־וועלט, אָן די פארשטויבטע אורים ותומים פונם כהן גדול, אָן די כלי קודש פון טיטוס טויער אין רוים”.

„קאָן מען איבערגעבן די איינדרוקן פון די דריי פּאָעטישע ווערק אין „משירי הזעם”? ניין! צו שוואך איז מען דערצו... איך ווייס ניט אויב דער אָרעמער אידיש וועט האָבן די ווערטער מיט וואָס דאָס אויסצודריקן. די אידישע וועלט איז ביז פאר קורצן נאָך ניט דערגאנגען צו קיין שטאַרקן, צאָרנדיקן פּראָטעסט, צו קיין טיפע אחדות און נקמה געפילן. דאָס איז געווען א קנעכטישע פארשקלאפטע עדה, וואָס האָט פארלערנט די קללה פון גאָט... וואָס האָט ניט אויפגענומען אין איר שפּראך די גאל פון דער תוכחה... די העכערע געפילן פון ליבע און שנאה, פון גבורה און נקמה, פון א פלאמענדער אמונה; און אווילדער כפירה זיינען ביסלעכווייז פאר־לאָשן געוואָרן. עס זיינען נאָר געבליבן די תנ״ך ווערטער אין איר זכרון, און איינענע צוגעלייגטע נייע ווערטער, פרישערע, ה י י נ ט י ק ע ר ע. וויל מען אָבער רעדן פון ביאליקס ווערק, מוז מען זיך פארזאָרגן מיט א ווערטער־בוך פון צען תוכחות... מיט הונדערטער קללות מיט וואָס א נביא פארשעלט די וועלט, די מענטשן און זיך אליין. וואָרום ביאליק איז פון די אלטע נביאים — א גרויסער אכזר: אָן אכזר אויף זיך ווי אויף זיין פאָלק. און הויבט ער אויף זיין בליק צום הימל, צו די שטערן, צו דעם געצעלט, וואו עס טראכט זיין גאָט פון תנ״ך, ווערט דאָרט אויבן א גערודער, ווי ווען די ערד וואָלט אהין בליצן געשליידערט. אין דעם ווייכן, צעקראָכענעם אידישן לעבן, וואו רחמנות איז דאָס הויפּט־געפיל, וואו א קרעכץ — די הויפּט־מעלאָדיע, און טרערן — דאָס וואסער, וואָס פאר־גלעט די מאוים׳דיקע צרות און אומגערעכטיקייטן פון טאָג — קלינגט דער ברענענדיקער כעס פון א ביאליק, ווי דער טרוקענער זודיקער מדבר ווינט. ביאליק איז א גרויסער אכזר. אין „עיר ההריגה”, אויף די חור־בות פון נאָך א קישינעווער פּאָגראָם, שפּאנט ער מי טדעם ווילדן טריט פון א פארבלוטיקטן ריז, שפּאנט ער שטום פאר גרוים שמערץ, מיט טויזנטער גאליקע געפילן, וואָס שטאַרן ארוים ווי דערנער פון זיין נשמה,

און שטעכן ביז צום טויט... ער פארטרינקט די וועלט מיט גיפט פון זיין הארץ, וואָס זי האָט אזוינס צוגעלאָזט. ער שוינט ניט דאָס אייגענע פאָלק, וואָס האָט זיך געלאָזט שעכטן ווי שעפּסן, וואָס האָט געפונען א מיאוסן טויט אויף בוידעמס און אין קעלערס, אין שטעלעכלעך און אין פינצטערע, שמוציקע לעכער.

ער גיסט בלויז טרערן אויף אלע הייליקע קינדערישע און פרויען־נשמות, וואָס זיינען געוואָרן באשמוצט פון שענדלעכע הענט. ער לאָזט אָבער ניט קיין ברעקל טרייסט פאר די לעבעדיק געבליבענע, ווייל אין זייער שווארצאפּל האָט זיך אָפּגעצייכנט אויף אייביק דאָס האָזנהאַריץ פון זיין פאָלק, די צעקראָכענע נשמה פון זיין צעפאלענער נאַציאָן".

אוי, ליבער ביאליק, דו האָסט זיך ניט גערירכט און ניט געגלויבט, אז ס'שטייט נאָך פאָר פארן אידישן פאָלק נאָך פיל ערגערע צרות, ווי די וואָס דו האָסט אזוי באוויינט און באקלאָגט, ווי די איבער וועלכע דו האָסט אויך דיינע אומגליקלעכע ברידער ניט געשוינט...

קיין צווייטע „עולם ההרגה" ווי דיין „עיר ההרגה" קענסטו שוין ניט שאַפן... נישטאָ די צאָל תוכחות, אויסצוגיסן אויף די קעפּ פון דיין פאָלקס פייניקער. דיינע ברידער קענסטו שוין ניט באשולדיקן, אין זייער אנטלויפן אויף די בוידימער און אין די קעלערס. ביאליק איז אָבער ניט נאָר דער מקונן, נאָר אויך דער ליב־האָבער פון דעם. ער ליבט עס און שטאָלצירט מיט דעם. ביאליק איז דער משורר פונם פאָלק און פונם פאָלקס יהדות. ער פילט, אז אין די אלע אייגנשאַפטן און גייסטיקע באזיצע פונם אידישן פאָלק, וואָס מיר רעכענען זיי פאר נאַציאָנאַלע אָריגינאַליטעט איז אויך דאָ אַלגעמיין מענטשלעכעס. ער פילט אויך, אז ניט נאָר די נביאים און די כתבי הקודש אונזערע האָבן געקענט רייך מאכן די מענטש־הייט מיט זייערע גייסטיקע רייכטימער, נאָר אויך די תלמוד'ישע אגדה, דאָס מסירות נפש אויף קדוש השם, דאָס אָפּזאָגן זיך און פאראומווירדיקן דעם כוח פון דער פויסט, דאָס צניעות און עטישקייט, די אלע זיינען „שם'ס" שיינקייטן, וועלכע „יפת" האָט געדארפט ארייננעמען אין זיין געצעלט... אָט די אלע זיינען די שכינה פונם פאָלק, וועלכע ניט דער ביטערער גלות, ניט די ביטערע נויט האָבן זי געקענט אָפּווישן און אָפּ־מעקן פון די קינדער פון די נביאים. און דעריבער גלויבט ער, אז דער „אהל שם" וועט קיינמאָל ניט אונטערגיין. פארקערט, דער אָרעמער

„אהל„ וועט אויפסניי אויפגעבויט ווערן און וועט זיין פעסטער פון אלע פאלאצן פון דער וועלט...

ביאליק איז ניט נאָר א משורר, א פּאָעט, ער איז אויך א דערציילער, א בעלעטריסט. און א בעלעטריסט איינער פון די אוסגעצייכנטסטע אין דער נייער ליטעראטור. אין זיין „אריה בעל הגוף", אין „משלנו" איז צו זען, אז דער וואונדערבארער רעאליזם פון די בילדער האָט קיין שום שאָדן ניט געבראכט צו דעם אידעאליזם פון דער קאָנצעפּציע... און מערקווירדיק: דער מנהג העולם איז, אז געניאלע משוררים, וועלכע האָבן פיל פארערער, האָבן אויך פיל קריטיקער, וועלכע ווילן צונישט מאכן זייערע מערערע אָדער ווייניקערע שאפונגען, און ערשט אין א צייט ארום ווערן זיי אנערקענט. ביאליק אָבער האָט ניט קיין מתנגדים, קיין איינציקער העברעער, זאָל ער זיין פון וועלכער ריכטונג ניט איז, קאָן ניט אָפּלייקענען דעם פּאָעטישן טאלאנט מיט וועלכן ביאליק איז געבענטשט. זאָל דער משורר וועלכער האָט דאָס פּאָריקע יאָר געפייערט זיין פופציק יאָריקן יובילעאום זוכה זיין צו דערלעבן דעם צווייטן פופציק יאָריקן יובילעאום און אונז מהנה זיין מיט זיינע פּאָעטישע און בעלעטריסטישע שאפונגען.

ביאליק איז לעצטנס געוואָרן ניט נאָר דער „איש הסופר", נאָר אויך דער „איש המעשה". ער איז איינער פון די וויכטיקסטע ציוניסטישע עסקנים, צו וועמעס וואָרט עס הערט זיך צו נישט נאָר דער אידישער ישוב פון פּאַלעסטינע, וואו דער דיכטער געפינט זיך איצט, נאָר אויך דאָס גאנצע נאַציאָנאַלע אידנטום פון דער גאָרער וועלט.

ה. תרמ"ג—1883 — דער טויט פון ר' ישראל סאלאנטער (ליפּקין). — זיין זון דר. ליפּמאן ליפּקין.

דער איינציקער צווישן די גאונים אינם פארגאנגענעם יאָרהונדערט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין זעלטן גוטן כאראקטער און גוט הארץ, איז געווען דער תלמודישער ריז, דער פאָטער פון דער מוסר לערע, ר' ישראל סאלאנטער ליפּקין, געבוירן אין אָנהויב פונם 19-טן יאָרהונדערט, אז זיין פאָטער ר' זאב וואָלף, אין דער שטאָט זאגאָר, קאָוונער גוב. זיין פאָטער האָט אויף אים משפיע געווען פון זיין גייסט (ער איז געווען

דער מורה הוראה אין זאַגאַר). ער האָט אים התונה געמאכט פון דער שטאָט סאלאנט, אויף וועלכערס נאָמען ער האָט זיך גערופן; דאָרט האָט ער געלערנט ביים סאלאנטער אב בית דין, רבי הירש ברוידא און רבי יוסף זונדעל, געשטאָרבן אין ירושלים אין 1866. מער פון אלע גדולים האָט ביי אים אויסגענומען דער גדול ר׳ יוסף זונדעל, מיט זיין טיפן פאר־שטאַנד און מיט דער שטה פון אידישער עטיק, דער „תורת המוסר״; ר׳ ישראל סאלאנטער, וועלכער האָט געהאט א באזונדערע סימפאטיע צום טרוקענעם פלפול, האָט מיט פליים געלערנט דעם „תורת המוסר״. אין יאָר תר״ב, איז ער פאררופן געוואָרן קיין ווילנע צו פארנעמען דעם ראש ישיבה אמט אין דער ישיבה „תומכי תורה״. דאָרט האָט זיך גע־לאָזט אנטפלעקן זיין גאונות אין תלמוד. נאָך ווילנע האָט ער געגרינדעט אליין א ישיבה אין דער פאָרשטאָט זאריצע, זייענדיק דאָרט דריי יאָר דער ראש ישיבה. א גרויסער גביר, ר׳ חיים באסקעס, האָט אויסגעהאלטן אלע הצטרכות פון דער ישיבה.

ר׳ ישראל סאלאנטער איז געווען א בארימטער דרשן, זיינע אלע דרשות זיינען געווען באזירט אויף תורת המוסר. אַנגעוויזן זיינע פילע צוהערער אויף דער אויפפירונג פון יושר, אויף ערלעכן און יושר׳דיקן האנדל, און אָרנטלעכע פיזישע אַרבעט. געגרינדעט חברות אויף צו לערנען מוסר. אויף זיין איניציאטיוו איז נאָכאַמאָל געדרוקט געוואָרן אין ווילנע דאָס ספר „תקון מדות הנפש״ פון ר׳ שלמה בן גבירול, דאָס ספר „מסילת ישרים״ פון ר׳ משה חיים לוצאטו; „חשבון הנפש״ פון ר׳ מנחם מענדל לעפין פון סאטאנאוו. אין יאָר תר״ח איז ער פאררופן געוואָרן פון דער רוסישער רעגירונג צו פארנעמען די שטעלע אלס לערער פון תלמוד, אינם ראבינער-סעמינאַר אין ווילנע. ר׳ ישראל סאלאנטער, וויסנדיק די ריכטונג פון דעם לער-אנשטאַלט, האָט די שטעלע ניט געוואָלט אָננעמען. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער ישיבה אין קאָוונע, אינם בית המדרש פון ר׳ הירש נאוויאזער. ניין יאָר איז ער פארבליבן דאָרט אין דעם ראש ישיבה-אמט, און איז אריינגעפאלן אין א נערוון-קרענק, און זיין גייסט איז געשלאָגן געוואָרן... די דאָקטוירים האָבן אים אוועקגעשיקט זיך קו־רירן קיין דייטשלאנד, אין האלבערשטאָט, דאָרט פארבליבן אייניקע יאָר, ביז ס׳איז אים לייכטער געוואָרן, און אָפגעפאָרן קיין מעמעל, אָנגעהויבן ארויסגעבן א מאָנאַטלעכן זשורנאל „התבונה״. ער איז אָבער ניט אימ־

שטאַנד געווען, ארויסצוגעבן אים מער פון אַ יאָר. ער איז ווידער קראַנק געוואָרן און איז אַן איינזאמער פארבליבן אין זיין בית המדרש. ווען עס פלעגט אים לייכטער ווערן פלעגט ער זיך אנהויבן צו זאָרגן פאר די אויסוואנדערער פון רוסלאנד און פוילן. אוועקגעפאָרן קיין פראנקרייך און דאָרט אָרגאניזירט א אידישע קהלה. צוזאמען מיט ר׳ יצחק אלחנן געגרינדעט דעם אנשטאַלט „חזוק לומדי תורה״ אין קאָוונע, צו דערציען דאָרט רבנים. דאָס פאָלק האָט זייער געשעצט דעם גדול און געשאפן ווגען אים פארשידענע לעגענדעס. אין איינע פון זיי ווערט דערציילט:

די גבירים פון דער שול האָבן פאר כל נדרי געפרעגט די גבאים:

— „פארוואָס הויבט מען שוין ניט אָן צו זאָגן כל נדרי? די זון האָט זיך דאָך שוין לאנג געזעצט, און עס זען זיך שוין שטערן אין הימל?

— דער רבי ר׳ ישראל איז נאָך ניט געקומען.

— גייט זוכט אים — האָט דאָס גאנצע קהל געזאָגט צו דעם שמש — אפשר איז מיט אים, חלילה, אַן אומגליק געשעען״.

דער שמש מיט נאָך אייניקע מענטשן זיינען ארומגעלאָפן אים זוכן און אים ניט געפונען. אלע מתפללים זיינען זייער דערשראָקן געוואָרן, און מיט א שווער צעבראָכן געמיט זיך גענומען זאָגן כל נדרי. ווען דער חזן האָט געענדיקט כל נדרי האָט זיך ר׳ ישראל סאלאנטער שטיל ארייגעשלייכט אין שול און זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ.

— וואָס האָט זיך מיט אייך געטראָפן רבי? — האָבן זיינע מקורבים אים א פרעג געטון.

— גאָרניט, גאָרניט, מיינע פריינט, האָט ער רואיק געענטפערט. — ס׳איז מיר געקומען צו דער האנט א מצוה, האָב איך זי מקיים געווען. ווען איך בין געגאנגען אין שול אריין האָב איך דערהערט פון א שטוב א שטאַרק קינדעריש געוויין; איך בין ארייגעגאנגען אהין און זיך דערוואוסט, אז אלע שטוב-מענטשן זיינען ניטאָ, מסתמא אוועקגעגאנגען אין שול און איבערגעלאָזט דאָס קינד אויף א קליין שוועסטערל זי זאָל עס וויגן. דאָס שוועסטערל איז אָבער אנטשלאָפן געוואָרן. און איך, ניט קאָנענדיק זען דעם צער פונם וויינענדיקן קינד בין איך פארבליבן אין שטוב, צוגעוויגט און באַרואיקט עס, ביז די מוטער איז געקומען פון דער שול.״

באטראכטנדיק אים האָט מען געזען אז זיינע קליידער זיינען צעקנייטשט און זיין קאָפּ מיט דער באָרד איז פול מיט פעדערן...

— רבי! און כל נדרי? — האָט אַ תּלמיד זיינער אים אַ פרעג געטאָן.

— זון מיינער, — האָט ר׳ ישראל געענטפערט — דרשו את ד׳ בהמצאו, קראוהו בהיותו קרוב — האָט אונז דער נביא ישעיה געלערנט: פאַרש גאָט צו יעדער צייט, ווען ער קען אים געפינען, רוף צו אים, שטענדיק איז ער נאָענט צו דיר. און ווען ס׳איז מיר געקומען צו דער האנט אזא גרויסע מצוה, א מצוה פון פקוח נפש, וועלכע איז שקולה קעגן דער גאנצער תּורה, איז ווי האָב איך געמעגט עובר זיין און שטעלן די תּפילה פון כל נדרי העכער פון איר?...״

ווען אין ווילנע האָט אויסגעבראָכן די כאָליערע — דערציילט אַ צווייטע לעגענדע, איז ר׳ ישראל סאלאנטער ארויפגעגאנגען אויף דער בימה, יום־כּפּור צו מוסף, אין דער גרויסער ווילנער שול, געמאכט קדוש, געמאַכט מזונות און פאַרביסן מיט אַ קיכל, כּדי די מתפּללים זאָלן אויך טון דאָס זעלבע... ר׳ ישראל סאלאנטער איז געווען דער אמת׳ער תּלמיד חכם: זיינע קליידער שטענדיק ריין, זיין באָרד אַן אויסגעקעמטע, זיינע שיך אָפּגעפּוצטע און גלאַנציקע.

פון אַ גוטן בוים קומען ארויס גוטע פרוכט. זיין זון דר. ליפּמאַן ליפּקין, האָט באַזיצט די זעלבע גייסטיקע מעלות ווי זיין פאָטער. קינדווייז האָט ער זיך דערצויגן אויפן תּלמוד מיט זיינע נושאי כּלים. זיין גרויסע ליבע צו מאַטעמאַטיק איז געווען אָן אַ שיעור גרויס. ער איז אוועק קיין דייטשלאַנד, אריין אין אוניווערזיטעט, געליטן פון זיין גרויס אָרעמקייט. ער האָט זיך גענומען לערנען מעדיצין און גלענצנד ארויס פון אוניווערזיטעט מיטן טיטל דר. מעדיצין. אין יאָר 1870 געקומען קיין פּעטערבורג, און באַקומען פון די אקאדעמיקער — פאַר זיין גרויס וויסן אין מעדיצין און מאַטעמאַטיק — דעם טיטל „מאגיסטער פון דער מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט״.

ליפּקין איז געווען אויך אַ טיכטיקער העברייער, קאָרעספּאָנדירט מיט די גרעסטע משכּילים אין יענעם דור. צום גרויסן באַדויערן איז די שיינע בלום פאַר דער צייט פארוועלקט געוואָרן. אלט זייענדיק 30 יאָר איז ער נפטר געוואָרן. ינעם לו רגבי עפרו...

**התרמ״ט** — 1889. — די אימיגראציע קיין ארגענטינע; ארגענטינער אידישער ישוב.

איך וועל מיך לענגער אָפּשטעלן צו כראָנאָלאָגירן דעם אידישן ישוב

אין ארגענטינע, און אויך די באוועגונג פון דער אימיגראציע וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך איידער דעם בּאראָן הירשס מיסיע האָט אָנגעהויבן צו פארפּאָלקאָמט ווערן; דאָס איז פּאָרגעקומען אין יאָר 1889. 120 פאמיליעס פון די דערפער ארום קאמענעץ פּאָדאָלסק זיינען אויסגעוויזן געוואָרן פון דער רוסישער רעגירונג ניט האָבנדיק דאָס רעכט דאָרט צו וואוינען, האָבן זיך פאראייניקט און געשיקט א בּאפּאָלמעכטיקטן צו דעם ארגענטינישן פּאָר־שטייער אין פּאריז, אויסצודריקן פאר אים זייער ווּאונטש צו עמיגרירן קיין ארגענטינע, און זיך דערקינדיקן אויב די רעגירונג וועט זיי געבּן לאנד צו ווערן דאָרט ערד־ארבּעטער, און זיי ארויסנעמען אויף אירע הוצאות. דער פּאָרשטייער האָט זיי פארשפּראָכן דורכצופירן זייער פארלאנג, און אויס־ווירקן פאר זיי די בּאדינגונגען וועלכע זיי האָבן געשטעלט. ווי בּאוואוסט האָט די ארגענטינישע רעגירונג דאן געזוכט אויסצוברייטערן די אימי־גראציע אין איר לאנד, וועלכעס איז געווען און איז רייך אין ערד און אָרעם אין מענטשן. נאָכדעם ווי דער פּאָרשטייער האָט זיך דורכגעשריבּן מיט דער ארגענטינישער רעגירונג און זי האָט געגעבּן איר הסכמה, איז געשלאָסן געוואָרן א קאָנטראקט מיט די פאמיליעס אויף פאָלגנדע קאָנדיציעס:

1) די ארגענטינער רעגירונג נעמט אויף זיך אלע הוצאות פון דער רייזע בּיז קיין ארגענטינע;

2) די רעגירונג וועט זיי געבּן לאנד אין דער נאָענטקייט פון בּוענאָס איירעס, און אויסבּויען הייזער פאר זיי און אויך פארזאָרגן זיי מיטן נויטיקן רעמאָנענט;

3) אין פארלויף פון 25 יאָר זיינען די קאָלאָניסטן מחויב צו בּאצאָלן דער רעגירונג דעם חוב בשלמות;

4) יעדער אימיגראנט דארף געבּן פאר זיך א גאראנטיע, נאָך איידער ער זעצט זיך אויף אויף דער שיף, 400 פראנק.

די אימיגראנטן האָבּן אָנגענומען די קאָנדיציעס, און אכט הונדערט זעקס און דרייסיק פאמיליעס האָבן זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף צו פאָרן קיין ארגענטינע. קומענדיק קיין בּרעמען, זיינען זיי דאָרט בּאזאָרגט געוואָרן מיט די נויטיקע אויסהאלטונגס־מיטלען און פון דאָרט זיינען זיי אָנגעקומען קיין ארגענטינע, זיי זיינען אָבּער אנטוישטע געוואָרן, דערוויסנדיק זיך, אז דער אגענט האָט זיי אָפּגענארט. די רעגירונג האָט בּאשטימט פאר זיי לאנד אין א ווּיסטעניש, גאנץ ווייט פון בּוענאָס איירעס, און אויך מיטן תּנאי אויסצוצאָלן אלע חובות ניט אין 25, נאָר אין 5 יאָר. די אומ־

גליקלעכע, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע קאָנדיציעס בכלל, אין אַזאַ ווייטע וויסטע בפרט, איז זיי אוממעגלעך נאָכצוקומען, זיינען געוואָרן פאַרצווייפלט. און ס'איז אונטערגעקומען זיי צו הילף דער דאָקטאָר אַד־וואָקאַט פּאַלאַסיאָס, וועלכער האָט פאַרמאָגט גרויסע שטחים ערד, און ער האָט זיי פאַרקויפט מערערע קילאָמעטער פון זיין לאַנד אויף לייכטע קאָנדיציעס. גלייך נאָך דער קניה איז אָנגעקומען די צווייטע פּאַרטיע אימיגראַנטן פון קאַמענעץ פּאָדאָלסק, וועלכע זיינען צוערשט אריינגע־פאַלן אין דער נעץ פון פאַלשע אַגענטן, צונעמענדיק ביי יעדן איינעם 400 פראַנק, און אַרויסגעבנדיק זיי פאַלשע דאָקומענטן. די אומגליקלעכע האָבן זיך געוואַלגערט צוויי מאָנאַט אין בערלין, ביז זיי האָבן דערהאַלטן פון בערלינער פילאַנטראָפּן טויזנט מאַרק, און זיי זיינען אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, און זיך פאַראייניקט מיט די ערשטע פאַמיליעס צו באַ־זעצן זיך אויף דעם קאַמפּ פון פּאַלאַסיאָס. די קאָלאָניע האָט אין אַ צייט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „מאָזעסווילע״.

מאָזעסווילע איז אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע. די לאַגע פון די קאָ־לאָניסטן אין דער ערשטער צייט איז געווען אַ שרעקלעכע. פּאַלאַסיאָס האָט נישט אויסגעפאָלגט זיין התחייבות. מערערע האָבן פּשוט געליטן הונגער, און די וואָס האָבן שוין יאָ באַקומען אויף צו שטילן דעם הונ־גער האָבן קיין זריעה ניט באַקומען, און זיינען געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און באַוויינט זייער ביטער מזל...

ערשט אין 1890, ווען אַ דעלעגאַציע, באַשטימט פון באַראָן הירש, איז אָנגעקומען צו אויספאָרשן דאָס לאַנד וועלכעס איז פונם באַראָן גע־קויפט געוואָרן, און איבערצייגנדיק זיך דאָס גרויסע דחקות און די שרעק־לעכע נויט אין וועלכע די קאָלאָניסטן געפינען זיך, האָבן זיי זיך דער־באַרעמט איבער זיי און געשילדערט פאַרן באַראָן הירש זייער לאַגע.

דער באַראָן האָט זיי גלייך באַפרייט פון פּאַלאַסיאָס, אַרונטערגענו־מען זיי אונטער זיין שוץ און אויך אָפּגעקויפט פון פּאַלאַסיאָסן דעם קאַמפּ. נאָך מאָזעסווילע קומט די קאָלאָניע מאַוריגאַטעס, 20 קילאָמעטער ווייט פון מאָזעסווילע. דער קאַמפּ האָט געהערט צו דער רעגירונג, און דאָרט האָבן זיך באַזעצט אין דער צייט דרייסיק פאַמיליעס, ניט וועלנדיק זיך באַזעצן אויף דעם קאַמפּ וואָס פּאַלאַסיאָס האָט זיי פאָרגעשלאָגן. דער שטח פון די ביידע קאָלאָניעס פאַרנעמט צען טויזנט הונדערט דריי און זעכציק מעטער.

אין 1891 האָט זיך פארשטאַרקט די אימיגראציע פון רוסלאנד, און טויזנטער אימיגראנטן האָבן זיך פארזאמלט אין די פּאָרט־שטעט אין דייטשלאַנד, און אויך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל; זיי זיינען געווען אויסגע־שטעלט צו דער גרעסטער קאטאַסטראָפע, און די קאָמיטעטן, וועלכע האָבן זיך געשאפן צו קומען זיי צו הילף, האָבן זיך געווענדעט צום באַ־ראָן הירש, ער זאָל זיי לייסטן זיין הילף. דער גרויסער נדיב האָט איינ־געוויליקט, א באפעל געגעבן צו שיקן מערערע עמיגראנטן קיין ארגענ־טינע. חוץ דעם האָט ער באפוילן זיין באפאָלמעכטיקטן אין ארגענטינע, דר. לעווענטאַל, וועלכער האָט אונטערגעהאַנדלט מיט דער רעגירונג וועגן לאנד־קויף, צו קויפן, ווי אמשנעלסטן, לאנד וועגן די אָנגעקומענע אימי־גראנטן און צוגרייטן אלעס נויטיקע פאר זיי. אין מאָנאַט אויגוסט 1891 האָט דר. לעווענטאַל געקויפט ביי דער רעגירונג פינף און צוואנציק טוי־זנט העקטאַר לאנד, צו גרינדן דאָרט קאָלאָניעס פאר זיי, און דעם 24־טן פון זעלבן מאָנאַט איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער ווינקל־שטיין פאר דער קאָלאָניע „מאוריציאָ״, אויפן נאָמען פון באראָן הירש.

איך וועל מיך אָפּהאלטן צו באשרייבן די ווייטערע אנטוויקלונג פון די קאָלאָניעס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן פאר באראָן הירשס לעבן, און אויך די פון נאָך זיין טויט. איך וועל אויך ניט פארצייכענען די טעטיקייטס־ארבעט פון דער באוואוסטער יק״א מיט אלע אירע אדמי־ניסטראדאָרן. איך וויל ניט זיין אין מיין כראָנאָלאָגיע דער באשולדיקער, אָדער פארטיידיקער פון די פערזאָנען, זאָל דער קינפטיקער היסטאָריקער ארויסזאָגן דעם „אמת״ וועגן די פערזאָנען. איך וועל אויך ניט פארציי־כענען דעם מאטעריעלן פראָגרעס וואָס די אלע דאָרט באזעצטע קאָלאָ־ניסטן האָבן געמאַכט. דאָס בלייבט אויך פאר דעם היסטאָריקער פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין ארגענטינע. איך וועל נאָר אין „האַנט־בוך״ פארצייכענען דעם גייסטיקן צושטאַנד פונם נייעם אידישן ישוב אין אר־גענטינע. איך וועל דאָס טון ווי ווייט מעגלעך מיט דער גרעסטער פּינקט־לעכקייט, אבזיכטלעך, אויפצוקלערן אונזערע ברידער אין די אנדערע קאָנטינענטן, וועלכע האָבן נאָך ביז היינט צו טאָג א פּאָראורטייל קעגן דעם אידישן ישוב אין ארגענטינע, רעכענענדיק אים פאר א „מקום טומאה״, פון וועלכן די אלע אידן אין ארגענטינע האָבן זיך נאָך ניט ריין געוואשן... דער אמת דארף געזאָגט ווערן, אז צופאָר מיט קנאַפּע הונדערט יאָר, איז ארגענטינע געווען דאָס אָרט אין וועלכן עס איז געשטאַנען א גרויסער

מיסטקאסטן. דאָס גאַנצע מיסט פון פוילן, רומעניע און נאָך פון אַנדערע לענדער איז אַהין אַריינגעוואָרפן געוואָרן, און ווי דער שטייגער איז, האָבן זיך אין דעם מיסט די מיקראָבן פאַרמערט, און די גאַנצע אידישע לופט איז פאַרפעסטעט געוואָרן. די רופיאַנעס — ווי איך האָב שוין באַשריבן אין דער כראָנאָלאָגיע פון לעאָן כאַזאַנאָוויטש — האָבן זיך צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פונם אידישן ישוב. רייך זיינען זיי געווען, דאָס רייכטום איז זיי גאַנץ לייכט אָנגעקומען, און געוואָלט מיט דעם רייכטום פאַרטיידיקן זייער שענדלעכן מסחר. זיי האָבן כּסדר געזוכט צו געבן א פאַרדינסטל די אָרעמע אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין די שטעט. מענער זיינען געוואָרן ביי זיי מעקלערס... און פרויען, קעכינס... זיי האָבן אויך געהאָלפן קליינע קרעמער, הענדלער און פּעדלער פון אַלערליי סחורות, פּלעגן באַצאָלן גוטע פּרייזן. האָבן אויך פאַרזאָרגט פיל כּלי קודש... מיט הייליקע שטעלעס אין זייערע שולן... און אַזוי איז זייער איינפלוס אין אידישן ישוב געווען אַן אומגעהויערער... מען קען זאָגן, אַז כּמעט קיין איין „וויטישער" — ווי זיי פלעגן אָנרופן די גרינע אימיגראַנטן — זאָל ניט געווען האָבן א שייכות מיט זיי, דירעקטער און אומדירעקטער ווייזע... ווען די אימיגראַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט, דער עלעמענט איז געוואָרן א מער באַוואוסטזיניקער און מער קולטורעל, האָט מען זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן אויף דעם מיזעראַבלען געזינדל, אויף די רופיאַנעס, און מען האָט אַרויסגעזען, אַז זיי זיינען ניט נאָר א שאַנדע, נאָר אויך א פּעסט פאַר אַן אָרנטלעכן אידישן ישוב. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א באַוועגונג אויף אויסצוראָטן דאָס געזינדל... אין יאָר 1906 איז פאָרגעקומען די ערשטע דעמאָנסטראַציע אַלס א פּראָטעסט, קעגן די רופיאַנעס. כּמעט גאַנץ בוענאָס איירעסער אידישער ישוב איז געווען אויף די פיס. און דער פּראָטעסט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין א סאַלאָן פון דער גרעסטער אַרגענטינער טעגלעכער צייטונג „לא פּרענסא", איז געווען א שטאַרקער און א פאַרביטערטער. מען האָט פּראָטעסטירט קעגן דער רעגירונג, וואָס זי דולדעט דאָס אוממאָראַלישע געזינדל.

דער אידישער ישוב האָט אָנגעהויבן ווי וויים מעגלעך צו דערווייטערן זיך פון דעם מיסט-קאַסטן, און אויך צו אויפהערן האָבן א מגע ומשע מיט די וועלכע האָבן געהאַט א שייכות מיט דעם געזינדל. די חברה קדישא האָט ניט דערלויבט מקבר צו זיין ניט נאָר א דעפיניטיוון

רופיאַן נאָר אויך דעם וועלכער האָט געהאַט א שייכות מיט רופיאַניזם, שפּעטער מיט אייניקע יאָר האָט מען זיי אויך ארויסגעיאָגט פון טעאטער, אין וועלכן זיי האָבן פארנומען דעם אויבן אָן. לעצטנס איז אויך געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט צו פארהיטן אומשולדיקע אָרנטלעכע מיידלעך ניט אריינצופאלן אין דער נעץ וועלכן זיי — די רופיאַנעס — האָבן אויס־געשפּרייט פאר זיי. זיי זיינען אויך אזוי פיל באשפיגן געוואָרן פון דער אָרנטלעכער געזעלשאפט, אז אויך די רעגירונג האָט זיי אָנגעהויבן צו פארפאָלגן. אין דער קעגנווערטיקער צייט קאָנען מיר מיט שטאָלץ זאָגן, אז ארגענטינער אידישער רופיאניזם שטייט אין א פיל קלענערן פּראָ־צענט פּראָפּאָרציאָנעל מיטן ישוב — וועלכער האָט זיך לעצטנס פאר־גרעסערט ביז לערך א פערטל מיליאָן אידן, כּן ירבו, ווי אין אנדערע לענדער. און ווען עס ווארפט זיך דורך איינער וואָס האָט אפילו אין דער יוגנט געהאַט א שייכות מיט רופיאַניזם, איז ער פון דער געזעלשאפט אזוי פיל פאראכטעט, אז נאָכן טויט ווערט ער בשום אופן ניט אויפגע־נומען צו מקבר זיין אויפן שטאָטישן אידישן בית עולם...

איצט וועל איך פארצייכענען דעם קולטורעלן און גייסטיקן שטאַנד פונם ארגענטינער אידישן ישוב. נישטיק, ביז גאָר נישטיק, איז געווען דער קולטורעלער און גייסטיקער שטאַנד צופאָר מיט א פינף — זעקס צענדליק יאָר. קיין רעליגיעזער, קיין פילאנטראָפּישער, קיין קולטורעלער אַנשטאַלט האָט זיך כּמעט ניט געפונען. אידן זיינען ווי פארבלאָנדזשעטע שאָף ארומגעגאנגען, ניט געהאט קיין ביבליאָטעקן, ניט געהאַט קיין פילאַנטראָפּישן אנשטאַלט, אויף וועלכן צו שפּענדן זייערע פארדינטע פּאָר פּעזעס. קראנקע האָבן געמוזט אָנקומען אין די שפּאנישע שפּיטעלער, ווען אויך מע האָט זיי פריינטלעך אויפגענומען, האָבן זיי אָבער ניט געקאָנט זיך איינפארשטיין מיט די דאָקטוירים און קראנקן־שוועסטער, ווייל די שפּראך איז זיי געווען פרעמד. רעליגיעזע אידן האָבן ניט געהאט קיין אָנשטענדיק געבעט־הויז. קינדער זיינען ארומגעגאנגען בטל, ניט האָבנדיק קיין שולע וואו צו לערנען.

אזוי זיינען פאריבער לערך 5—6 צענדליק יאָר, און טראָץ דעם וואָס דער אידישער ישוב איז נאָך יונג, קען ער שוין שטאָלצירן מיט זיינע פילאנטראָפּישע, קולטורעלע און גייסטיקע אנשטאַלטן, קעגן די אלע אין די לענדער אין וועלכע דער אידישער ישוב איז שוין אלט מערערע הונ־

דערטער יאָרן. ארגענטינער אידישער ישוב איז רייך מיט קולטורעלע אנ־שטאַלטן; א נעץ פון קולטורעלע פאריינען איז אויסגעשפרייט איבערן גאנצן לאנד, אפילו די פּראָווינץ פארמאָגט זיי אין א גרויסער צאָל. אר־גענטינער אידישער ישוב איז רייך מיט פילאנטראָפּישע אנשטאלטן, מיט אידישע שפּיטעלער, מיט הכנסת אורחים׳ס, מיט מושב זקנים׳ס, מיט בית יתומים און בית יתומות און קינדער־היימען. עס זיינען פאראן רע־ליגיעזע אנשטאַלטן מיט גרויסארטיקע טעמפּלען און שולן. אויך אידישע שולן פון אלע ריכטונגען. וועגן די שולן דארף געזאָגט ווערן, אז סיי זייער אינערלעכע גייסטיקע, און זייער אויסערלעכע מאַטעריעלע לאגע איז ניט קיין צופרידנשטעלנדע. עס איז אָבער א מכּה, מיט וועלכער עס זיינען געשטראָפט אלע אזעלכע לערע־אינסטיטוציעס אין אלע לענדער...

פאראן אין ארגענטינע פילע אידישע פאריינען פון אלע ריכטונגען: נאַציאָנאַל - ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע אין פארשידענע פאזן, אידי־שיסטישע און העברעאיסטישע. עס זיינען פאראן אין ארגענטינע אידישע טעאַטערס און אידישע ביבליאָטעקן. ארגענטינער אידישער ישוב איז אויך רייך מיט זשורנאַליסטישע און ליטערארישע טעטיקייטן פון גאנץ באזונדערע קולטורעלע, ליטערארישע עלעמענטן...

אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס איירעס דערשיינען צוויי גרויסע טעג־לעכע צייטונגען, וועלכע שטייגן איבער מיט זייער ליטערארישן אויסזען און רייכן אינהאַלט פילע, פילע אנדערע אזעלכע אין אנדערע אידישע ישובים... אויך ערשיינען וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע זשורנאלן סיי אין דער אידישער און סיי אין דער לאנדעס־שפּראך. וועכנטלעכע און מאָנאַט־לעכע אידישע אויסגאַבן דערשיינען אויך אין אנדערע ערטער פון אר־גענטינע. ארגענטינע פארמאָגט א באַדייטנדע צאָל שרייבער און דיכטער וועלכע שאפן אין אידיש און אין שפּאניש. צווישן די וואָס שאפן אין דער לאנדעס־שפּראך געפינען זיך אייניקע וואָס פארנעמען אן אָנגעזעענעם אָרט אין דער ארגענטינער ליטעראטור.

דער אידישער ישוב אין ארגענטינע איז א פארצווייגטער, ס׳איז ניטאָ איין שטאָט, איין שטעטל אין דער ארגענטינער טעריטאָריע אין וועלכער ס׳זאָלן זיך ניט געפינען קיין אידן. דער אידישער גייסטיקער פּולס פּילט זיך איבעראל, פון דער הויפּט־שטאָט ביז דעם פארוואָרפנסטן שטעטל אין א ווייטער פּראָווינץ. א נעץ פון שולן, סיי אידישע, סיי העברעאישע און אפילו

אידיש־וועלטלעכע איז פארשפרייט איבערן גאנצן לאנד. לעצטנס זיינען צום גרויסן באדויערן די שולן פארמינערט געוואָרן, ווייל די יק״א האָט אראָפּ־גענומען איר סובסידיע; וועגן דעם טרויעריקן פאקט איז ניט דאָס פלאץ אין א כראָנאָלאָגיע צו רעדן. דער קינפטיקער היסטאָריקער וועט וויסן ווי גע־העריק ״עם שאַנד־פלעק צו דעמאָנסטרירן...

די מאַטעריעלע לאגע פון די אידן אין ארגענטינע איז א פיל בעסערע ווי אינם רוב פון די אייראָפּעאישע לענדער. ווירקלעך, דער „לא יחדל אביון מקרב מארץ״ עקזיסטירט נאָך אויך אין ארגענטינע. אָבער ניט אין אזא שארפער פאָרמע ווי אין אלע אנדערע לענדער. דער אידישער ישוב האָט זיך אויך פארשפרייט איבערן גאנצן קאָנטינענט פון זיד־אמעריקע: אין אורוגואי, אין טשילע, אין בראזיל, איבערהויפּט אין דער לעצטער, אין בראזיל, איז די אידישע לאגע, סיי מאטעריעל, סיי גייסטיק באדייטנד בעסער ווי אין טשילע אָדער אורוגואי.

וואָס אנבאלאנגט די פּאָליטישע לאגע פון אידן אין זיד־אמעריקע, קען געזאָגט ווערן, אז ביז לעצטנס, — מיט קליינע אויסנאַמען — איז די אידישע רעכט ניט באַשרענקט געוואָרן אויף קיין איינציקן געביט. דער האנדל איז אָפן און פריי פאר יעדן. אין די שולן, סיי אין די נידעריקע און סיי אין די העכערע, איז ניט איינגעפירט דער „נומערום קלאוזוס״.

לעצטנס האָט זיך די פאשיסטישע מכה אָנגעהויבן פילן. ס׳איז אָבער צו האָפן, אז די זיד־אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וועלכע איז א ליבעראלע און אַ הומאנישע, וועט נישט דערלאָזן די מכה זאָל זיך פארשפרייטן.

**תרנ״א** — 1891. — דער טויט פון דר. לעאָן פינסקער.

> „ווען ס׳זאָל אונז דערלויבט זיין צו פארגלייכן דעם ציוניזם צו וועלכע ס׳איז רעליגיע, דאן וואָלטן מיר מיט באַשטימטקייט געקאָנט זאָגן, אז דר. פינסקער איז געווען איר גרינדער, און דר. הערצל — דער אפּאָסטאָל״.
> (אחד העם)

דער גרויסער נאַציאָנאַלער איד, דר. לעאָן פינסקער, איז געבוירן געוואָרן אין טאָמאַשאָוו, לובלינער גובערניע, אינם יאָר 1821, צו זיין פאָטער ר׳ שמחה, דער באוואוסטער „חוקר קדמוניות״. ר׳ שמחה פינסקער האָט זיין זון לעאָ ניט איבערגעגעבן צו מלמדים, נאָר מיט אים אליין גע־

לערנט. ר׳ שמחה פינסקער, ווי באוואוסט, איז געווען א טיכטיקער פּעדאַ־
גאָג, א לערער אין דער שולע פון בצלאל שטערן, און פון זיין פּאָטער
האָט לעאָ גע׳ירשה׳ט די ריינע לאָגיק און שארפן געפּיל צו אלעס, וואָס
ער האָט געלערנט. פון דער שולע איז לעאָ פינסקער גלייך אריין אין גימ־
נאזיע און פון דאָרט ארויס מיט א דיפּלאָם אלס יוריסט. פינסקער, ניט
קאָנענדיק אריינטרעטן אין אוניווערזיטעט צוליב זיין אָפּשטאַמונג,
איז אוועקגעפאָרן קיין כארקאָוו, און צום גליק איז אים דאָרט גע־
לונגען אריינצוקומען אין אוניווערזיטעט און ענדיקן דאָרט אויף דר. מע־
דיצין. פון דאָרט איז ער אָפּגעפאָרן קיין דייטשלאַנד, וואו ער האָט זיך
פארפּאָלקאָמט אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, און זיך שפּעטער בא־
זעצט אין אָדעס. זיין נאָמען אלס ספּעציאַליסט איז באקאנט געוואָרן אין
די אַרומיקע שטעט פון זיד־רוסלאנד און ער איז בארימט געוואָרן אלס
איינער פון די בעסטע דאָקטוירים. אָבער אויך זייענדיק באשעפטיקט אלס
דאָקטאָר מעדיצין, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט פליים און ענערגיע צו
ליטעראטור. צוזאמען מיטן דר. סאָלאָווייטשיק האָט ער ארויסגעגעבן די
צייטונג „ציון״, אין וועלכער ער האָט ארויסגעוויזן זיין ליבע צום אידישן
פאָלק. אין דער אָדעסער פיליאל פון דער חברה „מרבי השכלה״, איז ער
געוואָרן א קאָמיטעטס־מיטגליד און פיל אויפגעטון צו דער פארשפּרייטונג
פון וויסנשאַפט צווישן די אידן. אין אלגעמיין איז דר. פינסקער געווען
א פילאנטראָפּ. זיין גאנץ פארמעגן האָט ער געשפּענדעט פאר פארשידענע
פילאנטראָפּישע אַנשטאַלטן. אינם יאָר תרמ״א, 1881, נאָך די שרעקלעכע
פּאָגראָמען וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין אָדעס, האָט זיך אין אים דער־
וועקט דער נאציאָנאַלער געדאנק און ער האָט זיך איבערצייגט — ווי
ס׳איז אים פון באשריבן אין זיין „אויטאָעמאַנציפּאציאָן״, אז ס׳איז ניטאָ
קיין אויסזיכט, אז אידן זאָלן ווען ס׳ניט איז געפינען א מקום מנוחה אין
די גלות־לענדער. דער אידנהאַס איז איינגעוואָרצלט טיף־טיף אין די הער־
צער פון די פעלקער, און ס׳איז ביי זיי געוואָרן א צווייטע נאַטור. ס׳איז
א גייסטיקע קרענק וואָס גייט איבער בירושה פון די עלטערן צו די קינדער.

די נאָכקומענדיקע פּאָגראָמען אין די פיל שטעט אין דרום־רוסלאנד,
האָבן געבראָכן זיין געזונט, ער האָט באקומען א הארץ־קראנקהייט און
געמוזט אָפּפאָרן קיין ווין זיך צו קורירן. דאָרט האָט ער זיך אָנגעטראָפן
מיטן פרעדיקער דר. יעלינעק און פאר אים האָט ער אויסגעגאָסן זיין פאר־

ביטערט געמיט, און אים דערקלערט זיין פלאן וועגן דער צוקונפט פון זיין פאָלק. דר. יעלינעק, וועלכער האָט כסדר געפּרעדיקט צו פראָגרעס, צו פרייהייט און קאָסמאָפּאָליטיזם, האָט ניט איינגעשטימט מיט זיין פלאן, וועלכער וואָלט צעשטערט און נידערגעשטירצט זיין קאָסמאָפּאָליטישן טעמפּל, און אים געזאָגט, אז זיינע געדאנקען זיינען א פאָלגע פון די שרעקלעכע און גרויזאַמע געשעענישן, וועלכע ער האָט מיט זיינע אויגן געזען. ער האָפט — האָט אים דער פּרעדיקער געזאָגט — אז די הימלען וועלן זיך אויסלייטערן און די פרייהייטס-זון וועט פארטרייבן די אנטיסעמיטישע וואָלקנס. פינסקער איז פון זיינע ווערטער אויף אזוי פיל ניט צופרידן געווען, אז ער איז ארויס קעגן אים אין קאמף אין פארשידענע צייטונגען, און ער איז ארויס דער זיגער.

גלייך נאָכדעם האָט ער ארויסגעגעבן זיין וואונדערבארן בוך אונטערן נאָמען „אויטאָעמאנציפּאציאָן", אין וועלכן ער דערקלערט, אז מיר דארפן זיך ניט פארלאָזן אויף דעם „חסד לאומים", אז מיר זאָלן באקומען גלייכבארעכטיקונג. אין אונז אליין ליגט אונזער הילף. מיר אליין דארפן זיך זאָרגן פאר אונזער גורל...

מיט דער גרעסטער פארביטערונג שרייט ער אויס: „דער נאַציאָנאַלער געפיל, פון וואנען זאָלן מיר, אים נעמען? אָ! דאָס איז דאָך אונזער אומגליק, וואָס מיר זיינען נאָר אידן, אָבער ניט קיין פאָלק!.."

נאָכדעם ווען ער האָט דערזען די גרויסע אימיגראציע קיין ארץ ישראל, האָט ער מיט א פרייד אין הארצן זיך ארויסגעזאָגט: „אין מיין אומגליקלעך פאָלק האָט זיך סוף כל סוף דערוועקט דער נאַציאָנאַלער געפיל. און ווען ווייט, גאנץ ווייט, איז דער פונקט צו וועלכן מיר שטרעבנען זיך אָן צו דערגרייכן, אָבער פאר א פאָלק, וואָס וואנדערט ארום שוין טויזנטער יאָרן איז דער ווייטסטער וועג ניט לאנג".

דער „אויטאָעמאנציפּאציאָן" האָט צעשטערט די אלע זיכערע אסימילאציאָנס-פעסטונגען, וואָס די אסימילאטאָרן האָבן אין זייער פאנטאַזיע אויסגעבויט.

און ווי ריכטיק זיינען פינסקערס ווערטער וועלכע ער האָט ארויסגעזאָגט, נאָכדעם ווי שטעקער איז דערקלערט געוואָרן אלס א פאלש-שווערער: „ניט פון די ליגנס און פאלשקייטן פון שטעקער איז אויסגעוועצט א סכנה פאר אונז, נאָר פאר דעם טראָפן אמת וואָס ער האָט ארויס-

געזאָגט. „דאָס דייטשע פאָלק — האָט ער געזאָגט — איז אין דער בעס־טער אָרדענונג באַפעסטיקט אויף זיין טעריטאָריע, און די אידן וואנדערן אָן דער מינדסטער באפעסטיקונג און פון קיינעם ניט געשטיצט אויף דעם ערד־קוגל". און זיינען דען די ווערטער ניט אמת?..."

אין אָנפאנג איז פינסקערן געוועזן פרעמד די ליבע צום „ארץ אבות", די ליבע וואָס מיר דערצויגענע אויפן תנ"ך און תלמוד פארשטייען זי; פאר אונז איז די ליבע אן „אהבה שאינה תלויה בדבר"... פינסקער האָט דאָס לאנד געוואוסט אלס א הייליק לאנד, וועלכעס איז פארהייליקט גע־וואָרן מיט א רעליגיעזער הייליקייט, און ניט מיט קיין נאציאָנאלער. און דעריבער האָט ער זיך אויסגעדריקט:

„ניט צום הייליקן לאנד דארפן מיר שטרעבן, נאָר צו אונזער לאנד. מיר דארפן האָבן א גרויסע שטרעקע לאנד, וועל־כע זאָל געהערן אונז, א לאנד, וואָס קיינער זאָל ניט האָבן דאָס רעכט אונז פון דאָרט אראָפּצוטרייבן. אהין וועלן מיר ברענגען אונזערע אוצרות פון דער אוראלטער צייט, אהין וועלן מיר ברענגען דעם ריי־נעם מאָנאָטעאיזם, די ווערטער פון אונזערע נביאים. זיי, נאָר זיי, האָבן געהייליקט דאָס לאנד. ניט ירושלים, און ניט דער ירדן האָבן געהייליקט די נביאים, נאָר די נביאים האָבן זיי געהייליקט".

מיט דער צייט אָבער האָט געווירקט אויף אים די „חבת ציון"־באַ־וועגונג און ער איז געוואָרן א חובב ציון, איבערגעגעבן צום נאַציאָנאַלן געדאנק, וועלכער איז אים פריער פרעמד געוועזן.

איינער פון זיינע פריינט האָט גאנץ ריכטיק אָפּגעשאצט — נאָך זיין טויט — זיין ליבע צום אידישן פאָלק: „פינסקער האָט צוגעטראָטן צום אלטן, קראנקן ישראל ווי א דאָקטאָר א ספעציאליסט, און ווי א דיפּ־לאָמירטער פּאָליטיקער, נאָכדעם ווי ער האָט אים געמאכט אייניקע איינ־שפּריצונגען אין זיין הארץ און אין זיין מוח. דער חולה האָט זיך אויפ־געוואכט פון זיין פארטייעטקייט און זיך געלאָזט גיין אין דעם וועג, וואָס פירט אים צו זיין היים. און ווען דער דאָקטאָר האָט אים א פרעג געטאָן: „וועסטו קאָנען געפונען דעם וועג, וועלכער פירט צו דיין היים?" „איך דויים—האָט דער קראנקער אים געענטפערט—דעם וועג צו מיין אלט הויז וואו איך האָב פריער געוואוינט, און איך וועל געווים קומען אהין, ווען דו, דאָקטאָר, וועסט מיך נאָר באַגלייטן און אכטונג געבן ניט אויסצוגליטשן

זיך און פאלן." דער דאָקטאָר האָט זיך זייער געפרייט און זיך באמיט זיין וואונטש צו דערפילן".

ווי ווייט געפילפּול פינסקער איז געווען און געקענט גערירט ווערן פון פרעמדע שמערצן, דערציילט אונז די היסטאָריע: ווען ער איז נאָך גאָר א קינד געווען איז ער געגאנגען מיט זיין פאָטער צו סליחות. ווען דער פאָטער איז געקומען צו דער פראזע: „אזכרה אלהים ואהמיה" האָט ער זייער געוויינט, און ווען דער זון האָט אים געפרעגט, פארוואָס ער וויינט, האָט אים דער פאָטער דערקלערט די באדייטונג פון די ווערטער, און דער יונגער פינסקער האָט גלייך מיט אים געוויינט.

צום שלום נאָך א וואָרט, ווי אזוי דר. פינסקער איז געקומען צו דער אידייע, אז אין ארץ ישראל מוז געגרינדעט ווערן א גייסטיקער צענטער. דר. פינסקער, דער ערשטער פירער פון די אָדעסער חובבי ציון, האָט געוואָלט באגרינדן ניט די קעגנערשאפט צום ציוניזם, נאָר גראָד דעם ציוניזם שטרעבנג לאָגיש צו שטודירן. אזוי ווי די שנאה צו די אידן איז א טיף איינגעוואָרצלט געפיל, א קראנקהייט פון גייסט, וואָס גייט איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, און דער פּרינציפּ פון גלייכהייט, אויף וועלכן די אידישע עמאנציפּאציע שטיצט זיך, איז נאָר א שכל-זאך, וועט דאָס געפיל שטענדיק גובר זיין די שכל'דיקייט און די אידישע עמאנציפּאציע אין גלות האָט קיין האפט ניט. דעריבער מוזן זיך די אידן שטעלן אויפן וועג פון אויטאָ-עמאנציפּאציאָן, ד. ה. פון זעלבסט-אויסלייזונג אין אן אייגענעם היימלאנד. אויף דעם האָט אחד העם געענטפערט, אז אָט דער לאָגישער אויספיר פון דער נויטווענדיקייט פון אויטאָ-עמאַנציפּאציע איז דאָך אויך געבויט אויפן שכל, בעת גראד דער נאציאָנאלער אינדי-פערענטיזם אונזערער איז געוואָרן א קראנקהייט פון גייסט, וואָס גייט איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, און אויב די עמאנציפּאציע האָט קיין האפט, ווייל זי האָט ניט קיין פעסטן באָדן, ד. ה. קיין פעסטן אינ-האַלט אין די הערצער פון די גויים, קען דאָך אויך די אויטאָעמאַנציפּא-ציע ניט האָבן קיין האפט, ווייל זי האָט ניט קיין פעסטן אינהאלט אין אונזערע אייגענע הערצער. און ביידע, סיי דר. פינסקער און סיי אחד העם זיינען טיף אנטוישט געוואָרן אין דער באוועגונג פון די חובבי ציון, און ביידע זיינען זיי געקומען צום אויספיר, צום לאָגישן אויספיר, אז מען מוז אין ארץ ישראל גרינדן א גייסטיקן נאַציאָנאַלן צענטער, א געזיכערטע

היים ניט בלויז פאר אידן, נאָר פאר אידישקייט, פארן אידישן גייסט.

דר. פינסקער איז געשטאָרבן*), אויך אחד העם איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. און מיר איבערצייגן זיך איצט, אז אזוי ווי דער ירדן גיסט זיך אריין אין ים כנרת, און גייט ארויס פון דאָרט און פליסט ווייטער זיין וועג, אזוי גיסט זיך אריין דער אחד העמ׳יזם אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און גייט ארויס פון דאָרט און פליסט ווייטער זיין וועג, לאָמיר אויך האָפן, אז ער וועט אויך ווייטער פליסן — אָבער ניט אין ים המלח... נאָר אין א געוואונטשן ציל, סיי דער פּאָליטישער, אין וועלכן אויך פינסקער איז געוואָרן אן אָנהענגער, און סיי דער אהד העמ׳יסטישער, וועלכער איז דאָך אויך אזוי נויטיק. איז דאָך דער ציוניזם איינע פון די פאָרמען פון קאמף פונם אידישן פאָלק ניט נאָר פארן קיום פון „אידן", נאָר אויך פארן קיום פון „אידישקייט". און מיר ווילן אויך האָפן, אז דער ציוניזם וועט סוף כל סוף ווערן ניט א באוועגונג פון א פארטיי, נאָר פונם גאנצן פאָלק, ווי דר. פינסקער און אחד העם האָבן געוואונטשן.

**התרנ"ב** — 1892. — דער טויט פון ר' מיכאל ערלאנגער.

ר' מיכאל ערלאנגער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקפ"ח צו זיין פאָטער אליעזר זוסיל וועלכער איז געוועזן רב אין ווייסענבערג, אין על-זאס. זיין פאָטער האָט אים דערצויגן נאָך זיין שטייגער נאָך, אין חכמת ישראל און אויך גרינטלעך אויסגעלערנט אים די העברעאישע שפּראך. ער האָט אים אָבער נישט געשטערט צו שטודירן וועלטלעכע וויסנשאַפט. אַלט זייענדיק 17 יאָר, איז ער אָפּגעפאָרן קיין פאריז, באקומענדיק דאָרט א פּאָסטן אין איינעם פון די גרעסטע האנדלס-הייזער. צו יענער צייט האָט ער שוין גרינטלעך געקענט פינף אייראָפּעאישע שפּראכן, אויסער אראביש און העברעאיש. בייטאָג פלעגט ער ארבעטן און ביינאַכט לערנען. זיין נאָמען איז באקאנט געוואָרן צו אלע אידישע וויסנשאפטסמענער אין פאריז.

אין יאָר 1848, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די גרויסע פראנצויזישע

---

*) געשט. אין אָדעס דעם 21-טן דעצעמבער 1891. לויט לעצטע ידיעות זיינען די ביינער פון דעם גרינדער פון דער ציוניסטישער באוועגונג ארויסגעשמוגלט געוואָרן פון אָדעסער בית-עלמין און זיי זיינען געבראכט געוואָרן קיין ארץ ישראל.

רעוואָלוציע, איז ערלאַנגערס מאַטעריעלער שטאַנד געבראָכן געוואָרן און ער האָט געמוזט ווערן אַ לערער פון פאַרשידענע שפּראַכן, כּדי זיך דער־פון צו דערנערן. ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און דער פּרינציפּאַל פון דעם האַנדלס־הויז, אין וועלכן ער איז פריער געווען, האָט אים אַרויס־גערופן קיין אַלעקסאַנדריע, עגיפּטן, און אים באַשטימט אַלס אויפזעער אין דעם נייעם האַנדלס־הויז, וואָס ער האָט דאָרט געגרינדעט.

אין יאָר תרכ״ב — 1862 — ווען קרעמיע, דער פראַנצויזישער אי־דישער מיניסטער, האָט אָרגאַניזירט די חברה „כּל ישראל חברים״, איז ערלאַנגער געוואָרן אַ חבר אין דער ערשטער קאָמיסיע.

אויסצורעכענען זיין טעטיקייט אויף דעם פילאַנטראָפּישן געביט איז אוממעגלעך אין אַ כראָנאָלאָגיע. איך וועל עס נאָר טון אין קורצן.

ווי באַוואוסט, איז דער ערשטער פילאַנטראָפּישער שריט פון דער חברה כּל ישראל חברים געווען צו גרינדן אַן אַגראָנאָם־שולע אין ארץ - ישראל, צו לערנען דאָרט ערד־אַרבעט און גערטנער־פלאַנצונג. ערלאַנגער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער אַגראָנאָם־לערער אין דער שולע. ער איז געווען דער שטאַרקער שטיץ־פּונקט מיט זיין אַגראָנאָמישע וויסנשאַפט און אויך מיט זיין טיפע קענטעניש אין דער ארץ ישראל׳דיקע געאָגראַ־פיע, צו דעם באַוואוסטן פילאַנטראָף קאַרל נעטער; ביידע זיינען געגאַנ־גען האַנט ביי האַנט אין דער נאַציאָנאַלער אַרבעט און אויך אין פאַרשי־דענע פילאַנטראָפּישע געביטן. אין 1880, ווען ס׳איז פון דער חברה כּל ישראל חברים באַשטימט געוואָרן אַן אָפּטיילונג אונטערן נאָמען: „חברה לחקר חכמות ישראל״, איז ער פון דעם באַראָן דזשעמס ראָטשילד, דער פּאָרזיצנדער פון דער חברה, באַשטימט געוואָרן אַלס גענעראַל־סעקרע־טאַר און איז פאַרבליבן אויף דעם אַמט ביז זיין טויט.

אינם יאָר 1869, אין די הונגער־יאָרן, וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין די נאָרד־וועסט־געגנטן, איז ערלאַנגער געווען דער וועג־ווייזער, דער רוח החיים פון די צוויי דעלעגירטע חברה־מיטגלידער: לעווען און לעב, וועל־כע זיינען געפאָרן צו לייסטן הילף די הונגער־ליידנדע. ערלאַנגער איז מיטגעפאָרן מיט זיי און נאָך זיין איינזעען געהאָלפן.

אין יאָר תרמ״ב, 1882, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־עמי־גראַציע קיין אַמעריקע, איז ערלאַנגער געווען דער מלאך מושיע פון די עמיגראַנטן. ער האָט מפקיר געווען אַלע זיינע געשעפטן און זיך גע־

אָפּפערט פאר די אומגליקלעכע. ער איז זיי צו הילף געקומען מיט ראט און טאַט.

ווען די ערשטע חלוצים פון חיבת ציון האָבן אויסגעוואנדערט פון רומעניע און דאָרט געגרינדעט די קאָלאָניע שומרון, און א שרעקלעכער קריזיס איז איבער זיי געקומען און זיי האָבן ניט געקענט ענדיקן דאָס וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן, איז דער גרויסער חובב ציון, דער רב ר׳ שמואל מאָהילעווער אָפּגעפאָרן קיין פאריז צו שילדערן די קריטישע לאגע זייערע. ער האָט זיך צוערשט פאַרגעשטעלט פאר ר׳ מיכאל ער־לאנגער און ר׳ צדוק הכהן, און די צוויי האָבן אים ארייַנגעפירט צום נדיב הידוע ר׳ בנימין ראָטשילד, און די אלע דריי האָבן אים אזוי באַ־גייסטערט פון ישוב ארץ ישראל, אז ער איז געוואָרן דער, וועמען דאָס אידישע פאָלק האָט צו פארדאנקען די עקזיסטענץ פונם ישוב און צו דער מדרגה ווי ער געפינט זיך איצט.

ערלאנגער איז געווען דער אגיטאַטאָר צו גרינדן עמיגראציאָנס־קאָ־מיטעטן, און דעם געדאנק האָט אויך געשטיצט דער באַראָן הירש, און איידער ער האָט זיך פארנומען אויסצוזוכן א מקלט און א מקום מנוחה פאר אידן, האָט ער זיך געווענדעט צו דער רוסישער רעגירונג צו דער־לויבן די גרינדונג פון אזעלכע קאָמיטעטן אין זיין לאנד. א דאנק זיין אָנגעשטרענגטער און אומדערמידלעכער ארבעט, איז ניט פארווירקלעכט געוואָרן דאָס צו וואָס ער האָט געשטרעבט: צו נקבר ווערן אין ארץ ישראל. ער איז שטאַרק קראנק געוואָרן און איז ניט אימשטאַנד געווען צו אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל. ער איז נפטר געוואָרן אין פאריז אינם יאָר תרנ״ב.

**תרנ״ב** — 1892. — דער טויט פון לעאָנס לעהמאַן.

לעאָנס לעהמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר תקצ״ו—1836. ער איז פארבליבן א יתום פון זיין פאָטער, ווען ער איז נאָך געווען א קינד. אלט זייענדיק 21 יאָר, האָט ער באקומען דעם דיפּלאָם „דאָקטאָר פון יורי״ אויף דער דיסערטאַציע: „די יורידישע וויסנשאַפט צווישן פארשידענע פעלקער״. די דיסערטאַציע האָט אויף זיך ארויפגעצויגן די אויפמערק־זאמקייט פון דער טערקישער רעגירונג און זי האָט אים באשטימט אלס סעקרעטאַר אין דער אמבאַסאדע פון איר געזאנדטן אין נעאַפּאָל. דאָרט איז ער פארבליבן ביז 1860.

זייענדיק אין איטאַליע האָט ער איבערגעזעצט דאָס בוך „די נייע יורידישע געזעצן פון אייראָפּע” פון איטאַליעניש אויף פראַנצויזיש. קו־מענדיק פון איטאַליע צוריק קיין פראַנקרייך, איז ער געוואָרן סעקרעטאַר ביי קרעמיע. אין 1867 האָט לעהמאַן פאַרטרעטן דעם אַמט פון קרעמיע און געוואָרן רעגירונגס־אַדוואָקאַט פון סענאַט, און אויך אין העכערן קאַ־סאַציאָנס־געריכט. לעהמאַן האָט באַקומען אויסצייכענונגס - מעדאַלן פון פראַנקרייך און טערקיי. ער איז אויך געווען נאָכן טויט פון ה׳ כהן, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער חברה „כל ישראל חברים”. לעהמאַן איז געשטאָרבן אַלט זייענדיק זעקס און פופציק יאָר.

**תרנ״ב** — 1892. — דער טויט פון אדאָלף פראַנק.

אדאָלף פראַנק איז געבוירן געוואָרן אין פראַנקרייך אין דער שטאָט ליאַקורט אינם באַצירק מירטער. ווען ער איז נאָך געווען א קינד, האָט ער זיך שוין אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפזיניקייט. זיין עלעמענטאַרע בילדונג האָט ער באַקומען אין דער נאַנסינער שולע און פאַרגעזעצט זיין שטודיום אין טולוז. ער האָט זיך אויף אַזוי פיל אַנטוויקלט אין וויסנשאַפט, אַז אַלט זייענדיק דריי און צוואַנציק יאָר האָט ער שוין באַקומען אַן אַטעסטאַט אַלס דאָקטאָר פילאָזאָפיע און גלייך פאַרנומען א שטעלע אין דער שטאָט רואי, אין פראַנקרייך, אַלס פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע. ס׳מוז דאָ דערקלערט ווערן, אַז אין דער פילאָזאָפישער ווי־סנשאַפט האָבן זיך אידן שטענדיק אויסגעצייכנט און זייער פילאָזאָפישע לערע איז פאַרבליבן אויף דער צוקונפט אַלס א גייסטיקע שפּייז ניט נאָר פאַר אידן, נאָר אויך פאַר אַנדערע פעלקער, אונטער וועלכע זיי האָבן געלעבט.

סאיז גענוג צו דערמאַנען ר׳ סעדיה גאון, דער רמב״ם, ר׳ שלמה בן גבירול, ר׳ יהודה הלוי. אדאָלף פראַנק איז געווען איינער פון די לעצטע, וועמענס פילאָזאָפיע איז געשעצט און געאַכטעט געוואָרן פון די וויסנ־שאַפטס־מענער. זיין ערשט בוך אין דער פילאָזאָפיע, וואָס האָט ארויפ־געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די גרעסטע וויסנשאַפטס־מע־נער, האָט זיך גערופן: „איינלייטונג צו דער וויסנשאַפט פון דער לאָגיק”. אין דעם בוך האָט ער ארויסגעוויזן זיין טיפן פאַרשטאַנד און זיין שאַרפ־זיניקייט.

פון 1838 ביז 1843 האָט פראַנק ניט געשריבן, ער איז איינגעטרעטן

אלס פראָפעסאָר אין דער פאריזער אקאדעמיע „שארלמאן" און אין זעל־בן יאָר באקומען א צווייטן אַטעסטאַט און געוואָרן פראָפעסאָר אין דער פאריזער סורבאָנע.

אין 1849 איז אדאָלף פראנק קראנק געוואָרן און איז געווען גע־נעצוואונגען, אויפן באפעל פון די דאָקטוירים, צו פארלאָזן פאריז. ער איז אָפגעפאָרן קיין איטאַליע צו קורירן זיך. אָבער נאָך אינם זעלבן יאָר איז דערשינען זיין בוך: „די קבלה אָדער די רעליגיעזע פילאָזאָפיע פון די אידן". דאָס בוך רעכנט זיך אלס דאָס בעסטע פון די וועלכע זיינען אויף דער טעמע געשריבן געוואָרן.

דער הויפט־געדאנק אין דעם בוך איז, אז די קבלה איז א גאנץ אל־טער שטודיום, און דער זוהר איז די ווערק פון ר' שמעון בן יוחאי; ער קעמפט אייפריק קעגן די, וועלכע האָבן א קעגנזייטיקע מיינונג. ער זוכט אונז איבערצוצייגן, אז דער „זוהר" און דער „ספר יצירה" זיינען אור־שפרינגלעכע. ער דערקלערט אונז די פארהעלטעניש פון דער קבלה צו דער פלאטאָנישער פילאָזאָפיע, צו דער לערע פון די אלעקסאנדריער, צו דער קריסטלעכער לערע און אויך צו דער פערסישער און קאלדעער.

אין 1844 הויבט אָן צו דערשיינען זיין ענציקלאָפעדיע צו פילאָזאָ־פישע וויסנשאַפט. פראנק איז דער הויפט־רעדאקטאָר ביז צום יאָר 1852. ער נעמט אָן די שטה פון העקלעקטיזם, דאָס וויל זאָגן: א פילאָזאָפישע שטה, וועלכע שאַפט ניט אליין קיין אָריגינעלעס, זי נעמט ארויס פון פאר־שידענע שטות די שטעלן וועלכע דערקלערן אלעם וואָס שאפט גליק דעם מענטשן, און העכערע געפילן וועגן יושר און דערהויבענעם גייסט.

אין 1847, צוריקקומענדיק פון איטאַליע, וואו ער האָט זיך קורירט, פארנעמט ער ווייטער די קאטעדרע אין דער סורבאָנע. אין 1849 פאר־נעמט ער שוין א קאַטעדרע אין „קאָלעדזש דע פראנס" און פארבלייבט אין איר ביז אין טיפער עלטער.

אדאָלף פראנק האָט פארפאסט פיל ספרים. ער איז אויך געווען פיל יאָרן וויצע־פרעזידענט אין דער אלגעמיינער קאָנסיסטאָריע און א מיט־גליד אין דער חברה ,,כל ישראל חברים". אדאָלף פראנק איז נפטר געוואָרן אין דער טיפער עלטער פון 93 יאָר. גרויס כבוד איז אים צוגעטיילט גע־וואָרן דאָס גאנצע לעבן זיינעם און אויך נאָך זיין טויט. די פראנצויזישע פרעסע האָט אים נאָכגעזאָגט גרויסע שבחים.

**ה. תרנ"ג—1893.** — דער טויט פון ר' דוד קאסעל; דער געבורט פון ר' שאול יצחק קאפף. — ר' אייזיק מאיר דיק; — ר' ישראל מיכל ראבי־נאָוויטש.

ר' דוד קאסעל, איינער פון די געציילטע חכמי ישראל אין דער לעצ־טער עפּאָכע, איז געבוירן געוואָרן אין גלוגא אין תקע"ח — 1818. ער שטודירט צום ערשטן אין גימנאַזיע און נאָכדעם אין אוניווערזיטעט אין בערלין. אין דער זעלבער צייט פארפולקאָמט ער זיך אין חכמת ישראל. אין יאָר 1843 האָט ער באקומען סמיכות אויף הוראה פון די גאונים ר' יעקב יוסף עטינגער און ר' זכריה פראנקעל (זע „האַנט־בוך" 2־טע טייל, זייטן 57—59). פונם יאָר 1856 ביז 1869 איז ער געווען רעליגיאָנס־לערער אין דער לערער־שולע, און פון 1872 ביז זיין טויט — פּראָפעסאָר אין דער ראבינער־סעמינאריע.

ר' דוד קאסעל האָט פארפאסט פיל ספרים, צווישן זיי „דברי ימי ספרות העברית"; „חוט המדריך"; „דברי ימי היהודים וספרותם" — דריי טייל; איבערגעזעצט דעם „הכוזרי" אויף דייטש און אויך פיל תפילות און סליחות. ר' דוד קאסעל האָט, אויסער זיין ווייסנשאפט, פון וועלכער זיינע תלמידים האָבן גענאָסן, זיך אויך באַליבט געמאכט ביי זיי און זיי האָבן אים פאררעכנט פאר א בארעמהערציקן פאָטער.

---

ר' שאול יצחק קאפף, ראבינער און פרעדיקער ביי דער אידישער גע־מיינדע אין פּראג, איז געבוירן געוואָרן אין תקע"ח — 1818, אין ליססא, פרייסן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך פארפאָלקאָמט אין אלגעמיינע וויסנ־שאפט, האָט ער זיך אויך פארטיפט אין חכמת ישראל; געקומען קיין פויזען צו ר' עקיבא אייגער און באקומען פון אים סמיכה. אין יאָר ת"ר — 1840, איז ער אריינגעטרעטן אין דער אקאדעמיע פון דער שטאָט האללע, געלערנט ביי די פּראָפעסאָרן געזעניוס, רעדיגער און גרובער. אין תר"ד — 1844 האָט ער באקומען פון זיי דעם דיפּלאָם דר. פילאָזאָ־פיע און מאַגיסטער פון שיינער קונסט. אינם זעלבן יאָר איז ער געוואָרן אלס ראבינער אין מעקלענבורג־סטרעליטץ; אין תר"ה — 1845, איז ער געוואָרן ראבינער און פרעדיקער אין פּראג; אין יאָר תר"י — 1850, איז ער געוואָרן פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישע שפראכן אינם דאָר־טיקן אוניווערזיטעט און באקומען דעם טיטל שטאָטס־ראטמאַן.

ר׳ שמואל יצחק קאפף האָט פארפאסט פיל ספרים. איך וועל פאר־צייכענען נאָר אייניקע: „תולדות רבנו אייגער״; „המאקאמים הראשונים מהתחכמוני, או הדיוואן של האלחריזי״; „שירה אנדלוזית של משוררים אנדלוזים״. — די אלע אין דער דייטשער שפּראך. — „ממתיק סוד״ איבער די צאנקערייען פון מערערע חכמים וועגן דעם „דרכי המשנה״. — ער האָט אויך געשריבן פיל מאמרים אין פראנקעלס מאָנאַטלעכן זשורנאל „אָריענט״. (זע „האַנט־בוך״ — כראָנאָלאָגיע — 2־טע טייל, זייטן 206 און 208).

---

ר׳ אייזיק מאיר דיק האָט זיך קונה שם געווען אלס העברעאיסט און שרייבער. ער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין 1808 (פון אלע אָנגעגעבענע דאטומס פון זיין געבורט איז דער מער פּינקטלעכער דער, וואָס ווערט אָנגעגעבן אין „אחיאסף״). געשטאָרבן אין דער זעלבער שטאָט דעם 24־טן יאנואר 1893.

זיין פאָטער, א חזן, האָט אים געגעבן א תלמודישע דערציאונג, ער האָט געלערנט העברעאיש און תלמוד. ער האָט, ווי דער שטייגער אין יענער צייט, חתונה געהאט זייער יונג און געוואוינט ביי זיין שווער אין נישוועץ, נעבן ווילנע. דאָרט האָט ער זיך באקאנט מיט א קאטוי־לישן גייסטלעכן, וועלכער האָט פארבאהאלטענערהייט מיט אים גע־לערנט דייטש. ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט רוסיש און פויליש. צו־ריקקומענדיק קיין ווילנע האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט פריוואט לערעריי. אין יאָר 1841 ווערט ער פון דער רעגירונג באשטימט אלס העברעאישער לערער אין די ערשט געגרינדעטע רעגירונגס־שולן פאר אידישע קינדער פון ווילנע.

משה מאָנטעפיאָרעס באזוך אין ווילנע אין יאָר 1846 האָט דאן ארויסגערופן גרויס אינטערעס און ענטוזיאזם צווישן די דאָרטיקע אידן. (זע כראָנאָלאָגיע פון „האַנט־בוך״ 2־טע טייל, זייטן 227—228).. פאר זיין כבוד וועגן האָט מען דאן געווידמעט א סך ליטערארישע חבורים. דיק האָט דעם באזוך באשריבן אין „דער אורח״, וואָס איז פארעפנטלעכט גע־וואָרן אין קעניגסבערג אין 1860. ער האָט זיך פאראינטערעסירט מיט דער פארבעסערונג פון דער אידישער לאגע אין רוסלאנד און וועגן דעם האָט ער זיך איבערגעשריבן מיט גראף אואוואראָף, בילדונגס־מיניסטער

פון ניקאָלאי דעם ערשטן. אייזיק מאיר ד״ק איז געווען פאר דעם, אז מען זאָל צווינגען די אידן פון ליטע צו קליידן זיך אויפן דייטשן אָדער איי-ראָפּעאישן שטייגער. כאָטש ער אליין האָט זיך געקליידט און געפירט אויפן אלטן שטייגער ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

אין די שפּעטערע יאָרן הויבט אָן אייזיק מאיר דיק צו ארבעטן ביי דער באוואוסטער דרוקעריי און פארלאג ראָם. ער שרייבט פארן פארלאג דערציילונגען אין אידיש און באקומט דערפאר א זייער קליינעם וועכנט-לעכן געהאלט. דיק האָט אָנגעשריבן קרוב צו דריי הונדערט דערציילונ-גען אין אידיש, חוץ דעם האָט ער אויך געשריבן אין העברעאיש. זיינע העברעאישע ווערק זיינען „מחזה מול מחזה״, א פורים-געשיכטע (ווארשע 1861), „זפרונה״, א באשרייבונג פון אידישן לעבן אין די קליינע שטעט-לעך (ווילנע 1868), „מסכת עניות (א טראַקטאַט וועגן אָרעמקייט), גע-שריבן אין א סאטירישן טאָן. דאָס דאָזיקע ווערק ווערט פארעכנט אלס די בעסטע תלמודישע פּאראָדיע וואָס איז ווען עס איז אָנגעשריבן גע-וואָרן.

---

ר׳ ישראל מיכל ראבינאָוויטש, א דאָקטאָר און פילאָלאָג, געבוירן אין האָראָדעץ, גראָדנער גוב. אין תקע״ח. זיין פאָטער איז געווען רב אין דער זעלבער שטאָט; פון אים האָט ער געלערנט אידישע וויסנשאַפט, תלמוד און פוסקים. אין יאָר תר״ג — 1843, אלט זייענדיק 25 יאָר, איז ער אוועק קיין פּראג, דאָרט זיך געלערנט די דייטשע שפּראך, פון דאָרט איז ער אָפּגעפאָרן קיין ברעסלוי, אריין אין גימנאזיע, געלערנט דאָרט צוויי יאָר און זי געענדיקט, און גלייך נאָכדעם אָנגעקומען אין אוניווער-זיטעט. צו יענער צייט האָט ער ארויסגעלאָזט זיין ספר „דקדוק לשון עברי״. פון ברעסלוי איז ער אָפּגעפאָרן קיין פאריז, געלערנט מעדיצין, און אין יאָר 1865 באקומען א דיפּלאָם אלס דאָקטאָר מעדיצין. פארפאסט פיל ספרים, געשריבן אין פראנצויזיש, צווישן זיי „די קרימינעלע געזעצן אין תלמוד; קאָמערציעלע געזעצן״, איבערגעזעצט די מסכתות „כתובות״, „גיטין״, „קדושין״, „בבא קמא״, „בבא מציעא״, בבא בתרא״, „מבוא כללי לתלמוד״, „חכמת הרפואה בתלמוד״, „דיני שחיטה וטריפות נאָכן תלמוד״. ער האָט אויך פארפאסט א גראמאטיק פאר לאָטיין, ענגליש און רוסיש.

ר׳ ישראל מיכל ראבינאָוויטש איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרנ״ג — 1893.

**ה. תרנ״ג** — 1893. — דער טויט פון שניאור זאקס.

ר׳ שניאור זאקס איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט קיידאן, אין יאָר תקע״ו — 1816. זיין פאָטער ר׳ צמח איז געווען רב אין דער שטאָט זאגער, און ביי אים האָט ער געלערנט תלמוד. נאָך אין זיינע גאָר יונגע יאָרן האָט זיך דערוועקט אין אים דער חשק צו פארטיפן זיך אין דער אלטער אידישער היסטאָריע, און אין טאָג פון זיין חתונה האָט ער ארויסגעגעבן א קליינעם חבור אונטערן נאָמען „שותא דינוקא״ אויף מוסר און דרך ארץ. א קורצע צייט נאָך זיין חתונה האָט ער זיך געקליבן צו פאָרן קיין אויסלאנד צו שטודירן וועלטלעכע בילדונג און כדי ניט צו פארשאפן זיינע עלטערן קיין עגמת נפש, האָט ער זיי געזאָגט, אז ער פאָרט קיין ווילנע אריינצוטרעטן אין דער דאָרטיקער ישיבה. אָנקומענדיק אהין, האָט ער זיך געווענדעט צו ר׳ מרדכי אהרן גינצבורג (זע „האַנטבוך״ 2-טע טייל, זייטן 44—46), פרעגן ביי אים אן עצה. ר׳ מרדכי אהרן גינצבורג האָט אים געראָטן, ער זאָל זיך צום ערשטן פארפאָלקאָמען אין אידישער וויסנשאַפט און אים אויך גע׳עצה׳ט אָפּצופאָרן קיין וואסיליִשאק, א קליין שטעטל, און דאָרט וועט ער פון קיינעם נישט געשטערט ווערן אין זיין לערנען. ער האָט אים געפאָלגט און דאָרט פארבליבן א יאָר צייט. פון דאָרט איז ער אָפּגעפאָרן קיין דובנא, באקענט זיך מיט די דאָרטיקע משכילים, און אָפּגעוועזן דאָרט ביי צוויי יאָר. דאָרט האָט ער אָנגעשריבן זיין ערשט ארטיקל אין דער צייטונג „איזראעליטישע אנאַלען״. אין יאָר תר״ד — 1844, איז ער מיט דער דערלויבעניש פון זיינע עלטערן און זיין פרוי אוועקגעפאָרן קיין בערלין, געלערנט אין אוניווערזיטעט די פילאָזאָפישע וויסנשאַפט פון די פראָפעסאָרן שעלינג און אלטמאַן. זייענדיק דאָרט, האָט ער פיל געליטן. ער האָט פשוט ניט געהאַט אויף לעבנסמיטל. דריי און פערציק יאָר איז ער פארבליבן דאָרט און געליטן גרויס דחקות. ערשט אין יאָר תרמ״ז — 1887, ווען הער באראָן יעווזעל גינצבורג איז געווען אין בערלין, האָט ער אים גענומען צו זיך צו דערציען זיין זון האָראַץ (זע „האַנט-בוך״, 2-טע טייל, זייט 189—191). דאָרט האָט ער געשאפן פארן באראָן א גרויסע ביבליאָטעק און ער איז געוואָרן דער משגיח איבער דער זעלבער.

זייענדיק ביים בּאראָן, האָט ער זיך ערשט פארפאָלקאָמט אין חכמת ישראל, און איבערגעלאָזט די ספרים „כּרם חמד", א זאמל־בּוך פון פאר־שידענע וויסנשאַפטלעכע בּריוו פון די גרעסטע אידישע וויסנשאַפטס־מענער; „התחיה", צוויי ספרים; „וויסנשאַפטלעכע חקירות" און „הערות" איבּער דעם „הפליט" פון דר. צונץ; „היונה", א מאָנאַטלעכער זשורנאַל איבּער אידישער וויסנשאַפט; „שיר השירים צו ר' שלמה בּן גבירול" און נאָך פיל אנדערע.

ר' שניאור זאקס האָט געלעבּט 77 יאָר.

## ה. תרנ"ג — 1893. — דער טויט פון אלעקסאנדער צעדערבּוים.

די פארדינסטן פון צעדערבּוים אין דער בּאוועגונג פון „חבּת ציון" זיינען ניט אָפּצושאַצן. ער האָט דעם „המליץ" וועלכער איז דורך אים ארויסגעגעבּן געוואָרן, איינגאנצן מקדיש געווען וועגן דעם רעיון, און דאָס אליין איז שוין גענוג אז זיין נאָמען זאָל פאראייבּיקט ווערן אין דער אידישער היסטאָריע.

צעדערבּוים איז געבּוירן געוואָרן אין יאָר תקע"ו — 1816, אין דער שטאָט זאמאָשטש, אין פוילן. זיין פאָטער, א זייגער־מאכער און א גרוי־סער למדן, האָט זיין הויז געעפנט פאר אלע משׂכּילים פון זיין שטאָט, און די געזעלשאַפט האָט געהאַט א גרויסן איינפלוס אויף דעם יונגן צע־דערבּוים צו אָפּגעבּן זיך מיט אידישער וויסנשאַפט. נאָך זיין חתונה אין לובּלין האָט ער זיך פארפאָלקאָמט אין דייטשער און פוילישער שפּראך און אויך אין פּראקטישע וויסנשאַפט. אין יאָר ת"ר — 1840, קומט ער קיין אָדעס צו אויסגעפונען פאר זיך א וועלכע ס'איז קוועלע פון פרנסה. ער לערנט זיך אוים צו זיין א צושניידער, עפנט א געשעפט פון פארטיקע קליידער און האָט שיין פרנסה. אין פארלויף פון איניקע יאָר חבר'ט ער זיך כּסדר מיט די אָדעסער משׂכּילים און בּאַשטימט אוועקוואַרפן די פּרנסה. ער וואַרפט זיך אריין מיטן גרעסטן אימפּעט אין ליטעראַרישע אַרבּעט און אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דעם רעפאָרם־טעמפּל. ער ווערט אויך א לערער אין א אידישער רעגירונגס־שול. און אין יאָר תר"ך — 1860, גיט ער ארויס דעם „המליץ" אלס א וועכנטלעכע צייטונג. שפּעטער מיט צוויי יאָר דערשיינט דורך אים דער „קול מבשר" אין אידיש. ער אָפּפערט זיין

צייט צו פארשפרייטן אידישע בילדונג. ער פירט אַן א קאמף מיט אידישע פאנאטיקער און א מלחמה מיט קריסטלעכע שונאים, אָפּצושלאָגן אלע שקרים, אלע בלבולים, וועלכע ווערן ארופגעוואָרפן אויף אידן. ער ווערט באַרימט דורך זיין אַרויסטרעטן קעגן דעם צורר ליוטאָסטאַנסקי, ארויסווייזנדיק זיינע נידערטרעכטקע ליגנס און גראָביונגישקייט בנוגע אידישע מנהגים. אין דער צייט פון באַוואוסטן בלוט-בלבול אין קוטאַאיס פאר וועלכן אומשולדיקע אידן זיינען איינעשפּארט געוואָרן און אויסגעשטעלט געוואָרן צו א שרעקלעכן אורטייל, האָט ער זיך מיטן גרעסטן אייפער געאָפּפערט פאר זייער באפרייאונג. די גרעסטע פארטיידיקער האָבן זיך אויף זיין רוף אָפּגערופן, דעם בלבול אָפּגעוואָרפן און די אומשולדיקע באפרייט. אין יאָר 1881 באַקומט ער א דערלויבעניש ארויסצוגעבן אין פעטערבורג א וועכנטלעכע אידישע אויסגאַבע מיטן נאָמען: „אידישע פאָלקס-בלאַט".

געציילטע טעג פאר זיין טויט פאָרט ער קיין דרוזגעניק צו דער אסיפה פון די ציוניסטישע דעלעגאַטן, אנטיילנעמען אין די באהאַנדלונגען פונם ישוב ארץ ישראל, און אויך זיי אויפמערקזאם צו מאַכן וועגן דער סכנה וואָס דראָט די אידישע שחיטה מצד די פארשידענע חברות צער בעל חיים.

אויסער דעם „המליץ", „קול מבשר" און „אידישעס פאָלקס-בלאַט" און אויסער זיין אָפּפערוויליקע ארבעט אין עניני הכלל, איז פון אים ארויסגעגעבן געוואָרן גאַנץ געציילטע ווערק. דער „כתר כהונה" אין אָדעס, דער „בין המצרים", א קורצע דערציילונג, אין פעטערבורג, געציילטע חוברות פונם מאָנאַטלעכן זשורנאל „המצפה" און פארשידענע קונטרסים אלם הוספות צום „המליץ". פאר זיין אויפקלערונגס-ארבעט צווישן אידן, האָט ער פון דער רוסישער רעגירונג באַקומען דעם טיטל: „ערן-בירגער" אויף דור דורות.

**ה. תרנ"ד** — 1894. — עס האָט זיך אָנגעהויבן א מאסן - אימיגראציע דורך ליבוי קיין אמעריקע און אפריקע. ר' קלונומוס זאב וויסאָצקי האָט מנדב געווען 20 טויזנט רובל אויף ארויסצוגעבן א העברעאישע ענציקלאָפּעדיע אינם טאָג ווען ער איז געוואָרן אלט 70 יאָר; זיינע פאַרערער האָבן פיל נדבות מנדב געווען לכבוד דעם חתן היובל: זיינע קינדער און אייניקלעך האָבן פאר זיין כבוד מנדב געווען 1.000 פראנק פאר דער שולע אין יפו

און זיך מתחייב געווען יעדעס יאָר פון זיין געבורטס־טאָג צו געבן די זעלבע [illegible]מע. דער דעפּאַרטאַמענט פון פּאָליציייאישע אויפזיכט אין רוסלאנד האָט באַשטעטיקט די תקנות פון דער יק״א וועגן דער קאָלאָניזאַציע אין ארגענטינע. די אַנטי־ציוניסטן פאַרשפּרייטן פּאַמפלעטן קעגן דעם ישוב אין פּאַלעסטינע בכלל און קעגן דער שולע אין יפו בפרט. דער טויט פון אלעקסאנדער דער דריטער; ר׳ קלמן שולמאַן און גאָטלאָבער ווערן דערווײלט אלס ערן־מיטגלידער אין דער חברה „מרבי השכלה״. לעאָן ראבינאָוויטש ווערט באַשטעטיקט פונם אינערן־מיניסטער אין פּעטערבורג אלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „המליץ״. עס ווערט געפייערט אין ווארשע דער 50 יאָריקער יובילעאום פון פּראָפעסאָר לאַצארוס (זע „האַנט־בוך״ 2־טע טייל, זייטן 140—142). דער דייטשער קייזער ווילהעלם דערהויבט פּראָפעסאָר לאַצארוס צו געהיים־ראַט.

ר׳ קלונומוס זאב וויסאָצקי איז געבוירן געוואָרן אין 1820. איך וועל דאָ ניט פאַרצייכענען זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן בנוגע צו וויסנשאפט מיט וועלכע ער האָט זיך ניט באַזונדערס אויסגעצייכנט. ס׳איז אָבער כדאי דאָ צו פאַרצייכענען זיין פילאַנטראָפּישע גייסטרייכע נשמה, וועלכע די השגחה האָט אים געגעבן אויף צו לעבן פאַרן כלל, צו זאָרגן זיך פאַר אים, צו ליידן אין זיינע ליידן און שטרעבן צו פאַרלייכטערן זיי מיט זיינע גרויסע נדבות, און לעצטנס זיין פילאַנטראָפּישע ארבעט אויף דעם ישוב ארץ ישראל, מיט וועלכן קיין איינציקער פילאַנטראָפּ אין דעם מאַטעריעלן שטאַנד ווי ער איז געשטאַנען, האָט זי ניט אויסגענוצט אפילו אין אַן אַנזעענדיקן מינימום. וויסאָצקי האָט צום אָנפאנג געצווייפלט אינם ערפאָלג פונם ישוב, ווי ס׳איז צו זען פונם בריוו וואָס ער האָט געשריבן צו פּרץ סמאָלענסקין: „איך האָב געלייענט אין „המליץ״ דאָס ארטיקל פון אונזער ביידנס פריינט ליליענבלום אונטערן קעפּל „לחזק ידים רפות״, אין וועלכן ער דריקט זיך אויס: „אונזער ארבעט דאַרף זיין א היסטאָרישע ארבעט״, און ווי גליקלעך וואָלטן מיר איצט געווען ווען אונזערע עלטערן וואָלטן די היסטאָרישע ארבעט אָנגעהויבן צופאָר מיט הונדערט אָדער מיט צוויי הונדערט יאָר. די אויסגעשפּראָכענע ווערטער האָבן דערוועקט אין מיר א געדאַנק, פון וועלכן איך בין אין ערשטן מאָמענט אויפגערעגט געוואָרן. פאַר מיינע אויגן האָט א בליץ געטון א האָפענונגסשטראַל וועגן דער אידישער צוקונפט. און דער געדאנק לאָזט מיך ניט רוען און האָט מיך באַוואויגן פאַרצוקומען פאַר אייך מיט דער בקשה

מיך צו עצה'ן, צי ס'איז כּדאי מיט דעם געדאנק צו באַשעפטיקן זיך און אים ברענגען צו דער רעאַליזירונג, אָדער אינגאַנצן זיך אָפּלאָזן פון אים. איך מוז זיך מודה זיין פאַר אייך, אַז איך בין נוטה צו באַטראַכטן דעם געדאַנק פאַר אַ פאַנטאַזיע. עס איז אפשר מער פאַנטאַסטיש, ווי דער געדאַנק פון אַן אַרעסטאַנט, וועלכער טרייסט זיך, אַז ווען ער וועט נישט האָבן דאָס גליק צו האָבן פאַרגעניגן פון דער ליכטיקער וועלט ביי זיין לעבן, וועלן אַמווייניקסטנס זיינע קינדער וואָס ער וועט האָבן אין דער תּפיסה, וועלכע דאַרפן ניט אָפּקומען פאַר זייער פאַטערס זינד, האָבן דאָס פאַרגעניגן. אונזערע קינדער, ווער ווייסט אויב זיי וועלן ניט זיין די אייגענע אַרעסטאַנטן — ענלעכע ווי מיר. מיר זעען דאָך באַשיינפּערלעך, אַז אונזער הילף איז ווייט פון אונז, ווי ס'איז ווייט מזרח פון מערב. ווען אפילו מיר זאָלן גלויבן אַז דער געדאַנק האָט אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון אַלע אידן, און אַז דער סולטאַן וועט ניט פאַרשליסן די טויערן פון ארץ ישראל, איז עס אויך אוממעגלעך, אַז דער גאַנצער כּלל ישראל זאָל געהאָלפן ווערן. און אויסער די זייטיקע מניעות וועלכע זיינען ווי די העכסטע שטיינער אויף אונזער וועג, איז נאָך דאָ אַ מניעה, די גרעסטע פון אַלע, און די איז, וואָס אונז פעלט די פאַפּירענע בריק וועלכע די באַפרייטע דאַרפן אַריבערגיין. ס'איז דאָך נויטיק פיל מיליאָנען אויף צו קאָנען דורכפירן די אידייע, און ווען אפילו מיר אַלע זאָלן האָבן איין האַרץ, איין געדאַנק און איין כּונה, אַז מיר דאַרפן זיך צוריקקערן צו אונזער הייליק לאַנד, און ווען אפילו אַלע טאַשן זאָלן זיין אָפן, אַלע הענט אויסגעשטרעקט אויף צו געבן, וועלן מיר אויך די געוואונטשטע סומע ניט האָבן. בלייבט אונז נאָר איבער צו באַשטעטיקן די ווערטער פון ליליענבלומען, אַז די אַרבעט איז אַ היסטאָרישע אַרבעט, אַן „עבודה לדורות", און ביי דער היסטאָריע איז הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר ווי איין טאָג פאַררעכנט. און ווען אַזוי, איז דאָך נאָך מיין מיינונג דער רעיון אַן אומבאַרעכנטער און אַן אומבאַרעכטיקטער, אַצינד אָנהויבן אַן אַרבעט וואָס קאָן ברענגען נוצן ערשט אין „אלף השישי"... און מיר זאָלן פאַרגיטיקן דעם פעלער וואָס אונזערע עלטערן זיינען באַגאַנגען צופאָר מיט הונדערט אָדער צוויי הונדערט יאָר. איך מוז אייך דאָ באַמערקן אַז ניט די עצם אידעע האָב איך אָנגענומען פאַר אַ פאַנטאַזיע, נאָר די מיטלען, מיט וועלכע מיר גלויבן צו קענען זיך באַנוצן. און דאָך, און דאָך איז די

ארבעט א פּלאַן אויף א „טאַמער"... טאַמער וועט ער דאָך פירן צו דער אידישער „ישועה". און איך געפין מיך איצט אין דער לאגע ווי א פאר־בּלאָנדזשעטער אויף א וויסטן אינזל, וועלכער פרעגט דעם וועג בּיי אן אנדערן אויפן זעלבּן אינזל, פארבּלאָנדזשעטן, אויף דעם ליכט וואָס עס ווייזט זיך פון גאנץ ווייט, צי ס'איז א ריכטיק ליכט אָדער ס'איז נאָר א מיראזש. בּלאָנדזשען מיר דאָך בּיידע אויף דעם גרויסן וועלט־אינזל. דער אונטערשיד אָבּער איז אין דעם: איר, פריינט סמאָלענסקין, זיינט אן אל־טער בּלאָנדזשענדער, איר האָט דאָס לעבּנס־אינזל דורכשטודירט אין דער לענג און אין דער בּרייט, און דאָס ליכט, וואָס שיינט פון ווייטן איז אייך מער בּאקאַנט ווי מיר, צי ס'איז א ריכטיק, צי ס'איז אן אור־ליכט. איך וועל אייך, פריינט, אויך דאָס בּאמערקן, אז די אלע אנדערע אנלעסלעכע פראגן וועלכע איך האָבּ זיך אליין געשטעלט וועט מען אפשר קומען צו דעם מהר"שא'ס מסקנא פון „ויש לישב בּדוחק"... איך שטעל אייך די פרא־גע צי ס'איז כּדאי ארויספּבּרענגען די ארבּעט אויפן „שולחן ישראל" און צוגרייטן אויף אים די גייסטיקע מאכלים פאר אונזערע קינדער. מיט אומגעדולד ווארט איך אויף אייער ענטפער".

אויף דעם בּריוו האָט ער בּאקומען אן ענטפער, וועלכער ווייזט אָן אז די ערשטע ארבּעט אין ארץ ישראל דארף זיין צו גרינדן דאָרט פאַ־בּריקן און ווען אונזערע גבירים וועלן זיך אינטערעסירן מיט פאבּריקאַ־ציאָן, וועט א גרויסע הילף ארויסקומען פאר דעם אידישן פאָלק און ארץ ישראל וועט פון אירע חורבות אויפגעבּויט ווערן.

וויסאָצקי האָט זיך גלייך מיט זיין פלאמענדיקער נשמה אריינגע־וואָרפן אין דער ארבּעט. זיין פילאנטראָפּיע איז געוועזן צום בּאוואונדערן. די הונדערטער טויזנטער פראנק זיינען געפלאָסן אָן אן אויפהער. ער האָט זיין גאנץ פארמעגן געשפּענדעט פארן ישוב. דער צווייפל, וועלכער האָט אים פריער בּאהערשט, איז פון אים אינגאנצן פארשוואונדן, און זיין נאָ־מען איז פארייבּיקט אין דער געשיכטע אלס דער ערשטער פילאנטראָפּ אויף דעם געבּיט פון „בּנין הארץ". און ווען רוסישע אידן פלעגן טרינקען וויסאָצקיס טיי, פלעגן זיי זאָגן אז זיי געפונען אין אים א בּאזונדערן טעם, דעם טעם פון ארץ ישראל'דיקע פּירות...

ה, תרנ"ח — 1898. — דער טויט פון ר' שמואל מאָהילעווער.

ר' שמואל מאָהילעווער איז געבּוירן געוואָרן אין גלובּאָק, א קליין

ליטוויש שטעטל אין ווילנער גוב. אין יאָר תקפ"ד — 1824, צו זיין פאָ־טער ר' ליב. זיין פאָטער, וועלכער איז געווען א גרויסער למדן, האָט זיין זון געלערנט אויף זיין שטייגער, אים באַקאַנט געמאַכט, נאָך כמעט אלס קינד, אויסער מיטן תלמוד, אויך מיט די רעליגיעזע קלאסישע חקירה־ספרים: מיט דעם „מורה הנבוכים", „העיקרים" און „הכוזרי". איינגע־פלאנצט אין אים גוטע מדות. אלט ווערנדיק אכט יאָר, האָט זיך זיין שכל אויף אזוי פיל אנטוויקלט, אז ער פלעגט לייזן די שווערסטע מאַטעמאַ־טישע פּראָבּלעמען. ווען ער איז אלט געוואָרן 15 יאָר, איז ער שוין באַ־קאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען: „דער גלובאקער עלוי". ער פלעגט לער־נען א שיעור אין א ישיבה. אלט זייענדיק 18 יאָר האָט ער באקומען סמיכה פון די וואלאזשינער גאונים, די ראשי ישיבות ר' יצחק און זיין איידעם ר' אליעזר יצחק. ער האָט זיך אָבער ניט באַנוצט מיט דער סמיכה, ווייל ער האָט זיך דערווייטערט פון רבנות, געווען א סוחר.

אין יאָר תר"ח — 1858, נאָכדעם ווי זיין שווער און שוויגער זיינען געשטאָרבּן, און זיין מסחר איז געבּראָכן געוואָרן, איז ער נאָכגעקומען דעם פארלאנג פון דער גלובאקער געמיינדע און אָנגענומען דאָס רבנות. אין יאָר תר"ד — 1864, איז ער פאררופן געוואָרן קיין שאקי צו פאר־טרעטן דאָרט די רבנות־שטעלע. ער איז דאָרט פארבליבן זעקס יאָר. נאָכ־דעם איז ער אויפגענומען געוואָרן אלס רב אין דער שטאָט סובאלק אלס ממלא מקומו פון ר' יחיאל העלער. פון דער צייט אָן איז ער מפורסם גע־וואָרן ניט נאָר אלס א רב, א גדול בתורה, נאָר אויך אלס אַ געזעלשאַפט־לעכער עסקן.

צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבּן דער מאַטיעזש אין פּוילן, און פיל אידן זיינען באשולדיקט געוואָרן אלס אנטיילנעמער אינם מאטיעזש. ר' שמואל מאָהילעווער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאר דער רוסישער רע־גירונג אלס פארטיידיקער פון זיין פאָלק און פאַרטיידיקט די באשולדיק־טע. ער האָט אזוי ארום מציל געווען הונדערטער יונגעלייט פון א זיכערן טויט. די רעגירונג, וועלכע האָט אָנערקענט זיין ערנסטקייט און געטריי־קייט צו זיינע ברידער און צו דער רעגירונג, האָט אים באערט מיט אן אויסצייכענונג.

אין יאָר תרכ"ח איז ער געוואָרן רב אין ראַדאָם און איז דאָרט פארבליבן אויפן כסא הרבנות פופצען יאָר און מתקן געווען גוטע תקנות

אין געזעלשאפטלעכע ענינים און ער איז זייער באליבט געווארן ביי יעדן. די חסידים האבן אים געוואלט קרוינען מיטן נאמען אדמ״ור און פלעגן שוין זאגאר קומען צו אים מיט קוויטלעך צו באקומען פון אים א ברכה. דער גרויסער תלמודישער גאון, דער תלמיד פון די וואלאזשינער גאונים, האט זיך קאטעגאריש אפגעזאגט פון אזא כבוד. ווען ער האט אבער ארויסגעזען, אז די חסידים האבן זיך איינגעשפארט דוקא קעגן זיין ווילן אים דעם אדמ״וריש׳ן מאנטל אנצוטון, האט ער זיך באנוצט מיט א ראַ־דיקאל מיטל: אין א שבת, ווען די חסידים האבן זיך פארזאמלט ביי זיין טיש, צו הערן זיין תורה, האט ער פלוצים געלאזט ארייגרופן די רבנית אז זי זאל אריינקומען צוזאמען מיט אים צו עסן. ערשט דעמאלט האבן זיך די חסידים פון אים אפגעטרייסלט...

ר׳ שמואל מאהילעווער האט דערפילט אין זיך, אז ער איז ניט באַ־שאפן געווארן נאר עוסק צו זיין בצרכי צבור אליין, און אנגעהויבן צו פארנעמען זיך מיט פאלקס־אינטערעסן. ער שרייבט מאמרים איבער חנוך אין „הלבנון״. אין איינעם פון זיינע מאמרים שרייבט ער: „פארוואס פאראכטן אידן די מלאכה און דער בעל־מלאכה שטייט נידעריק אין זייַ־ערע אויגן? זיינען דאך אונזערע ערשטע פאטריארכן געווען ערד־ארבע־טער און שאף־הירטן; זיינען דאך די גרויסע תלמודיסטן געווען בעלי־מלאכות און די מלאכה האט ניט פארטונקלט זייער גרויסקייט. פאר־קערט, צו זייער געלערזאמקייט איז נאך צוגעקומען, א דאנק דער מלאכה־שער פראפעסיע, א ריין געוויסן און א רואיק געמיט... און מיר אידן שע־מען זיך צו לערנען אונזערע קינדער א מלאכה. קאן דען צוגערעכנט ווערן פאר א זינד צו דעם, וועלכער עסט זיין פארדינט שטיקל ברויט, ניט איינ־געשמירט מיט ליגן און שווינדל? דער גורל פון אונזער פאלק — שרייבט ער ווייטער — איז ביז גאר א מוראדיקער, אויף זיין לעבנס־וועג ליגן די שטיינער פון ארעמקייט און נויט, פאר וואס־זשע שוייגן אונזערע גדולים? און איך האב ביי זיך א טראכט געטון: ביי אונזערע גדולים בלוטעט אויך געווים דאס הארץ צוזעענדיק דעם טרויעריקן שטאנד, און דאך שווייגן זיי, ווייל זיי האפן אויף דער ישועה וואס גאט וועט צושיקן. און איך פרעג ביי זיי: ווען א מענטש איז הונגעריק, וועט ער שטילן זיין הונגער מיט דער האפענונג? ווען א מענטש איז דורשטיק, וועט ער מיט דער האפענונג שטילן זיין דורשט? איז דען דער גורל פון אונזער פאלק ניט

ערגער נאָך פֿונם הונגעריקן און דורשטיקן? קענען מיר זיי דען העלפֿן מיט האָפֿענונג אליין?"

אין יאָר תרמ"ג — 1883, איז ער אויפֿגענומען געוואָרן פֿאר רב אין ביאליסטאָק. דאָרט האָט ער זיך ארײנגעוואָרפֿן מיט זיין גאנצער ענער־גיע אין פֿאָלקס־ארבעט. ער האָט געזען ווי די תורה ווערט פֿארגעסן, דער יונגער דור דערווייטערט זיך פֿון אונזער אידישן שטאַם, די רעגי־רונג פֿארפֿאָלגט מיט דער גרעסטער אכזריות דאָס אידישע פֿאָלק: הונ־דערט שטעט זיינען פֿון איר פֿארוואנדלט געוואָרן אין דערפֿער, כּדי אויס־צואווייזן די אידן פֿון זיי. ער האָט געזען די אלע וואנדערונגען, דאָס נע־ונדקייט פֿון זיינע בּרידער, און דאָס אלעס האָט פֿארוואונדעט זיין הארץ. ער האָט אָנגעהויבּן צו זוכן אַן עצה וועלכע זאָל אָפּהאלטן דאָס אידישע פֿאָלק פֿון אונטערגאנג און פֿארניכטונג, און איז געקומען צום בּאשלוס אז איין זאך פֿעלט דעם פֿאָלק: עס פֿעלט דער מיקסטור, וועלכער זאָל אנטהאלטן אין זיך די אלטע האָפֿענונג, און דער מיקסטור זאָל אויף אזא אופֿן צוזאמענגעשטעלט ווערן, ער זאָל אויך שטאַרקן דאָס קעגנווערטיקע לעבּן. און דער מיקסטור איז נישט קיין אנדערער, ווי נאָר ארץ ישראל. און ווען ער איז געקומען צו דעם בּאשלוס, האָט ער זיך ארײנגעוואָרפֿן מיט דער גרעסטער ענערגיע איינצואוואָרצלען דעם געדאנק, די אידעע אין די הערצער פֿון זיינע בּרידער, ס'זאָל זיין זייער גייסטיקער בּאזיץ.

ווען די בּאוואוסטזיניקע גדולים פֿון אונזער פֿאָלק האָבּן געזען די הייליקע, פֿלאמענדיקע ליבּע וועלכע פֿלאקערט אין הארצן פֿון דעם גרויסן גאון, האָבּן זיי זיך פֿאראייניקט מיט אים צו דורכפֿירן די אידעע פֿון „חבּת ציון". ר' שמואל מאָהילעווער איז אָפּגעפֿאָרן אין די מערב־לענדער, געקומען קיין פּאריז, זיך בּאקאַנט מיטן פּאריזער אָבער־ראבּינער ר' צדוק הכּהן און מיט מיכאל ערלאנגער (פֿון דעם לעצטן קומט א בּאזונדערע כראָנאָלאָגישע פֿארצייכענונג. מ. ר.), און מיט זייער הילף האָט ער גע־האַט אַן אוידיענץ בּיי דעם נדיב הידוע עדמונד ראָטשילד. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אים געבּעטן, ער זאָל קומען צו הילף זיין אָרעם פֿאָלק. זיין צעבּראָכנקייט און זיינע טרערן האָבּן גערירט דאָס הארץ פֿון דעם גרויסן נדיב און אים בּאפֿאָלמעכטיקט צוצושטעלן די צאָל פֿאמיליעס וועלכע זיינען מסוגל צו ערד־ארבּעט און מאַכן מיט זיי די ערשטע פּראָ־בּע, און איינזען, אויבּ זיי וועלן אים צופֿרידן שטעלן מיט זייער ארבּעט.

ר׳ שמואל מאָהילעווער האָט זיך מיט שמחה צוריקגעקערט, צוזאמענגע־
שטעלט די צאָל פעאיקע מענטשן און אָפּגעשיקט זיי קיין ארץ ישראל.
דאָס זיינען געווען די קאָלאָניסטן פון „עקרון״, די פעאיקסטע און אר־
בעטזאמסטע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער אגריקולטור און
צופרידנגעשטעלט דעם באראָן ראָטשילד. (זע „האַנט־בוך״, דריטע טייל:
גרינדונג פון אידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל).

אין יאָר תרמ״ה — 1885, איז געווען די אסיפה פון די חובבי ציון
אין קאַטאָוויץ. ר׳ שמואל מאָהילעווער, דער גרויסער אידישער גאון, איז
געזעסן נעבן דעם פּרעזידענט פון דער אסיפה, דאָקטאָר פינסקער. די לי־
בע צו ארץ ישראל האָט די צוויי עקסטרעמיסטן פראַיינקט צו ארבעטן
פאר „ישוב ארץ ישראל״. און די צוויי, ר׳ שמואל מאָהילעווער און דר.
לעאָ פינסקער, זיינען געווען דער „רוח החיה״ אין דער נאַציאָנאַלער באַ־
וועגונג.

אינם יאָר תר״ח — 1880, ווען עס איז דערהאלטן געוואָרן די דער־
לויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג צו גרינדן א קאָמיטעט אויף צו
זאמלען געלט וועגן ישוב ארץ ישראל אין אָדעס, איז ר׳ שמואל מאָהילע־
ווער אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל צו באזוכן די נייע קאָלאָניעס. דאָרט
איז ער אויפגענומען געוואָרן פון די ארץ ישראל׳דיקע פאָרשטייער מיט
די רבנים מיט גרויס כבוד. אין יאָר תרמ״א — 1881, ווען ס׳איז ארויס
א קלאנג אז דער באראָן הירש דענקט צו גרינדן קאָלאָניעס פאר די אידן,
איז ר׳ שמואל מאָהילעווער געפאָרן אויף זיינע אייגענע הוצאות קיין פּא־
ריז מיט דעם געדאנק צו באוועגן דעם באראָן די קאָלאָניעס צו עסטאַב־
ליזירן ארץ ישראל. ווען א גביר האָט אים געוואָלט אומקערן זיינע
הוצאות, האָט ער ניט געוואָלט נעמען, זאָגנדיק: „און ווער וועט אייך
צוריקקערן די הוצאות?״...

ווען דר. הערצל האָט פאררופן דעם ערשטן קאָנגרעס אין יאָר תרנ״ז
— 1897, איז פאר ר׳ שמואל מאָהילעווער די גרעסטע שמחה געווען,
וואָס ער האָט זוכה געווען אויף זיין עלטער צו זען ווי די הייליקע ארבעט
ווערט איבערגעגעבן אין די הענט פון א געטרייען פּאָלקס־זון. אין זיינע
בריוו צו דר. הערצל, האָט ער אים געשטאַרקט און דערמונטערט אָנצו־
גיין מיט דער הייליקער ארבעט און ניט נעמען אין אכט די אלע שטע־
רער, וועלכע לייגן שטיינער אויפן וועג וואָס פירט קיין ציון. ער האָט

באדויערט וואָס ער קאָן ניט — צוליב זיין שוואכקייט — בייזיין אויפן קאָנגרעס און ער שיקט אויף זיין אָרט זיין אייניקל דר. מאָהילעווער.

אזוי האָט ר׳ שמואל מאָהילעווער געארבעט די הייליקע ארבעט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג. ער איז נפטר געוואָרן י״ט סיון תרנ״ח — 1898.

## ה. תרנ״ט — 1899. — דער טויט פון ר׳ עזריאל דר. הילדעסהיימער.

דר. הילדעסהיימער איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט האלבער־שטאָט צו זיין פאָטער ר׳ אריה ליב גלעע, איינער פון די גלענצנדסטע תלמידי חכמים, ביי וועלכן עס האָט זיך פארייניקט תורה און יחוס. די ערשטע אידישע בילדונג האָט ר׳ עזריאל הילדעסהיימער באקומען אין דער דאָרטיקער ישיבה „השארת צבי״. אלט זייענדיק 17 יאָר האָט ער שוין באזעסן פיל פארשידענע וויסנשאַפטן. ער איז אריינגעטרעטן אין דער גרויסער ישיבה אין אלטונא. דאָרט האָט ער אויסער גמרא און פוסקים, אויך זיך פארפאָלקאָמט אין אלגעמיינע וויסנשאַפטן. זיין התמדה איז געוועזן אן אויסערגעוויינלעכע. געזאָגט האָט מען וועגן אים, אז ווען אין א מעת־לעת זאָל זיין 25 שעה, וואָלט הילדעסהיימער געלערנט נאָך מער מיט אַ שעה. נאָך צוויי יאָר לערנען אין דער ישיבה איז ער אריינ־געקומען אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע. אין 1840 איז ער אָנגענומען גע־וואָרן אין אוניווערזיטעט אין בערלין און דאָרט שטודירט יוריספרודענץ און אויך אָריענטאַלישע שפּראכן.

ער האָט אָבער נישט פארנאכלעסיקט די אידישע לימודים. זיין הארץ האָט געווייטיקט, צוזעענדיק ווי די יוגנט האָט זיך דערווייטערט פונם אידישן לאגער. ער האָט געגרינדעט אַן אגודה פון חברים וועלכע זיינען געוועזן איינשטימיק מיט זיינע אידעען און איבערצייגט מיט וואָרט און שריפט, אז צוזאמען מיט וועלטלעכע בילדונג קאָן מען אויך זיין איבער־געגעבן צו „מסורת אבות״.

נאָך צוויי יאָר איז הילדעסהיימער געקומען קיין האללען. דאָרט האָט ער זיך באקאַנט און באפריינדעט מיט די גרעסטע פילאָלאָגן אין אָריענ־טאַלישע שפּראכן: געזעניוס און רעדיגער. אין יאָר 1844 האָט ער באקו־מען דעם טיטול דר. פילאָזאָפיע פאר זיין דיסערטאַציע: „איבער די רעכ־טע אָרט דער ביבעל אינטערפרעטאַציאָן״. און גלייך זיך צוריקגעקערט אין זיין שטאָט האלבערשטאַט און דאָרט עוסק געווען אין תורה און

חכמה, און פארפאסט זיין וויכטיקן חבור: „מאַטעריאַלן צור בעאורטיי־לונג דער סעפּטואגינטאַ" אין וועלכן ער גיט איבער מיט גרויס בקיאות און חריפות די ריכטיקייט פון דער מסורה קעגן דער איבערזעצונג פון דער „סעפּטואגינטא". אין יאָר 1857 איז ער פאררופן געוואָרן פון דער אידישער געמיינדע אין אייזענשטאַט צו פארטרעטן די ראַבינער־שטעלע. קומענדיק אהין, איז די ערשטע ארבעט זיינע געווען צו זאָרגן זיך פאר די קינדער־דערציאונג. ער האָט געגרינדעט אן אינטעגראַלע שולע אין וועלכער די קינדער זאָלן לערנען די אידישע און אלגעמיינע לימודים.

גלייך נאָכדעם, ארויסזעענדיק דעם טרויעריקן גייסטיקן צושטאַנד פון די אונגארישע אידן: פון איין זייט די פינצטערע פאנאטיקער וועלכע ווילן פון קיין וועלטלעכע וויסנשאַפט ניט וויסן, פון דער צווייטער זייט דאָס הפקרות פון עמי הארצים, וועלכע שפּאָטן אָפּ פון אלץ, וואָס האָט א שייכות מיט אידנטום, האָט ער געגרינדעט א ראַבינער־סעמינאר אויף ארויסצוגעבן רבנים אין וועלכע ס'זאָל זיך פארייניקן תורה מיט חכמה צוזאמען, און אין פארלויף פון אייניקע יאָרן האָבן זיך דאָרט געפונען 40 שילער. אין יאָר 1868, ווען דער סעמינאר איז באשטעטיקט געוואָרן פון דער רעגירונג, האָט די צאָל תלמידים אין דער זעלבער דערגרייכט ביז 160. עזריאל האָט עס געפירט מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט. אויסער וואָס ער איז געווען פארזאָרגער פאר זיין מאַטעריעלער עקזיסטענץ, האָט ער אליין געגעבן א „שיעור" פינף שעה אויף גמרא און פוסקים, תנ"ך, דקדוק, דייטשע ליטעראַטור, היסטאָריע און מאַטעמאַטיק. אין יאָר 1860 האָט ער געלאָזט דרוקן זיין ספר „מנחה טהורה" וועגן די פליכטן פון דער אידישער פרוי. שפּעטער מיט א יאָר האָט ער פארעפנטלעכט א בראָשור אין וועלכער ער פירט א קאמף מיט גייגער פאר זיין אגיטאַציע פאר דער רעפאָרמע אין דת. אין יאָר 1868 האָט ער ארויסגעלאָזט א בראָשור „צום קאָנגרעסע" און אויך א דין וחשבון וועגן דעם מאַטעריעלן און גייסטיקן שטאַנד פונם סעמינאַר און אם ענדע אַ מאמר וועגן מאָס און וואָג ביי אידן. אין יאָר 1869 א מאמר וועגן דעם „נתיבות עולם" פון א געוויסן משומד מיסיאָנער. ביים ענדע 1869, איז הילדעסהיימער פאררופן געוואָרן פון דער אידישער געמיינדע אין בערלין צו פארנעמען די ראַבינער־שטעלע און אויך דאָרט האָט ער געגרינדעט א סעמינאר פאר אָרטאָדאָקסישע רבנים, וועלכער עקזיסטירט נאָך ביז

היינט. איצט, אונטער דער ממשלה פון היטלערן, שטייט עס זיכער אין געפאר פארמאַכט צו ווערן.

**ה. תרנ״ט** — 1899. — דער טויט פון ר׳ משה יצחק, דער קעלמער מגיד; זיינע נאָכפאָלגער ר׳ שמחה זיסל און ר׳ יצחק בלאזער; די באוועגונג פון די מוסר׳ניקעס שטה; ר׳ ישראל סאלאנטער און ר׳ יצחק אלחנן; דער נדיב לאכמאן; די ענדע פון דער מוסרדיקער באוועגונג.

ס׳איז ניט נאָר כדאי, נאָר אויך וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף דער ביאָגראפיע פון דעם דאָזיקן וואונדערבארן מאן, וועלכער האָט זיך גערופן „דער קעלמער מגיד״ און זיך קונה שם געווען מיט זיינע מוסר׳דיקע דרשות אין גאנץ פוילן, אין ליטע און אפילו אין בעסאראביע. דער קעלמער מגיד איז ביי אלע אידן פון יענער צייט, סיי מענער און סיי פרויען, פאררעכנט געוואָרן אלס א געשיקטער פון גאָט אויף מחזור למוטב צו זיין דעם זינדיקן דור. געבוירן געוואָרן איז ער אין סלאָנים אין יאָר 1828, און חתונה געהאַט, אלט זייענדיק 18 יאָר. צו 20 יאָר איז ער געוואָרן א פרוש. געקומען קיין קאָוונאָ, וואו עס האָט זיך דעמאָלט באזעצט ר׳ ישראל סאַלאנטער. דער יונגער פרוש האָט נושא חן געווען ביי ר׳ ישראל סאלאנטער, וועלכער האָט זיך וועגן אים אויסגעדריקט אז ער וועט זיין א גרויסער מגיד. אין 1852 איז ער אויפגענומען געוואָרן אלס מגיד אין קעלם, און ער האָט זיך פון דאן אָן גערופן אויף דעם נאָמען פון דער שטאָט. ער איז געוואָרן אן אסקעט און ער האָט עס געמיינט ערנסט, אָן שום צביעות און היפּאָקריטיזם.

ער איז געווען קליין, געוויקסיק, א דארער, א מאָגערער, און דאָך מיט אן אויסערגעוויינלעכער גבורה. ער איז אימשטאַנד געווען צו ריידן 5—6 שעה נאָכאנאנד ניט מיד ווערנדיק. די לעגענדע דערציילט וועגן אים, אז ביים זאָגן פלעגט ביי אים אַנידערגעשטעלט ווערן אן עמער מיט וואסער, וועלכן ער פלעגט אויסליידיקן ביים רעדן. וועגן זיינע רעדעס אָדער דרשות האָבן זיך געשאפן פיל גוזמאות דורך וועלכע ער איז אויסגעשפּאָט און אויסגעלאכט געוואָרן פון די אויף וועלכע ער האָט ניט איין „קתון של שופכין״ אויסגעגאָסן... איינס קאָן אָבער געזאָגט ווערן אז דאָס ארויסגעזאָגטע פון אים איז געווען ערנסט, אָן די מינדסטע פניות. ער האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פאר די „סטראשונקעס״ פון די וועלכע ער האָט אין זיינע דרשות אָנגעגריפן.

זיינע נאָכפאָלגער זיינען געווען ר׳ שמחה זיסל און ר׳ יצחק בלאזער. זיי האָבן זיך אָבער אונטערשיידט פון אים מיט זייער שאפן א נייעם דרך אין די מוסר דרשות.

אויף די עלטערע יאָרן האָט ער זיך באזעצט אין לירא. ער איז נפטר געוואָרן אין תרנ״ט — 1899, אין דער עלטער פון 71 יאָר.

ר׳ שמחה זיסל איז געבוירן געוואָרן פון א מיוחסדיקער רעליגיעזער פאמיליע אין קעלם. חתונה געהאַט און זיך אויך באזעצט, ווי דער קעלמער מגיד, אין קאָוונא. און אויך אויף אים האָט ר׳ ישראל סאלאנטער געהאַט א גרויסן איינפלוס און ער האָט זיך גענומען ערנסט און פלייסיק צו פייניקן זיך און זאָגן מוסר. זיינע דרשות זיינען באשטאַנען אָפצוזאָגן זיך פון דער וועלט און אפילו פון דער גמרא...

אין 1870 האָט ר׳ שמחה זיסל זיך באזעצט אין זיין געבורטס-שטאָט קעלם און אָנגעהויבן פרעדיקן מוסר. נאָר אזוי ווי די שטאָט קעלם איז געווען א שטרענגע גמרא-שטאָט, מיט א גרויסער ישיבה אין וועלכער פיל תלמידים האָבן געלערנט און ניט געוואָלט וויסן פון מוסר, האָט ר׳ שמחה זיסל איינגעפירט א מוסר שטיבל, אן אָרט פון הייליקייט ווי ביי א חסידישן צדיק. ער פלעגט זיך באהאלטן אין זיין יחידות-שטיבל, ארומגערינגלט מיט צוועלף גבאים. דער הויפט-צוועק פון דעם מוסר-שטיבל, אָדער ווי מען האָט זי שוין אָנגעהויבן רופן: ר׳ שמחה זיסלס ישיבה, איז געווען — ווי געזאָגט — ניט אויף צו לערנען גמרא, נאָר פרומקייט און הייליקייט. פיל אידן פון די ארומיקע שטעט פלעגן קומען קיין קעלם הערן ר׳ שמחה זיסלס מוסר זאָגן. אויף ראש השנה און יום כפור פלעגט מען זיך צוזאמענפאָרן ממש ווי צו א חסידישן רבין. נאָר אנשטאט וואָס חסידים ביי זייער רבין פלעגן אין דער צייט פון ימי נוראים זיך ניט אָפזאָגן פון צו כאפן א טענצל, און אריינגיסן אין זיך ניט ווייניק בראנפן און וויין, פלעגן די חסידים פון ר׳ שמחה זיסל זיך אָפזאָגן פון יעטוועדן תענוג און זיך אָפגעבן מיט וויינען, קלאָגן, שלאָגן זיך על חטא, פאסטן און פייניקן זיך. ר׳ שמחה זיסל איז אזוי פארגעטערט געוואָרן, אז מע האָט געגלויבט אז ער זאָגט נביאות, און האָט „גלוי אליהו״. די ליטווישע רבנים, ווען אויך זיי זיינען ניט געווען צופרידן וואָס ר׳ שמחה זיסל האָט פארנאכלעסיקט די גמרא, האָבן אָבער זיין כבוד ניט באַרירט, וויסנדיק אז ער איז א מדקדק אויף דעם קלענסטן דין

פון דער גמרא. ער, ווי זיינע אָנהענגער, זיינען געווען דער היפוך פון די רבי׳שע חסידים. דער דרך זיינער איז זיי טאַקע ניט געפעלן, נאָר קיין אָנפאַלן האָבן זיי אויף אים ניט געמאכט.

גאנץ אנדערש איז אָבער געווען דער דרך פון ר׳ יצחק בלאזער.

אין 1877 האָט אַ רייכער בערלינער איד מיטן נאָמען לאַכמאַן, גע־שענקט צען טויזנט מארק פאר אידישע יונגע לייט וועלכע וועלן זיך אויסצייכענען אין ש״ס און פוסקים, און זיי וועלן אויך זיין באהאוונט אין פרעמדע וויסנשאַפטן, אויף צו זיין פעאיק צו פארנעמען א בכבוד׳יקן געלערנטן רבניש׳ן אמט. דאָס געלט האָט ער איבערגעגעבן ר׳ יצחק אלחנן אין קאָוונא. ר׳ יצחק אלחנן צוזאמען מיט ר׳ ישראל סאלאנטער האָבן זיך גענומען מיטן גרעסטן ערנסט דורכצופירן דעם וואונטש פון דעם נדיב לאַכמאַן.

אייגנטלעך האָט ר׳ יצחק אלחנן געהאַט דאָס רעכט אויף צו טיילן דאָס געלט ווי אזוי ער פארשטייט, ניט דארפן זיך אָנפרעגן ביי קיינעם. ר׳ יצחק אלחנן איז אָבער געווען א גרויסער עניו, און זייער רעספעקט־טירט ר׳ ישראל סאלאנטער, און ביידע האָבן צעטיילט דאָס געלט צווישן די בעסטע און ווירדיקסטע יונגע לייט פרושים. אין 1879 האָבן די ביידע גאונים ארויסגעגעבן א בראָשור אז אידן זאָלן דארפן און מוזן לערנען תורה. ר׳ ישראל סאלאנטער האָט כמעט פארגעסן אין זיין „דרך המוסר״ (זע ר׳ ישראל סאלאנטער אין כראָנאָלאָגיע, 1889). עס האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן צונויפקומען אין קאָוונא פיל פרושים, וועלכע האָבן חשק גע־האַט צו לערנען תורה; ר׳ ישראל סאלאנטער איז שוין ניט געווען אין קאָוונא, און ר׳ יצחק אלחנן האָט געגרינדעט א ישיבה און אָנגעהויבן שיקן משולחים אין אייראָפּע, אזיע, אפריקע און אמעריקע, צו זאמלען געלט אויף ישיבת ר׳ יצחק אלחנן. אין דער צייט, אין 1880, איז ר׳ יצחק בלאזער געקומען קיין קאָוונא. ער האָט דוקא געהאַט אַ שטעלע אלס רב אין דער אָרטאָדאָקסישער קהלה אין פעטערסבורג. ער איז אָבער געווען ר׳ ישראל סאלאנטערס א הייסער חסיד און סימפּאַטיזירט מיט זיין מוסר זאָגן. ר׳ יצחק אלחנן איז געווען — ווי געזאָגט — אַן עניו און א נאָכ־געבער, האָט ר׳ יצחק בלאזער ביי אים געפועלט ער זאָל אים די צדקה געלטער איבערגעבן, ער זאָל זיי צעטיילן, ווי און וועמען ער פארשטייט. און ער האָט נאָכן אויספאָרשן און עקזאמינירן יעדן פרוש, ארויסגעגעבן

די צדקה סובסידיע. יעדער פרוש פלעגט באַקומען פון דריי ביז צען רובל א מאָנאַט, אין באַזונדערע פאַלן אויך מער פון צען.

דער הויפּט־צוועק פון ר׳ יצחק בלאַזער איז געווען דער מוסר. און זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט ער השגחה געגעבן אז די פּרושים זאָלן זיך אָפּגעבן מיט מוסר. ער האָט אפילו קיין שטרענגע פּאָרוואורפן ניט געמאַכט די ניט מוסרניקעס, ער איז געווען טאָלעראַנט, נאָר ביים פאַרטיילן די סובסידיע פלעגן שטענדיק די מוסר׳ניקעס באַקומען א גרעסערן חלק, און דאָס האָט געשאַפן צווישן די פּרושים צבועים און היפּאָקריטן... אן אָרעמער פרוש, וועלכער פלעגט באַקומען א סובסידיע פון דריי רובל, האָט ניט געוואוסט וואָס פריער מיט זיי צו טון: צי קויפן א מלבוש, א שיך און נאָך אנדערע נויטיקע באַדערפעניש, האָט ער מיט דריי רובל ניט געקאָנט אויסקומען. איז ער געוואָרן א מוסר׳דיקער מאַראַן... כדי צו באַקומען א גרעסערע סובסידיע. ר׳ יצחק אלחנן איז געווען צופיל באַשעפטיקט און צו גרויס אלס רב, ער זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט די פּרושים. און ר׳ יצחק בלאַזער האָט געשאַלטעט און געוואַלטעט ווי ער האָט געוואָלט.

אין סלאָבאָדקע—א פאָרשטאָט פון קאָוונאָ — איז געווען נאָך ערגער. אין קאָוונא האָט מען געהאַט רעספּעקט פאַר ר׳ יצחק אלחנן, און מען האָט באַהאַלטן דעם מוסר אונטערן מאַנטל פון תורה. אין סלאָבאָדקע אָבער איז דער מוסר געוואָרן א פּלאָג. דעם פּרוש, וועלכער פלעגט ניט וועלן לערנען קיין מוסר, האָט מען קיין אנדערע ספרים ניט געגעבן, מע פלעגט אים מערערע מאָל ארויסטרייבן פונם שטעטל. עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז א געוויסער רבי יוזעל האָט זיך פאַרשפּאַרט אין א דאַךצימערל און טאָג און נאַכט געלערנט מוסר־ספרים. ער פלעגט ניט זען קיין מענטשן. אמאָל איז געקומען צו אים זיין מוטער, און געוואָלט מיט אים עפּעס רעדן, אָדער אמווייניקסטנס אים זען, האָט ער זיך איינגעוויקלט אין טלית, כדי ניט צו קוקן אויף איר... וועגן דעם פאַל פון דעם פּרוש האָט מען דענונסירט דעם גובערנאַטאָר פון קאָוונא און דער אָרט מוסר איז פאַרבאָטן געוואָרן.

די מוסר־פּלאָגע האָט אָנגעהאַלטן פון 1883 ביז 1890. דער מוסר האָט געדראָט צו פאַרוואַנדלען מענטשן אין אידיאָטן און וואַנזיניקע... ווען די פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד, האָט זיך די מגפה פאַר-

שטאַרקט, עס זיינען אויסגעוואקסן מוסר׳ניקעס ווי שוועמלעך נאָך א רעגן. דער מחבר פון „האַנט-בוך״ געדענקט נאָך די פּאָלעמיק וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אין די העברעאישע צייטונגען. דער „המליץ״ איז דאן ארויס מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט קעגן די מוסר׳ניקעס.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די באוועגונג פונם ציוניזם האָט די מוסר-באוועגונג אָנגעהויבן צו פאלן... די לידער פונם ציוניזם האָבן זיי — די מוסר׳ניקעס — פונם מוסר-וועג אראָפּגעשלאָגן... און דער מוסר-דרך, היינט צו טאָג, איז אן אויסגערייניקטער. די מוסרניקעס האָבן אָנגעהויבן צו פארשווינדן. עס געפינט זיך נאָך אפשר היינט צו טאָג מוסר-דיקע אסקעטן, אחד בעיר ושנים במשפחה, אין דער ליטע. צופאָר מיט 20 יאָר איז נאָך געווען א מוסר-שטיבל אין קאָוונא, און אזעלכעס אויך אין סלאָבאָדקע אין וועלכע עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן נאָר אומגליקלעכע, עלנטע, פארצווייפלטע און האלב גייסטיק קראנקע. איצט זיינען שוין געווים כמעט אַלע פארשוואונדן...

## ה. תר״ס — 1900. — דער טויט פון לודוויג באמבערגער.

ס׳איז כדאי זיך צו באקאָנען מיט לודוויג באמבערגער, דער דייטשער געלערנטער איד, וועלכער האָט געלעבט אין דער זעלבער עפּאָכע וואָס טרייטשקע, דער היטלער פון יענער צייט, דער פארביסענער אנטיסעמיט, מיט דעם זעלבן יודאָפאָבישן בליק אויף אידן און אידנטום ווי דער היינטיקער היטלער.

באמבערגער איז געווען א דיפּלאָמאַט און אן אָנהענגער פון ביסמארקס דיפּלאָמאַטיע, און דאָך האָט ער געהאַט פיל אויסצושטיין פון קעגנער צו דער ליבעראלער פארטיי פון וועלכער באמבערג איז געווען א מיטגליד. די פארביסענע אנטיסעמיטן האָבן אים ניט געקאָנט מוחל זיין זיין אידישקייט, מיט וועלכן ער האָט זיך ניט געוואָלט שיידן. דאָס איז גאַניץ גענוג געווען ארויפצוציען אויף זיך דעם צאָרן פון פינצטערלינגע, וועלכע האָבן אים געזאָגט אז ער איז א געדונגענער פון דער חברה „כל ישראל חברים״ צו באאיינפלוסן דעם דייטשן פּארלאמענט מיטן פראנצויזישן גייסט, און אים גערעכנט פאר א מסופּק׳עם סוביעקט, האלב פראנצויז און האלב דייטש, וועלכן מען דארף אויסווייזן פון דייטשלאַנד.

ווי בערטהאלד אויערבאך און אנדערע גרויסע אידן, דייטשע

פאַטריאָטן, האָבן מיט דעם גרעסטן עגמת נפש, מיט דער גרעסטער פאַר־
ביטערונג, געקוקט אויף דעם אַנטיסעמיטישן מאַנסטער, וועלכער האָט זיך
מיט דער גרעסטער ווילדקייט אריינגעבראָכן אין דייטשלאַנד און צע־
שטערט אַלע זייערע האָפנונגען און אַלע גוטע פערספעקטיוון, וועלכע זיי
האָבן געגלויבט צו זען אין דייטשלאַנד, א דאנק די רעליגיאָנס־פרייהייט,
און האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען וועלכן ס'איז אַנטייל אין מלוכה־
ענינים, אזוי איז אויך באַמבערגער פאַרביטערט געוואָרן, און צונישט
געמאַכט אַלע זיינע גוטע האָפנונגען. און ער האָט ארויסגעזען, אַז די
שנאה־פונקען צום אידישן פאָלק, וועלכע האָבן געטליעט אין די הערצער
פון דעם דייטשן פאָלק, זייט הונדערטער יאָרן, און אויף וועלכע ער האָט
געגלויבט, אַז זיי וועלן לאַנגזאַם, לאַנגזאַם זיך אויסלעשן, זיינען ביז היינט
צו טאָג נאָך ניט פאַרלאָשן געוואָרן, און ס'איז גענוג אַז נאָר איין מאַנסטער־
העלד זאָל זיך שטעלן אַן דער שפּיץ און אויפבלאָזן די פונקען און זיי
וועלן פאַרברענען און פאַרניכטן אַלעס בעסטע וואָס זיי וועלן געפונען
אויפן וועג. זיי וועלן פאַרצערן די בעסטע פלאַנצונגען וואָס די ציווילי־
זאַציע פונעם ניינצנטן יאָרהונדערט האָט פאַרפלאַנצט אין דייטשלאַנד. און
מיר זען עס דאָך אויך איצט, ווען אַן דער שפּיצע פונעם דייטשן פאָלק
האָט זיך געשטעלט דער מאַנסטער־היטלער...

ווי אַלע גרויסע מענטשן אין דייטשלאַנד, ווי לאַסקער, רפאל קיש,
יאַקאָבי, לודוויג לעווע און אַלע אידישע דיפּלאָמאַטן, אזוי אויך באַמבער־
גער, גלייך ווי זיי, האָט ער זיין אידישקייט ניט פאַרלייקנט, און
זיך ניט אָפּגעפרעמדעט פון דעם. מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים האָט ער
פאַרטיידיקט דאָס אידישקייט קעגן זיינע אַלע אָנפאַלער, און מיט זיין
שאַרפער פעדער האָט ער אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן די אַלע, וועלכע האָבן
זיך פאַרנעמען צו באַשולדיקן אידן אין אַלערליי פאַרברעכנס, כדי צו באַ־
רויבן זיי פון זייערע פּאָליטישע רעכטן. אין די אַכטציקער יאָרן, ווען די
דעמאָלטדיקע אַנטיסעמיטן האָבן ווי אַ שטורמדיקער ים געשטורמט קעגן
די אידן, האָט באַמבערגער ארויסגעלאָזט זיין בוך: „דייטשלאַנד און דאָס
אידנטום", אין וועלכן ער פאַרגלייכט די אידן צו די דייטשן מיט זייערע
נוצן, וואָס זיי ברענגען דייטשלאַנד. צו יענער צייט האָט דער גיפטיקער
אַנטיסעמיט היינריך פאָן טרייטשקע ארויסגעגעבן יאָר־ביכער אונטערן
נאָמען „Preussische Yahrbücher", אין וועלכע ער האָט געשאָטן פעך

און שוועבל אויפן אידישן פאָלק. באמבערגער איז גלייך ארוים מיט אן ארטיקל אין ,,Unzer Zeit'' און נאָכדעם אין א בראָשורע, אין וועלכע ער האָט איבערגעוויזן אלע שקרים, אלע פאלשקייטן וואָס טרייטשקע האָט אָנגעפּלאפּלט. און ווי ריכטיק צוגעפּאסט זיינען די ווערטער מיט וועלכע ער הויבט אָן זיין ענטפער צו טרייטשקען, צו דער היינטיקער היטלערישער, הינטישער באוועגונג... „די איצטיקע יודאפאבישע באַוועגונג — זאָגט באמבערגער — וועלכע האָט זיך אויף ס׳ניי אָנגעהויבן, קוועלט ניט ארויס פון דער טיפעניש, פונם דייטשן פאָלקס-הארץ, פון זיין נאַטור און זיינע אָנשויאונגען. פון געוויסע באקאנטע ספערן שטאַמט זי. זיי האָבן דאָס שנאה-פייער אויף א קינסטלעכן אופן אויפגעבלאָזן, א דאַנק פארשידענע סבות וועלכע, א טייל פון זיי זיינען אונז באקאנט, און א טייל זיינען נאָך פאר אונז א געהיימניש".

„טרייטשקע — זאָגט באמבערגער — האָט מיט דער גרעסטער אומוויסנקייט ארויסגעגעבן זיין אורטייל איבער אידן, אז זיי זיינען אן אומגליק פאר דייטשלאנד, אָבער אָנשטאָט צו איבערצייגן עם מיט אומבאַשטרייטבאַרע באווייזע, ווי עס פּאַסט פאר א היסטאָריע-שרייבער (טרייטשקע איז געוועזן פּראָפעסאָר פון היסטאָריע און געהאט א קאַטעדרא) פאַלט ער אָן אויף די אידן מיט זיין גיפטיקער צונג, ניט וועלנדיק אָדער ניט קענענדיק איבערצייגן די אלע באשולדיקונגען זיינע, די אלע סבות וואָס האָבן געבראכט צו די פארברעכן — נאָך זיין מיינונג נאָך — וואָס אידן באגיין, און ארויסזאָגן א מיינונג וואָס דארף געטון ווערן, אָפּצושאפן די סבות, ווי עס פּאסט פאר א פּראָפעסאָר מיט א קאַטעדרא...

„אלס א היסטאָריקער ביי וועלכן דער אמת איז טייער, האָט ער געדארפט אויספאָרשן דעם פאראורטייל אויף אידן, וועלכער איז איינגעוואָרצלט געוואָרן אין הארץ פונם דייטשן פאָלק נאָך פון די גאנץ ערשטע צייטן, ווען דער פינסטערער פאנאטיזם האָט זיין ממשלה געהאט, און אויפגערייצט די פינסטערע מאַסע אויף די אידן, א טאָטזאַך, פון וועלכע זיי אליין האָבן ניט ווייניק געליטן, אלס א היסטאָריקער, א אויפריכטיקער, האָט ער געדארפט נעמען אויף זיך דעם חוב צו איבערצייגן דאָס פארברעכן פון די, וועלכע וועקן אויף די בייזע חיה וועלכע שלאָפט אין די הערצער פון דער פינסטערער מאַסע. ער האָט זיי געדארפט וואָרנען ניט ארויסצוברענגען פאלשע מאָטיוון, מיט זיי צו באַרעכטיקן

די אלטע שנאה. ער האָט זיי געדאַרפט דערמאָנען, אַז דאָס אַגיטירן וועגן שנאה און האַס צו די אידן ברענגט צו אַ פאַרקערטע ווירקונג. ער ווייסט דאָך, טרייטשקע, אַז די פאַנאַטישע צאַנקערייען וועגן רעליגיעזן קולט און די שנאה וואָס האָט זיך צוליב דעם געשאַפן פון מענטש צו מענטש, האָט ניט נאָר אָפּגעשוואַכט, נאָר אויך רואינירט דייטשלאַנד הונדערטער יאָרן, און נט דערלאָזט צו פאַרפאָלקאָמען זיך און לעבן, ווי אַלע אַנדערע אירע נאָכבאַרישע גרויסע פעלקער".

באַמבערגער דערווייזט, אַז טרייטשקע אַליין, אָט דער אויבערהויך-ריכטער, וועלכער גיט אַרויס זיין פּסק-דין אויף מענטשן און פעלקער, ער אַליין איז ניט ריין פון פאַראורטיילן... אָט די קרענק וועלכע ער האָט גע-ירשה׳ט פון דער אוראַלטער פינסטערער צייט, און אָנשטאָט צו זיין אַ רופא, איז ער אַליין אַ חולה... אין זיין בלוט איז איינגעזאַפּט געוואָרן די פאַלשע מיינונג, אין זיין קראַנקן מח, דער פאַלשער געדאַנק, אַז מען דאַרף קוקן אויף אידן ווי אויף אַ פרעמדן, שעדלעכן עלעמענט אין דייטשלאַנד.

טרייטשקע וויל האָבן אַז אידן זיינען פרעמדע אין דייטשלאַנד. „ס׳איז אַ ליגן, אַ נידערטרעכטיקע פאַלשקייט — שרייט אויס באַמבערגער — אידן האָבן געוואוינט אין דייטשלאַנד נאָך אין דער ערשטער פּעריאָדע פון איר היסטאָריע. ביי די טייכן פונם רהיין און דער דאַנוי זיינען אידן געזעסן נאָך אין די צייטן פון די רוימער, אינם אָנהויב פון דער קריסט-לעכער צייטרעכנונג. דער מיטלאַלטער מיט זיינע הייליקע קרייצציגע, און נאָך אַנדערע פינסטערע מעשים זיינע, האָט געבראַכט פריער צו באַ-רויבן זיי, און נאָכדעם צו אַרויסטרייבן זיי. טרייטשקע וויל האָבן אַ ריינע דייטשע ראַסע, אָבער דאָ האָט ער אַ גרויסן טעות. וועלכע ווירקונג ס׳זאָל ניט האָבן די אַסימילירונג פון פאַרשידענע שטאַמען אין אַ פאָלק אין וועמעס לאַנד זיך שטאַמען געפינען זיך, וועט דאָך קיין שום בר דעת ניט פאַרלאַנגען אויסצורייניקן יעדעס פאָלק פון פרעמדע שטאַמען, וועלכע האָבן זיך אין דעם אַסימילירט. פאַרקערט, אָט די אַלע פעלקער, וועלכע שטיין אויף אַ הויכער מדרגה פון וויסנשאַפט און אַנטוויקלונג, האָבן צו פאַרדאַנקען די פרעמדע-שטאַמען-עלעמענטן, וועלכע זיי האָבן אין זיך אַריינגענומען."

זיי — די שטאַמען־עלעמענטן — זיינען דאָס „זאַלץ", וואָס האָט זיי אויפגעהאַלטן און געבראַכט צו זייער אַנטוויקלונג.

באַמבערגער טרעט אַרויס מיט אַ שאַרפער שטעכיקער סאַטירע קעגן טרייטשקען וועגן זיין אויסגעשפּראָכענער מיינונג, אַז דער אידישער שטאַם איז גאַנץ אונטערשידן מיט זיין נאַטור פונם דייטשן פאָלק, און מעג זיך אַ איד שמדן און ווערן אַ לוטעראַנער, איז ניט נאָר ער, נאָר אפילו ווען ער שטאַמט פון זיינע עלטערן, און אור־אור־עלטערן משומדים, איז ער פּסול צו קומען אין דייטשן קהל... און עס דאַרפן דערוווייטערט ווערן פונם מיליטער אַלע מיליטער־באַאַמטע וועלכע זיינען, אָדער שטאַמען אָפּ פון משומדים.

באַמבערגער וויל אויך האָבן, אַז צו קיין איינציק פאָלק האָבן זיך אידן אַזוי ניט דערנענטערט ווי צום דייטשן פאָלק. און ניט נאָר אין דייטשלאַנד, איז צו מערקן די דערנענטערונג, נאָר אויך אויסער אירע גרעניצן, ווי אין פראַנקרייך, אין בריטאַניען, אין נידערלאַנד און איבעראַל וואו אידן רעדן דעם „זשאַרגאָן", וואָס איז דאָך אַן אָפּשטאַמונג פון דער דייטשער שפּראַך, און דאָס איז דאָך באַוואוסט, אַז די שפּראַך איז אַ אָפּקלאַנג פונם גייסט...

באַמבערגער לאַכט זיך אויס פון טרייטשקען וועגן זיין באַהויפּטונג, אַז אַ גרויס געפאַר שטייט פאַר דעם לוטעראַנישן גלויבן דורך אידן, און ער ווייזט אים איבער, אַז די אַלע קריטיקער אויף דעם לוטעראַניזם זיינען געווען דייטשע פילאָזאָפן, פיכטע, דער דייטשער פילאָזאָף, דער ליבלינג פון טרייטשקען, אויף וועלכן ער האָט געזאָגט, אַז ער איז דער שטאָלץ פון דייטשלאַנד, האָט געפּרעדיקט פון זיין קאַטעדרא, אינם יענא'ר אוניווערזיטעט, אויסדריקנדיק זיך מיט די ווערטער: „נאָך פינף יאָר, וועט לוטערס גלויבן פאַלן, און די וויסנשאַפט וועט פאַרנעמען זיין פּלאַץ." אויך די פריידענקער פוילוס, באַואר שטרויס, פייערבאַך, שאָפּענהויער, פאָגט, בוכנער, מאַלעשאָט, האַקעל און נאָך פיל אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אויסגעלאַכט פונם לוטעראַניזם, זיינען אַלע געווען פון אַ ריינער דייטשער אָפּשטאַמונג.

באַמבערגער צעשמעטערט מיט זיינע שאַרקע אַרגומענטן אַלע בלבולים, וועלכע טרייטשקע האָט אַרויסגעבראַכט און אויסגעטראַכט אויפן אידישן פאָלק: דו, טרייטשקע, ווילסט האָבן אַז אין די אַלע אומ-

גליקן וואָס זיינען געקומען אויפן דייטשן פאָלק זיינען אידן שולדיק? און איך פרעג דיך: מיט וואָס זיינען אידן שולדיק, צום ביישפיל, ווען די קארטאָפל אין דייטשלאנד זיינען ניט געראָטן?.. וואָס זיינען אידן שולדיק ווען אין אויבערשלעזיע הערשט א שרעקלעכער הונגער?...״

מיר, וועלכע לעבן אין דער עפּאָכע פון היטלער, וואָס איז כמעט אין אלע אופנים גלייך צו דער פון טרייטשקען, מעגן עס אין אכט נעמען... א גרויסע טובה האָט טרייטשקע געטון די דייטשע אידן דורך זיין דער־נידעריקן און פארשוועכן זייער כבוד, און אויפדעקן זיין שנאה און די שנאה פון אנדערע, וועלכע איז געווען פארבאָרגן פון זיי; איצט וועלן די דייטשע אידן אויפהערן צו פליען אויף זייערע פאנטאַזיע־פליגלען, אויפהערן זיך צו קוויקן מיט זייערע זיסע חלומות מיט וועלכע זיי האָבן די לעצטע צענדליקער יאָרן גע׳חלומ׳ט. און גליקלעך איז דער ארבעטער וועלכער ווייסט פאָראויס וואָס פאר א באלוינונג ער וועט פאר זיין אר־בעט באקומען, איידער דער, וועלכער גיט זיך ניט אָפּ קיין רעכענונג און האָפט אויף דער גרעסטער באלוינונג, און פון זיין האָפענונג לאָזט זיך אוים א טייך...

באמבערגערס נאָמען וועט שטענדיק דערמאנט ווערן מיט כבוד און שטאָלץ ניט נאָר ביי די דייטשע אידן, נאָר אויך ביי אונז אלע, וועלכע ווינטשן פרייהייט און גערעכטיקייט.

## ה. תרס״א — 1901 — די גרינדונג פונם נאַציאָנאַל־פאָנד.

דער נאַציאָנאַל־פאָנד איז געגרינדעט געוואָרן ענדע 1901. זיין גרינ־דער איז געווען הערמאן שאפּירא, פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק און פיזיק אין היידעלסבערגער אוניווערזיטעט. געבוירן געוואָרן איז ער אין ערשוויל־קען, ליטע, אין 1840, געשטאָרבן אין קעלן, דעם 8־טן מאַי, 1898. די קאָ־לאָניזאטאָרישע טעטיקייט פון נ. פ. האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין 1908. שרייבנדיק וועגן נאַציאָנאַל־פאָנד מוז באַמערקט ווערן, אז די תחית העם און תחית הארץ, האָבן פיל צו פארדאנקען דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דער נאַציאָנאַל־פאָנד האָט פארבונדן דאָס פאָלק מיטן לאַנד. ער האָט גע־שאפן די תחית פון ביידע. דאָס אידישע פאָלק האָט געוואוסט, וויים, און וועט אויך ווייטער וויסן ווי געהעריק אָפּשאַצן די ווערט זיינע.

דער פארמעגן פון נ. פאָנד, ביז סוף 1917, האָט דערגרייכט ביז זיבן מיט א האלבן מיליאָנען פראנק. פון א פערטל מיליאָן פראנק א יאָר, האָט

ער אין 1913 דערגרייכט ביז א מיליאָן פראנק. אפילו אין די מלחמה־יאָרן, נים קוקנדיק אויף דעם חורבן וואָס די מלחמה האָט גורם געווען צום אי־דישן עקאָנאָמישן לעבן, האָבן זיך די הכנסות פונם נאַציאָנאַל־פאָנד נאָר צייטווייליק פארקלענערט און האָבן דערגרייכט אין 1914 די סומע פון 735.000 פר. אין 1915 — 629.000 פר. אין 1916 — שוין 922.000; 1917 — 1.747.000, לויט דעם קורס פון דעם יאָר.

איך האָב נאָר פארצייכנט די אנטוויקלונג פונם נ. פ. אין א משך פון צען יאָר, כדי דער לייענער זאָל זען דאָס שטייגן און אנטוויקלונג פון דער דאָזיקער אמת'ער פאָלקס־אינסטיטוציע. די יעניקע לייענער וועלכע ווילן גענוי וויסן די אנטוויקלונג פון נאַציאָנאַל־פאָנד, און אויך די אריינ־געקומענע סומען פון פארשידענע לענדער אין די לעצטע יאָרן, קענען זיך באַנוצן מיט דעם ביולעטין וואָס ווערט פון דעם נ. פ. ביוראָ יעדעס יאָר ארויסגעגעבן.

ס'איז כדאי צו פארצייכענען וואָס דער נ. פ. האָט אויפגעטאָן אינם משך פון די צען יאָר.

אין לאנד־ווירטשאפט:

1) ביי דער אייזנבאַן יפו־ירושלים, באזיצט דער נ. פ. צוויי נחלאות פונם הערצל־וואַלד: „חולדה" און „בן שמן". אין דיביידע נחלאות האָט דער נ. פ. אינוועסטירט ביז דער מלחמה, א מיליאָן פראנק.

2) אין דער געגנט וואו דער ירדן פליסט ארוים פונם ים־טבריה, באזיצט דער נ. פ. צוויי נחלאות: „כנרת" און „דגניה". די ערשטע איז פארפאכטעט דער „פאַלעסטינא לאנד־אנטוויקלונגס־געזעלשאפט". ביידע נחלאות האָבן באארבעט קאָאָפּעראטיווע ארבעטער גרופּעס. אין כנרת געפינט זיך אויך א לאנדווירטשאַפטלעכע לערנפאַרם פאר אידישע מיידלעך.

3) אינם טאָל: עמק יזרעאל געהערט דעם נ. פ. די נחלה: „מרחביה", וואָס ליגט ביי דער אייזנבאַן פון חיפה צו דמשק. די קאָלאָניע מרחביה איז געגרינדעט געוואָרן דורך דעם קאָאָפּעראטיוון פאָנד אויף קאָאָפּערא־טיווע יסודות, לויט דעם פּלאַן פון דר. אָפּענהיימער.

4) אין דער שכנות מיט דער קאָאָפּעראציע אין מרחביה, איז גע־גרינדעט געוואָרן א מושב פון בעלי מלאכות, וואָס דער נ. פ. האָט אים געגעבן א קרעדיט פון 12.500 פר. (פון דעם וואָלפסאָן־פאָנד) צו בויען הייזער.

5) אין דער קאָלאָניע באר-טוביה (קאסטיניע) אין דרום פון יהודה, באזיצט דער נ. פ. א נחלה אויפן נאָמען פון דער קאנאדער ציוניסטישער פעדעראציע מיט הייזער און פלאנצונגען. דאָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן א קאָאָפעראטיווע ארבעטער-גרופע אלס פאכטער-בירושה.

6) אין דער קאָלאָניע חדרה באזיצט דער נ. פ. א גאָרטן פון מאַראַנצן און אתרוגים, „גן שמואל", און נאָך צוויי גאָרטנס פון איילבירט-בוימער. זיי ווערן באארבעט דורך א קאָאָפעראטיווער ארבעטער-גרופע.

7) דער „פאלעסטינא לאנד-אנטוויקלונגס-געזעלשאפט" האָט דער נ. פ. געליען 3 הונדערט טויזנט פר. אויף איינצואָרדנען די ווירטשאפט אין כנרת, און אויך אויף ערד-קניות.

8) ביי דער אידישער פאלעסטינא-באנק (א' פ' ק') האָט דער נ. פ. איינגעצאָלט 240.000 פר. אויף אגרארע קרעדיטן פאר די קאָלאָניעס, און אויך פאר איינצלנע קאָלאָניסטן.

9) דער נ. פ. האָט געבויעט אין פתח תקוה און אין חדרה מיט א סומע פון 50 טויזנט פר. צוויי גרויסע בנינים פאר בחורים-ארבעטער. אויסער דעם, האָט ער מיט די מיטלען פון דעם פאָנד אויפן נאָמען פון דוד און פאניע וואָלפסאָן, און פון דעם האלפערן-פאָנד, אויסגעבויעט הייזער פאר אידישע ארבעטער-פאמיליעס, אין די קאָלאָניעס פתח תקוה, ראשון לציון, רחובות און נס ציונה. פון די מיטלען פונם ארבעטער-הייזער-פאָנד, האָט דער נ. פ. אסיגנירט בערך צוויי הונדערט טויזנט פר. צו בויען הייזער פאר די תימנ'ער אידן. פון דער סומע האָט מען אויפגעבויעט פאָלגנדע דערפלעך פון ארבעטער-הייזער: נחליאל ביי חדרה, מחנה יהודה ביי פתח תקוה, מושב התימנים, אין נחלת יהודה ביי ראשון לציון, שומרי-תורה ביי רחובות, מושב כהנא ביי בן-שמן, און קלענערע דערפלעך אָן א נאָמען ביי נס-ציונה, באר-יעקב, מרחביה, יבנאל און כנרת. דער נ. פ. האָט אויך געגעבן 6000 פר. אויף אויסצובעסערן די סאָציאלע און היגיענישע לאגע ביי די תימנ'ער אידן.

10) דעם אָדעסער קאָמיטעט, האָט דער נ. פ. געליען 20.000 פר. צו גרינדן די ארבעטער-קאָלאָניע נחלת-יהודה ביי ראשון לציון.

11) דער אידישער נ. פ. האָט באשלאָסן צו געבן א שטח לאנד צו גרינדן א קאָלאָניע פאר אידישע שומרים, כדי זייערע פאמיליעס זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו באשעפטיקן זיך מיט הויז-און לאנד-ווירטשאפט.

12) דער נ. פ. האָט געגעבן 6000 פר. דעם פאריין פון אידישע פרויען פאר קולטור־ארבעט אין ארץ ישראל, צו גרינדן דעם פארם פאר אידי־שע מיידלעך אין כנרת.

13) דער נ. פ. האָט געגעבן 2000 פר. שטיצע צו גרינדן די שול פאר ערד־ארבעט אין פתח תקוה.

## פאר שטאָטישער קולטור:

14) דורך דער פארמיטלונג פון דער פּאַלעסטינא־באנק, האָט דער נ. פ. ארויסגעגעבן א הלואה פון 360.000 פר. אויף צו גרינדן די בארימטע אידישע קווארטאלן תל־אביב, און נחלת בנימין אין יפו, און הרצליה אין חיפה, וועלכע האָבן די ווערט פון א סך מיליאָנען פר. און א גרויסע באַ־דייטונג פאר דער אידישער קאָלאָניזאציע אין ארץ ישראל.

## געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס

15) דער נ. פ. האָט אָפּגעגעבן דעם „בצלאל״ אין ירושלים, צוויי שיינע הייזער מיט אן אטעליע, וואָס קאסטן צוזאמען לערך 130.000 פר. די שול „בצלאל״ האָט די אויפגאבע איינצופירן קונסט־געווערבלעכע היים־ארבעט צווישן די אידן אין ארץ ישראל און עפענען פאר זיי נייע פרנסה־קוואלן.

16) פאר דער העברעאישער גימנאזיע אין תל־אביב, האָט דער נ. פ. געגעבן דאָס פּלאץ, און דעם פּרעכטיקן בנין, וואָס מען האָט אים צו דעם צוועק געשענקט, און קאסט העכער 200 טויזנט פר.

17) דער נ. פ. האָט געגעבן 100 טויזנט פר. צו קויפן דעם פּלאץ פארן אידישן טעכניקום, אין דער בליענדער פּאָרט־שטאָט חיפה.

18) דער נ. פ. האָט געגעבן 200 פר. דעם נתן־שטרויס־אינסטיטוט אין ירושלים, אויף צו באקעמפן די מאלאריע אין ארץ־ישראל, און בעת דער מלחמה א הלואה פון 4000 פר.

19) דער אידישער נ. פ. האָט געגעבן 20.000 פר. צו קויפן דאָס פּלאץ פאר דעם אידישן קראנקן־הויז אין יפו.

## אין דער מלחמה־צייט

20) אין דער צייט פון דער מלחמה האָט דער נ. פ. פיל געטאָן, אויף צו פארלייכטערן די נויט אין ארץ ישראל. זיינע פארמס האָבן צוגע־שטעלט תבואה, גרינסן און מילכיקס פאר דער באפעלקערונג אין די

שטעט און אין די פלאנצונגען-קאָלאָניעס. דער נ. פ. האָט אָרגאניזירט באזונדערע נויט-ארבעטן צו באשעפטיקן ארבעטסלאָזע.

פאר דער צייט פון דער מלחמה, האָט דער נ. פ. איבערגעשיקט קיין ארץ ישראל אויף אויסהאלטן זיינע פערמעס, אויף נויט-ארבעטן, קרוב צו א מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט פר.

פון די ריזיקע סומען וועלכע דער נ. פ. האָט געשפענדעט פארן אויפבוי איז צו זען וואָס פאר א וויכטיקע ראָלע ער שפילט אין תחית העם און תחית הארץ. דאָס אידישע פאָלק — ווי געזאָגט — ווייסט ווי געהעריק אָפצושאצן די גרויסע וויכטיקייט פונם נ. פ. און די סימפאטיע צום נ. פ. איז א אויסערגעוויינלעכע.

ווי ווייט דער נאציאָנאַל-פאָנד האָט פראָגרעסירט באווייזט די זאמלונג פון די לעצטע יאָרן. איך וועל נאָר ברענגען צוויי ציפערן: אינם לעצטן פערטל פונם פארגאנגענעם יאָר. ד. ה. פון אָקטאָבער ביז יאנואר איז געזאמלט געוואָרן די סומע פון 58.172 פונט, און אין מאָנאַט יאָנואר 1934, איז אריינגעקומען די סומע פון 24.627 פונט.

## ה. תרס"ב — 1902. — דער טויט פון דר. יצחק קאמינער.

„א הייסער נאַציאָנאַליסט, א ליידנשאַפטלעכער חובב ציון אינם גרעסטן טייל פון זיין לעבן, איז דער דר. יצחק קאמינער געווען. פון זיין יוגנט אָן געטראָגן ביי זיך אין הארצן א הייליקן פייער פון רעוואָלט און קאמף קעגן די אונטערדריקער פונם פאָלק. ער איז געווען איינער פון יענע העברעאישע שרייבער און טרוימער, וועלכע האָבן זיך אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, אונטערן איינפלוס פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אידעאלן, געשטעלט אין דינסט פון דעם אָרעמען אידישן המון, און האָבן סיסטעמאטיש ארויסגערופן די מאסע צום שטרייט קעגן די אידישע און ניט אידישע קאפיטאַליסטן". מיט די ווערטער שילדערט דר. בערנשטיין די טעטיקייט פון דר. יצחק קאמינער.

געבוירן איז קאמינער אין יאָר 1834, אין א קליין שטעטעלע, לעפיקאָווו, נעבן זשיטאָמיר, ביי אָרעמע עלטערן. דאר און מאָגער, קליין געוואקסן, מיט א הויקער אלס צוגאָב, איז דער בן יחיד געווען ביי זיינע עלטערן; זיינע עלטערן זיינען געווען פארצווייפלט איבער זייער בן-יחיד, דער קריפל, אָבער זיין אויסערגעוויינלעכער פליים און רירעוודיקייט האָט זיי דערמונטערט דאָס קינד צו דערציען און צו האלטן פאר אים א גוטן מלמד.

און דאָס פאַרקריפּלטע אינגל האָט געהאַט מזל, דער מלמד איז גראָד גע־
ווען א באַהאַלטענער משכּיל, וואָס האָט תּיכּף דערקענט אין זיין תּלמיד
א צוקונפטיקן עילוי און האָט אים געגעבן צו פאַרזוכן א היבשע דאָזע פון
דער השׂכּלה. אַלט ווערנדיק 16 יאָר, איז ער שוין געווען א בקי אין ש״ס
און פּוסקים. און כּדי אים ארויסצוראטעווען פון דער השׂכּלה־געפאַר
וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מערקן אין אים, האָבן די עלטערן אים חתונה
געמאַכט. אין עטלעכע יאָר ארום, ווען ער האָט שוין געהאַט דריי טעכ־
טער, באַשליסט ער צו פאָרן קיין ווילנע, וואו ער ווערט פריינטלעך אויפ־
גענומען פון די דאָרטיקע משׂכּילים. אין דער עלטער פון 21 יאָר קומט ער
צוריק אין זיין שטעטל און באַקומט א שטעלע אלס רעגירונגס־לערער אין
דער אידישער רעגירונגס־שולע. נאָך עטלעכע חדשים, באַשענקט אים די
פרוי מיט א צווילינג, 2 טעכטער. קאַמינער זעט אין דעם ארוים די איראָניע
פון שיקזאַל און אלס צייכן פון פּראָטעסט אַנטלויפט ער אויפן אַנדערן טאָג
קיין קיעוו. אין קיעוו האַלט ער אוים גלענצנד דעם עקזאַמען, אין דער
אָנוועזנהייט פון פּראָפעסאָר, דער אוהב ישׂראל פּיראָגאָוו, אויף וועמעס
פאָרשלאַג ער טרעט אריין אין נאַטור־וויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט. זיינע
פריינט ראַטן אים אָבער ביטן דעם פאַקולטעט און אויסקלויבן פאַר זיך
א פאַך, וואָס איז א מער זיכערע קאַריערע פאַר א אידן. קאַמינער טרעט
אריין אין מעדיצינישן פאַקולטעט. דערגרייכנדיק זיין ציל, דערוועקט זיך
אין אים א דראַנג צו גיין צום פאָלק און צו זיין א העלפער דעם אָרעמען
אידישן המון. לעאָ דייטש, דער באַקאַנטער רעוואָלוציאָנער, דערציילט וועגן
קאַמינערן פאָלגנדעס: „אין דער שטאָט־טייל אין קיעוו, וואו אידן מעגן
וואוינען, אויפן פאָדאָל, האָט זיך באַזעצט אַ מערקווירדיקער דאָקטאָר, א
איד מיטן נאָמען קאַמינער. די פאָדאָלער קבּצנים האָבן באַלד פאַרשטאַ־
נען ווי אָפּצושאַצן דעם קלוגן פריינטלעכן דאָקטאָר, וועלכער איז נאָך
דערצו געווען אן אויסגעצייכנטער ספּעציאַליסט אין זיין מעדיצינישן
פאַך. קבּצנים האָבן גענומען אָפּשלאָגן די טירן. קאַמינער וואָלט פון זיי,
פאַרשטייט זיך, קיין עושר ניט געוואָרן. ער איז געוואָרן אן אַסיסטענט
ביי דעם באַרימטן קיעווער פּראָפעסאָר מערינג, און זיין מאַטעריעלע לאַגע
האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן. די פּאָגראָם־יאָרן רופן ארוים א טיפע דער־
שיטערונג אין זיין לעבן. ער איז ביז אין דער נשמה געקרענקט, וואָס
זיינע טעכטער און איידעמס זיינען געוואָרן ווייט פון אידן. אין איינעם

פון זיינע לידער, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך זיין טויט, קלאָגט ער זיך: „דער גייסט פון מיין פאָלק האָט פאַרלאָזן מיינע קינדער, צוליב מיינע זינד; ווער ווייס, וועט כאָטש בלייבן א זכר נאָך מיר?.. איך בין עטוואָס אראָפּ פון וועג, זיי אָבער האָבן אינגאַנצן אים פאַרלאָזן". און ער רופט צו גאָט, וועלכער ווייס די ליידן, די פּיין פון זיין צעוויטיקטער נשמה. מיט קאַמינערס בליק אויפן אידישן לעבן, באַקענען מיר זיך פון אַ בריוו וואָס ער האָט געשריבן צו מענדעלע מוכר ספרים אין יאָר 1878. ער, קאַמינער, לויבט מענדעלען פאַר דעם נייעם וועג וואָס ער האָט אויסגעקליבן פאַר דער אויפקלערונג פון די אידישע מאסן. „דאָס כפּרה־הינדל אין מענדעלעס ווערק — זאָגט ער — איז ניט מער די הויפּט־זאַך, און די „צענטראַלע פיגור פון זיינע באַשרייבונגען איז ניט מער דער פרומאַק, דער צבוע׳ק, וואָס גייט צו כל נדרי מיט אַ געבראָטן הינדל אונ־טער דעם קיטל... וואָס וועט שוין זיין ווען די אידן וועלן אויפהערן שלאָגן כפּרות? — פרעגט קאַמינער. — איך קען א סך אידן, וואָס שלאָגן ניט קיין כפּרות מיט הענער, נאָר מיט זייערע אייגענע ברידער, און ניט נאָר ערב יום כפּור, נאָר א גאַנץ יאָר. זאָל אונז קלאָר ווערן — זאָגט ער — וואָס מיר האָבן צו טון פאַרן וואויל פון אונזער פאָלק. מען זאָגט אונז, אז די רעטונג פון פאָלק ישראל הענגט אָפּ פון דער רעטונג פון דער גאַנצער וועלט. ווייסט איר אין וואָס עס באַשטייט די רעטונג פון דער גאַנצער וועלט? אלישע הנביא האָט שוין אויסגעזאָגט דעם סוד: „גיט זיי ברויט, זאָלן זיי האָבן וואָס צו עסן". (פון היטלערס טעאָריע האָט דר. קאַמינער ניט געוואוסט, אז ברויט דאַרפן האָבן אַנדערע, ניט אידן... מ. ר.). אויב מיר ווילן העלפן די אידן, דאַן זאָלן מיר זיי אָנהויבן לערנען, וואָס ס׳הייסט טרפה שפּייזן: אז א איד טאָר ניט עסן דעם אַנדערן אידנס פלייש... מיט דיין „טאַקסע", מיט דער „קליאַטשע" און מיט דעם „קליין מענטשעלע" — שרייבט קאַמינער — האָסטו זיך שוין פאַרטיפט אין די דאַזיקע דינים, און אזוי ווי דו פסקנ׳סט, אזוי זאָל עס בלייבן"... „דאַנקנדיק דיר פאַר דער פאַרגאַנגענהייט, האָב איך צו דיר א בקשה — שרייבט ווייטער קאַמינער צו מענדעלען — פאַר דער צוקונפט: זע, ברודער, גיי ניט אוועק אין פרעמדע פעלדער, פאַרלאָז אונז ניט, גיי ווייטער מיט דיין דאָזיקער ליבע צו אונזער פאָלק, אפשר וועלן מיר אויסלייזן ישראל׳ן פון די הענט פון זיינע ברידער"...

קאמינער האָט געהאַט א לייכטע העברעאישע סאַטירישע פעדער. זיינע סאַטירישע שירים האָבן שנעל געפינען א וועג צום פאָלק. קאמי־נערס סאַטירישער פעריאָד האָט אָבער ניט לאנג אָנגעהאַלטן. אין זיין שיר „ודוי", וואָס ער האָט געשריבן א טאָג פאַר זיין טויט, זעען מיר דעם איבערברוך, וואָס האָט זיך אָפגעשפּילט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. ער הויבט אָן צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון זיין וועג. „פון וועמען מאַך איך חוזק? וועמען ריים איך ארונטער מיט שפּאָס און שאנד? — שרייט ער אויס — פון די טאַקסעניקעס? פון די קאַראָבקעניקעס? זיינען זיי דען פּראָדוקטן פונם אידישן לעבן? אינסטיטוציעס פון אידישן פאָלקס־ווילן? זיי אליין זיינען דאָך די דירעקטע רעזולטאַטן פונם פארפלוכטן צארישן רעזשים..." ער, קאמינער, שרייט מיט ביטערקייט אויס: „האָט דען אינם 1881-2 יאָר, נישט געהערשט פאָלשטענדיקע בארעכטיקונג סיי פאַר דעם טאַקסעניק, סיי פאַר דעם גביר, און סיי פאַר דעם אידישן אָרעמאַן? מען האָט זיי דאָך אַלעמען גלייכבארעכטיקט געקוילעט..."

אָנפאַנג פון די 90־ער יאָרן וואַרפט ער אוועק אינגאַנצן זיין סאַטי־רישע מוזע און גיט זיך אָפּ מיט „שירי ציון". אכט און זעכציק יאָר איז ער אַלט געוועזן, ווען ער איז נפטר געוואָרן, און ער איז געבליבן כמעט א פארגעסענער...

צום הונדערט יאָריקן יובילעאום פון זיין געבורט ווידמען מיר אים די דאָזיקע שורות און זאָל זיין נאָמען פאַראייביקט ווערן אין „האַנט־בוך".

## ה. תרנ"ו — 1906. — דער טויט פון קלמן שולמאַן.

אלס א דערצויגענער פון אַלטן בית המדרש, וועלכער האָט אינגל־ווייז נישט געוואוסט און ניט געטאַרט וויסן פון דער אייראָפּעאישער לי־טעראַטור, איז קלמן שולמאַן פון מיר אַזוי פיל פארגעטערט געוואָרן, אז איך האָב געגלויבט אז נאָך מאַפּו מיט זיין תנ"כ'ישן סטיל, קומט שולמאַן מיט זיין בוימלדיקן העברעאישן סטיל. מיר אלע, די געוואָרענע משכּילים, אפּיקורסימ'דיקע יונגע 12—13 יעריקע אינגלעך, פלעגן זיך קוויקן מיט קלמן שולמאַנס ליטעראַרישער ארבעט, מיט זיינע איבערזעצונגען ווי „מסתרי פּאַריז" פון אייזשען סיו, און נאָך אנדערע. זיין סטיל איז גע־ווען א תנ"כ'ישער, ווען אויך ניט מיט דעם רייכקייט ווי מאַפּוס, דערפאַר

אָבּער אַנציִענדער, בּוימלדיקער, ווי מיר האָבּן עס גערופן. קלמן שולמאַן האָט ווירקלעך אריינגעבּראַכט „מיפיפותו של יפת בּאהלי שם״. ער האָט אָבּער אויך געשאַפן אָריגינעלעס. מיר קאָנען אָבּער מיט רעכט זאָגן אַז קלמן שולמאַן האָט ניט איבּערגעשראָקן די חרדים — אויסער עקסטרעמע פאַנאַטיקער — מיט זיין שרייבּן. זיינע ספרים פלעגן זיך געפינען אין די הייזער פון גאַנץ פרומע אידן. פופציק יאָר איז קלמן שולמאַן געווען דער כּהן אינם מקדש פון דער העבּרעאישער ליטעראַטור. איך זאָג די ווערטער ניט לשם מליצה. ער איז געווען ווי אַ כּהן איז געווען, אָדער האָט גע-דאַרפט זיין, אין בּית המקדש: מיט צניעות, תּמימות און ריינקייט.

קלמן שולמאַן האָט אָנגעהויבּן זיין ליטעראַרישע אַרבּעט אין אַ שטור-רעמדיקער עפּאָכע, ווען די השׂכּלה האָט זיך שטורעמדיק אריינגעבּראָכן אין דער אידישער ליטעראַטור, און די משׂכּילים אין דער עפּאָכע האָבּן זיך פאַרנומען ארויסצוגיין ווי אויף אַ שלאַכטפעלד, אַנצופאַלן און צע-שטערן... צו ענדערן און רעפאָרמירן מיט — ווי מען זאָגט — אַ „יד חזקה״. ער האָט זיך אויך גערעכנט צו די „נייע״. ער האָט זיך אָבּער געשטעלט אויף אַן אנדער פּאָזיציע. ניט אויף צו שיסן מיט גיפטיקע פיילן, נאָר רואיק, שטיל, ווי זיין נאַטור אליין, איז ער אויף דער פּאָזי-ציע געשטאַנען און דערפילט זיין חוב, וועלכן ער האָט אויף זיך גענומען... און פופציק יאָר כּסדר געאַרבּעט, ניט אין אכט גענומען די נייע צוגעקו-מענע משׂכּילישע פּנים חדשות, מיט נייע אידייען, נייע לאָזונגען. ער האָט זיין פּאָזיציע ניט פאַרלאָזט. שולמאַן ווי מאפו, האָט ניט דערקלערט קיין מלחמה, ניט געצילט מיט קיין פיילן, ניט געוואָרפן מיט זיין האַנט ליטעראַרישע גראַנאַטן... די ליטעראַטור וואָס איז אויף זיין גורל געפאַלן, האָט ניט געדונערט, האָט ניט געשטורעמט. זי איז געווען אַ שטילע, אַ גלאַסענע, אַ „שפה יפה שרידה יחידה׳דיקע״ און דעריבּער האָט מען זיי געלייענט מיטן גרעסטן חשק. וואָס האָט שולמאַן געשריבּן אין זיין ערשטן ארויסטריט? אָבּער דער עיקר איז ניט דאָס וואָס ער האָט געשריבּן, נאָר ווי אזוי ער האָט געשריבּן.

אין דער אידישער גאַס האָט צו יענער צייט געהערשט אַ געשמאַק-לאָזעס העבּרעאיש, אַ דרשה׳דיקעס און אַ פּלפּול׳דיקעס, איז געקומען שולמאַן און געוויזן ווי אזוי מען דאַרף שרייבּן. ער האָט אריינגעבּראַכט אין דער אידישער גאַס, אַ געפּוצטע און פאַרפומירטע שפּראַך, מיט רויזנ-

פאַרביקע ליפּן. און נייע הימלען און א נייע ערד האָט די אידישע גאס דער־זען. ניט קיין דרשות אויסגעבלאָזענע, ניט קיין פּלפּולים פּארבלאָזע און „קופּאדמחטי׳דיקע" מיט דורכגעסילעטע עלעפּאנטן... דער אינהאַלט איז טאַקע געווען ניט קיין בּיז גאַר רייכער, אָבער די שפּראַך, ווי זים, ווי שיין, ווי חנ׳ווודיק איז זי געווען! און דער יונגער בּית המדרש־משׂכּיל האָט זי געשלונגען, ווי אַן ערשט פּארטיקע פּרוכט. שולמאן האָט איבּערזעצט פון פראנצוזיש דעם „מסתרי פאריז". היינט צו טאָג וואָלט קיין שרייבּער זיך ניט אונטערגענומען צו איבּערזעצן אזעלכע ראָמאנען, פאר דעם היינ־טיקן לייענער האָבּן זיי קיין אינטערעס ניט. דעמאָלט אָבער האָט מען זיך מיט אזעלכע ראָמאַנען געצאַצקעט... און שולמאן האָט צופרידן געשטעלט דעם געשמאַק פון זיינע חברים, די יונגע משׂכּילים. שולמאן איז אָבער בּיי די איבּערזעצונגען ניט פארבּליבּן, שולמאן שרייבּט אויך און איבּער־זעצט אזעלכעס וואָס איז פון אידן און פאר אידן. ער שרייבּט און זעצט איבּער דעם „דברי ימי עולם", דעם „קדמוניות היהודים", „תולדות חכמי ישׂראל", „גלילת הארץ". מיט די ווערק האָט שולמאן שוין געבּראכט פּראקטישע נוצן פאר א סך יונגע בּית המדרש משׂכּילים וועלכע האָבּן דאָס אַלץ דערלערנט פון העבּרעאיש, און דערבּיי געהאַט אויסער נוצן, אויך פּארגעניגן פון דער שפּראַך, פון דעם צארטן און שיינעם סטיל.

ה. תרס״ח — 1908. — דער טויט פון אברהם גאָלדפאדן. — די געשיכטע פון דעם אידישן טעאטער.

מיט אברהם גאָלדפאדן איז פארבּונדן דאָס אידישע טעאַטער־וועזן. ס׳זיינען געווען אפילו פאר אים אזעלכע וואָס האָבּן ארויפגעבּראכט אי־דיש טעאַטער אויף דער בּינע. ווי דר. שאצקי שרייבּט, איז אין די יאָרן 1830—40 געווען א פּראָפעסיאָנעל אידיש טעאַטער אין גאליציע, מיט א זייער גוט אָרגאניזירטן רעקלאמע־סיסטעם, ווי בּיי די אמאָליקע איטאַל־יענישע און ענגלישע וואנדערטרופּן. אויך אין ווארשע האָט גאסטראָלירט א אידישע טרופּע. אָבער דאָס זיינען געווען דערשיינונגען, וועלכע זיינען פארשוואונדן זייער שנעל. אברהם גאָלדפאדן, וועלכער איז געווען בּאהא־ונט מיט טעאַטער בּיי די גויים, האָט געהאַט מער אינטעליגענץ און בּיל־דונג ווי די צופעליקע טעאטער־אונטערנעמער פאר אים. ווער ס׳האָט גע־לייענט וועגן אידישן טעאַטער וואָס איז געשפּילט געוואָרן פון אברהם

גאָלדפאדן אין רומעניע, ווייסט מיט וועלכן מסירת נפש און אין וועלכע אומשטענדן דאָס טעאַטער איז דאָרט געשפּילט געוואָרן. איך וועל מיך אָבער אין דער כראָנאָלאָגיע אָפּשטעלן אויף צופאָר מיט א צייט. איידער גאָלדפאדן האָט זיין טעאַטער עסטאַבליזירט אין רומעניע.

אין דער עפּאָכע אין וועלכער ס'איז גאָלדפאדענען אויסגעקומען צו לעבן — שרייבט דר. י. שאצקי — האָט טעאַטער געשפּילט ביי אידן א געוויסע ראָלע. אין אונגארן, למשל, האָבן ישיבה־בחורים אין דער השכלה פּארכאַפּטע, געשפּילט העברעאיש טעאַטער. און מערקווירדיק, דער באַרימטער משפּילישער רב, ר' אהרן קוניצער, וועלכער האָט געלעבט אין די יאָרן 44—1837, האָט מתיר געווען צו שפּילן טראגעדיעס, ווייל זיי דערציען און באַלערנען. און ער אליין האָט אָנגעשריבן א דראמע אויף העברעאיש. אין די משפּילישע קרייזן אין בעהמען, גאַליציע, דייטשלאַנד און אפילו אין רוסלאַנד האָט מען געשפּילט אָפט טעאַטער. פארשטייט זיך, ניט דורך געשולטע ארטיסטן, נאָר דורך ליבהאָבער אמאַטאָרן, און אין די העברעאישע מליצה־דראמעס פון יענער תקופה זעט מען ווי פיל פּעדאגאָגישע טענדענצן עס שטעקט אין זיי. אין יאָר 1854 האָט מען אין בערדיטשעוו געשפּילט א פּיעסע אויף אידיש, אָבער שוין גאָר מיט אַנדערע טענדענצן, מיט אַ טענדענץ פון חוזק און אויסלאכן פון די בעלי טאַקסעס. דאָס טעאַטער ווערט איינגעאָרדנט דורך די תלמידים פון דער זשיטאָמירער ראבינער־שולע און זיי אליין זיינען געווען די שפּילער. אין א פּאָר יאָר שפּעטער שפּילט שוין אברהם גאָלדפאדן טעאַטער אין דער זשיטאָמירער ראבינער־שולע. קיין זשיטאָמיר קומט צו פאָרן די פּרוי סטאַניסלאַווסקי, אַ טאָכטער פונם באַוואוסטן מאַטעמאַטיקער אברהם שטערן, מיטבּרענגענדיק מיט זיך א קאָפּיע פון דר. עטינגערס „סערקעלע” (זע „האַנט־בוך” 2־טע טייל, זייטן 250—251). דאָס איז געווען זיין ערשטער טעאַטער־דעבוט, וועלכער עס איז פאר אים געווען מער ווי פּאר זיינע שול - חברים. (גאָלדפאדן איז דעמאָלט געווען א שילער אין דער זשיטאָמירער ראבינער־שול).

אים פארלאָזט ניט אויף קיין רגע דער געדאנק צו שאפן א טעאַטער. צוליב דעם צוועק לערנט ער זיך טעאַטער ביי גויים. צו יענער צייט האָט גע'שמ'ט אין רוסלאַנד אן אוקראינישע טרופּע פון מארקא קראָפּאָווניצקי. אין 1871 האָט זי גאסטראָלירט אין אָדעס. דער ראָמאַנטישער רעפּער־

טואר איז זייער געפעלן געוואָרן גאָלדפאַדענען. קראָפּאָווניצקי וועלכער איז געווען אויסער טעאַטער־דירעקטאָר, אויך א דראַמאַטורג, קאָמפּאָזיטאָר און דעקאָראַטאָר, איז גאָלדפאַדענען געפעלן געוואָרן פאר זיין פאָלקס־טימלעכקייט, פּאַטעטישקייט און פאַנטאַסטישקייט, און אַממערסטן פאר זיין טיפן נאַציאָנאַלן תּוך פון זיין רעפּערטואַר, די בענקשאַפט זיינע נאָך די אַמאָליקע צייטן, נאָך די צייטן פון אוקראַינעס גלאַנץ און רום. און דאָס האָט ארויסגערופן ביי דעם יונגן גאָלדפאַדן א בענקשאַפט צו דער היסטאָרישער פארגאַנגענהייט פון זיין פאָלק, וועלכעס ער האָט אַזוי הארציק באַזונגען אין זיינע לידער.
נאָך אין אָדעס שרייבט ער א פּיקאַנטן, פיינעם דיאַלאָג אונטערן נאָמען: „צוויי שכנות" (אין יאָר 1869). נאָך א פּאָר יאָר לערעריי אין סימפעראָ־פּאָל, אין אָדעס, פאָרט גאָלדפאַדן שטודירן קיין דייטשלאַנד. ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיין א מאַרטירער צוליב בילדונג... אים ציט צו דער בינע. און ער וואַרפט זיך אריין מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין יונגער נשמה אויף צו דערגרייכן זי. אין בערלין שפּילט דעמאָלט דער ברעסלויער איד דוד קאַליש, מיט זיינע שפּיציקע, ראַפינירטע זיטן־קאָמעדיעס, וואָס זיינען געמישט מיט אַ היפּשער דאָזע פון סענטימענטאַליזם. אין ווין זעט ער דעם פאָלקסטימלעכן טעאַטער מיט וועלכן די ווינער האָבן מיט רעכט שטאָלצירט. גאָלדפאַדן באַוואונדערט די פּיעסן פון עדוארד פאָן בויערנ־פעלד אין וועלכע ער זעט די אידייע פון פאַרשריט און פּראָגרעס, צוזאַמען מיט דער ליבע צו דער פאַרגאַנגענהייט, צו די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, זיטן און מנהגים. דער איינפלוס פון בויערנפעלדס פּיעסן לאָזט זיך אַמ־בּולט׳סטן באַווייזן אין גאָלדפאַדנס שפּעטערדיקער טעאַטראַלישער טע־טיקייט.

די טערקיש־רוסישע מלחמה ברענגט אים קיין רומעניע, דאָרט וואו ס׳איז — ווי געזאָגט — מיט מסירת נפש פאַרווירקלעכט געוואָרן זיין חלום פון א אידיש טעאַטער. א פּובליקום האָט ער געהאַט, א אמת אידיש פּובליקום... דאָס פּובליקום איז באַשטאַנען פון רויע אויס־געוואַקסענע בעלי מלאכות, וואָס מען האָט זיי יונגערהייט אריבערגע־שטעלט איבער דער רוסישער גרענעץ קיין רומעניע. דער דאָזיקער עולם האָט געזוכט פאַרווילונג. קיין ישיבות זיינען ניט געווען, קיין שולן אויך ניט. מיט די מאָלדאַוואַנעס האָבן זיי זיך ניט געקאָנט צוזאַמענקומען,

זיי זיינען געווען פארגרעבטע אומוויסנדע נפשות, און געזוכט האָט מען צו פארברענגען די פרייע צייט אין אן אטמאָספערע פון פריילעכקייט, אין א סביבה פון היימישקייט. און דאָס האָבן זיי געהאַט אין די וויינקעלערס, וואו ארומוואנדערנדע אידישע לידער-זינגער פלעגן זינגען לירישע סענ־טימענטאַלע לידער, אָדער פערזאָניפיצירן א העלד, פאָרשטעלן א טיפּ, אן אלעמען באקאנטן, כדי דורך דעם פאסיקן זשעסט, גרים, מימיק ארויס־רופן אינטערעס פארן וואָרט. פון שנעל אימפּראָוויזירטע דיאלאָגן האָט זיך ביסלעכווייז אַנטוויקלט דער סקעלעט פון א מער קאָמפּליצירטער פּיעסע. און דאָס וואָס גאָלדפאדן האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט און אויך געלעזן, האָט ער שנעל אויסגענוצט פאר זיינע קאָנסטרואירטע דיא־לאָגן, בורלעסק-סצענעס. עס ווערט ביי אים אַ מאַטעריאל פאר א בינע־פראָדוקציע. און אזוי זיינען פון אים געשאַפן געוואָרן: „די רעקרוטן“, „די באבע מיטן איינקל“, „די אינטריגע“, א. ג. א. און אזוי האָט ער גע־שאפן איינאקטיקע שפּאסן, וואָדעווילן, אלץ מיט דעם געדאנק צו פאר־גרעסערן, צו פארפיינערן און פארטיפן די סצענישקייט, ווען נאָר די בא־דינגונגען וועלן זיך ענדערן. די אידייע פון א נאציאָנאַלער אָפּערעטע, פון א „שולמית“, אנטשטייט שוין צו יענער צייט. און גאָלדפאדן פארטראכט זיך: סיוזשעטן זיינען דאָ — אָבער וואו נעמט מען די אקטיאָרן? דער עולם איז נאָך קינדיש, אָן א בינע, אָן א פרוי, נאָר מיט אַנדערהאלבן לי־דער-זינגער. אין יענער צייט, ווען ער איז געקומען קיין יאסי — שרייבט גאָלדפאדן אין זיין אויטאָביאָגראפיע — האָב איך שוין געהאט גענוג געלעגנהייטן אָנצולעזן און אָנצוזען זיך מיט די בעסטע דראמען און אָפּע־רעס: פּוילישע, רוסישע, דייטשע. פאר אים — שרייבט ער — איז געווען א סך לייכטער איבערזעצן די אייראָפּעאישע דראמאטורגן, ווער שמועסט די „אידישע געשיכטע“ און די ביבל איז פאר אים געשטאַנען אָפן מיט פארשידענע סיוזשעטן, און ער וואָלט זיך ניט באדארפט בלאמירן מיט „שמענדריק“, אָדער „ני בע ני מע“ אז די וועלט זאָל מיינען אז איך קאָן קיין בעסערס ניט שרייבן. אין אמת׳ן בין איך געווען געצוואונגען, קעגן מיין ווילן און טראָץ מיינע קענטעניש, זיך אָפּגעבן מיט אזעלכע קינדערישע שפּילן...“

מיט יאָרן שפּעטער האָט ער די מיינונג אויסגעדריקט צו יעקב די־נעזאָן:

„שמענדריק" האָט זיין ווערט, ווייל ער ווייזט אונז, וואָס און ווי מען האָט באַדאַרפט שרייבן אין דער צייט ווען די אידישע בינע איז נאָך גע־לעגן אין די וויקעלעך. און די דאָזיקע פּיעסע איז געווען דאָס בריקל, וואָס האָט איבערגעפירט דאָס אידישע טעאַטער ביז אין דער שטופע ווי עס שטייט איצט — ווען איך פאַנג אָן פון „אוריאל אקאָסטא" וואָלט קיין אידיש טעאַטער זיך ניט געקאָנט אנטוויקלען און אנטשטיין. וואָס פאַר א פּנים וואָלט עס געהאַט, ווען בעדער־אינגלעך און גאַסן־מיידלעך וואָלטן באַדאַרפט ארויסרעדן דע סילוואַס פילאָזאָפישע רעדע, און די רויע שניי־דערלעך און שוסטערלעך וואָלטן באַדאַרפט אָנשטרענגען זייערע אויערן צו הערן דאָס, וואָס זיי קאָנען ניט פארשטיין". און אזוי איז צו פארשטיין גאָלדפאַדענען. ער האָט געוואָלט שאַפן אזא טעאַטער, ווי ביי די פרעמדע פעלקער, ער האָט אָבער פארזען דעם אונטערשיד פון פרעמדע ביז היי־מישע: ביי די פרעמדע איז פאַראַן א דיפערענצירטער עולם, וועלכער באַ־פרידיקט זיינע טעאַטער - באַדערפענישן לויט דער אייגענער מאָס פון געשמאַק און בילדונג. ביי די היימישע האָט דאָס אידישע טעאַטער גע־האַט נאָר איין טיפּ, דעם פאָלקס־מענטש, דעם ארבעטער, דעם קרעמער, דעם קליינבירגערלעכן עלעמענט. די אינטעליגענץ און די געלט־זעק האָבן אויסגעלאַכט דעם אידישן טעאַטער. און דער טיפּ אויסלאַכער, מיט פיל וויניקער אינטעליגענץ, געפינען זיך, צום באַדויערן, אויך איצט... ביי דער אינטעליגענץ איז אלץ איינס געווען, צי מען האָט געשפּילט „שמענ־דריק", „אוריאל אקאָסטא" אָדער „שולמית" — „די טעאַטער־געטין", די „מעלפּאָמענע" האָט פיינט „זשאַרגאָן"... — האָט א אידיש־רוסישער קריטיקער געשריבן, ווען גאָלדפאַדען האָט גאַסטראָלירט אין פּעטערבורג. גאָלדפאַדען האָט געליטן און דאָך עקשנות'דיק געאַרבעט בהדרגה פאַר דער אידישער בינע. ער האָט געבויט „דאָס בריקל". און מיט רעכט האָט זיך גאָלדפאַדען געהאַלטן פאַר דעם בויער פונם אידישן טעאַטער. און נאָך איצט, שוין זעקס און צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, געפינט זיך נאָך דער רעפּערטואַר זיינער אפילו ביי די קינסטלער־ארטיסטן, וועלכע נעמען ארויס פון דאָרט ניט נאָר אָפּערעטעס, נאָר אויך קאָמעדיעס, און שפּייזן מיט זיי דעם טעאַטער־עולם פון וועלכע ער באַלעקט זיך...

איינזאַם, פארלאָזן, איז גאָלדפאַדען געשטאָרבן אין ניו יאָרק דעם 9 טן יאַנואַר 1908.

## ה. תרס"ט — 1909. — דער טויט פון אברהם אורי קאָוונער.

אברהם אורי קאָוונער איז געווען אַן אראָפּגעפּאַלענער בלאַט פונם אידישן בוים. געבוירן אין אַן אָרעמער ווילנער פאַמיליע, פאַרבראַכט אין די ליטווישע ישיבות, געפינען זיך אונטער דער השפּעה פון זיין עלטערן ברודער דר. ישראל קאָוונער, א טיכטיקער העברעער, וועלכער באַהאַנדלט אויף העברעאיש פילאָזאָפישע פראַגן. ער בילדעט זיך און פארלאָזט זיין פרוי מיט קינדער און גיט זיך אָפּ מיט השכלה. ווי זיינע פאָרגענגער זוכט ער ארייננצוברענגען די „בּת השמים" אין די פינסטערע אידישע ווינקעלעך, ווי די משכילים פון יענער צייט פלעגן זיך אויסדריקן.

אין יאָר 1865 טרעט ער ארויס מיט זיין בוך „חקר דבר", און אין יאָר 1868, מיט זיין בוך „צרור פרחים", וואו ער קעמפט מיט דער מיסטיק אין אלע אירע פאָרמען. ער קעמפט אויך מיט שניידנדע סארקאסטישע אויסדריקן קעגן דער אומפּראקטישער ריכטונג וואָס הערשט אין דער אידישער דערציאונג. ער און זיין צייט-גענאָסע ליליענבלום (זע „האַנט-בוך" 2-טע טייל, זייטן 227—222) קעמפןביידע פאר דער השכלה; אָבער ווי פארשידן זיינען די וועגן אויף וועלכע זיי פירן אָן דעם קאמף! ליליענבלומס וועג פירט פון דער טראדיציאָנעלער ווילנע אין פרייען אָדעס, אין דער שטאָט אָן אן עבר און אָן טראדיציעס, אָבער א גרויסע אידישע מאסןשטאָט, וואו ס'זיינען אויסגעוואקסן די בילו'צעס און חבת ציון-באַוועגונג, די אידישע סאָציאַליסטישע און קולטורעלע אָרגאניזאציעס. קאָוונערס וועג פירט אָבער קיין פּעטערבורג, צו דער רוסישער פּרעסע און ליטעראטור, וואו פארן אידישן אינטעליגענט איז לייכטער זיך צו אסימילירן.

קאָוונער איז געווען אן ענגהארציקער אינדיווידואליסט, א טיפער קאָפּ, אָבער אן אייביקער גריבלער, וועלכער האָט זיך מיט אן עפּישער רואיקייט אונטערגעגראָבן אונטער די יסודות פון דער עקזיסטירנדער מאָראל אין דער געזעלשאַפט. און אברהם אורי קאָוונער האָט זיך אזוי לאנג גע'חכמה'ט, ביז ער האָט זיך באַנארישט און איז ארויסגעטרעטן פון אידישן לאַגער. דער שריט האָט אים אָבער ניט צופרידנגעשטעלט, ניט מאַטעריעל און ניט מאָראליש. „אויף דער עלטער — פרעגט ער אין איינע פון זיינע שריפטן — ווי אזוי לעב איך? די אידן האָבן שוין לאנג

פארגעסן אין מיר און די רוסן, שעצן מיך כלומרשט אין די אויגן און זיד־־לען מיך אונטער די אויגן אלס א „זשיד".

איך האָב קאָוונערן פארצייכנט אין מיין „האַנט־בוך" ווייל טראָין דעם וואָס ער איז געוואָרן א משומד. האָט ער טיף געפילט די טרויעריקע לאגע פונם רוסישן אידנטום צו יענער צייט. זיין הארץ האָט געווייטיקט צוזעענדיק די ליידן פון זיינע ברידער פון וועמען ער האָט זיך דערווייטערט, און די כלומרשטע אידנפריינטלעכקייט פון ליבעראלע רוסן, ווי דאָס איז געווען דער פאל מיט דעם דעמאָלט בארימטן רוסישן זשורנא־ליסט און קענער פון דער אידישער ליטעראַטור, ראזאנאָוו. אין יאָר 1901 האָט ראזאנאָוו פארעפנטלעכט אן ארטיקל אין „היסטאָריטשעסקי וועסט־ניק", אונטערן נאָמען „דאָס העברעאישע ליד". קאָוונער האָט אין דעם ארטיקל געזען און געפילט אַז דאָס רעדט א פשוטער שונא ישראל, און ער האָט אים אין א לאנגן בריוו געענטפערט אויף אלץ וואָס ער האָט געשריבן. קאָוונערס בריוו צו ראזאנאָוון איז א גלענצנדע פארטיי־דיקונג פון די אידן.

עס וואָלט פארנומען צופיל פלאַץ אין „האַנט־בוך" צו ברענגען קאָוו־נערס ענטפער אויף ראזאנאָווס ארטיקל. מיר ווילן נאָר אָנדייטן אויף דעם, אז פון קאָוונערס בריוו האָט ארויסגערעדט דער איד און דער מענטש, וועלכער ליידט פאר די ליידן און פארפאָלגונגען וואָס ווערן געמאכט אויף די אידן אין רוסלאנד, און נישט דער משומד. וועגן זיין שמד דריקט זיך קאָוונער אוים מיט פאָלגנדע ווערטער:

„איך האָב געקענט ווערן אזא נאר... ווייל איך האָב איבערגעלעבט די 60 יאָרן, ווען די רוסישע יוגנט האָט זיך גע'חבר'ט מיט אידן, ווען די רוסישע פרעסע איז געשטאַנען שטאָל און אייזן פאר די רעכט פון אידן, ווען די רוסישע שולן האָבן זיך מיט ליבע געעפנט פאַר אידן, ווען די רו־סישע קולטור האָט מיט א גרויסן שטראָם ארומגעכאַפּט אויך די אידישע יוגנט. נאָר עס איז א פראגע צי וואָלט איך ווערן „א י י ע ר ע ר" אין פלייש און בלוט אין איצטיקער צייט פון רדיפות אויף אידן." (פארשטייען עס די היינטיקע משומדים אין דייטשלאַנד, דאָס וואָס קאָוונער האָט פאר־שטאַנען? מ. ר.) כאָטש קאָוונערס ווערטער צו ראזאנאָוון האָבן אפילו קיין גרויסע ווירקונג נים געהאט, איז אָבער די כונה זיינע געווען צו קאָ־נען מיט זיינע ווערטער נוצן ברענגען דעם אידישן פאָלק און אזוי ווערן

אויף קאָוונערן מקוים די ווערטער פון אונזערע חכמים: „ישראל אע״פי שחטא ישראל הוא״... און דערפאר פארדינט ער דערמאנט צו ווערן צום גוטן.

**ה. תר״ע** — 1910. — דער טויט פון אלחנן ליב לעווינסקי און שאול פנחס ראבינאָוויטש.

ווייסן מיר אלע ווער זיינען געווען די משכילים און וואָס זיי האָבן אין זייער לעבן געשאפן? ווייסן מיר אלע דעם לעבעדיקן און שארפן הו־מאָר מיט וועלכן דער ערשטער איז געווען באגאבט? און דער קאַלאָסאַ־לער בנין, וועלכן ער האָט איבערגעבויט — פונם דייטש־אידישן ארכי־טעקטאָר, — פונם דייטשן סטיל אויפן העברעאישן?

צום באדויערן מוז געזאָגט ווערן, אז נישט נאָר איז זייער שאפונג נישט אלעמען באקאנט, נאָר אפילו זייערע נעמען זיינען פאר פילע אומ־באוואוסט. און דאָס איז דאָך אן אלטע שטראָף מיט וועלכע מיר זיינען געשטראָפט, נישט צו וויסן פון א סך פון אונזערע גדולים. און וואָס מער פראָגרעסיווער און ציוויליזירטער מיר ווערן, אלץ קלענער איז דער אינ־טערעס צו וויסן, צו קענען און צו פארשטיין אונזערע גדולים.

אלחנן ליב לעווינסקי און שאול פנחס ראבינאָוויטש, ביידע משכילים, מיט אויסערגעוויינלעכע טאלאנטן, ביידע זייערע יונגע יאָרן פאר־בראכט אין בית המדרש און ישיבות און פון דאָרט אונז געבראכט זייערע אוצרות: לעווינסקי — זיין בריליאנטענעם הומאָר און ראבינאָוויטש — זיין קאָלאָסאלן היסטאָרישן בנין. און מיר האָבן ניט דאָס רעכט צו רע־כענען די היסטאָריע וועלכע ער האָט איבערזעצט פון גרעצן (זע „האַנט־בוך״ 2־טע טייל, זייטן 114—117) פאר בלויז אן איבערזעצונג. זיינע אומ־צייליקע באמערקונגען אויף ניט פינקטלעכע היסטאָרישע דאטן, זיין בקיאות און חריפות אָנצודייטן פיל שטעלן אין אונזער תלמודישער לי־טעראטור איז אָן און פאר זיך א קאָלאָסאלער בנין.

לעווינסקים הומאָר צייכנט זיך אוים מיט זיין שארפזיניקייט. לע־ווינסקי איז געווען א פסיכאָלאָג, געשילדערט כאראקטעריסטישער ווייזע פארשידענע טיפן און מיט א פיין געשליפענעם שארפן הומאָר אָנגעטאפט און אָנגעוויזן די שארפע זייטן ביי יעדן איינעם. ווען פון די העברע־אישע שרייבער און לייענער זיינען ניט באקאנט זיינע הומאָריסטישע פעליעטאָנען אונטער דעם פסעוודאָנים „ר׳ קרוב״, וועמען פון די זעלבע

איז ניט באַקאַנט זיין „חזון הרוחות", זיין סאַטירע, ווען אויך זי איז גע־
ווען א „נוקבת ויורדת עד חדרי נפש", זיך דורכגעשלאָגן ביז אין די טי־
פע טיפענישן און געשניטן, איז עס אָבער געווען א שניידן פון א כירורג,
א ספּעציאַליסט, מיט א דעזינפעקטירטן שנייד־אינסטרומענט.

לייענענדיק זיינע „מחשבות ומעשים" ווערט דאָס האַרץ אָנגעפילט
מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד צו אים, וועלכער האָט אויף אזא מיים־
טערהאַפטן אופן ארויסגעזאָגט אזוי שאַרף, און דאָך מיט אזא צערטלעכ־
קייט, פילע, פילע אמתן, וואָס אנדערע האָבן געוואָלט פאַרדעקן.

לעווינסקיס שפּראַך, ווען אויך מער ביבליש ווי מאָדערן, האָט דאָך
מיט איר פאָרם און סטיל באַגייסטערט דעם לייענער און דעריבער האָט
ער אין זיין צייט פאַרנומען א וויכטיקן פּלאַץ אין דער ליטעראַטור אפילו
צווישן די מאָדערנע שרייבער, וועלכע האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו באַ־
ווייזן. אין לעווינסקיס הומאָריסטישן און סאַטירישן טאַלאַנט האָבן אלע
אָנערקענט, אז ער שטייגט איבער אָן אָן ערך אנדערע אנערקענטע שריי־
בער. זיין הומאָר און סאַטירע זיינען נאָך היינט צו טאָג ניט קיין אויסגע־
וועפּטע... זיי לייענען זיך נאָך היינט מיט פאַרגעניגן און אויף די אָנ־
דייטונגען אויף געוויסע כּלל־טוער, וועלכע שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע
„וועטער־לוחות", קענען זיך נאָך אזעלכע היינט אויך אָפּשפּיגלען...

דער צווייטער, ראַבינאָוויטש, איז געווען דער באַדייטנדסטער היס־
טאָרישער און ביאָגראַפישער שרייבער. שאול פנחס ראַבינאָוויטש (שפ"ר)
האָט זיך פאַראייביקט, ווי לעווינסקי מיט זיין שאַרפזיניקן הומאָר,
אזוי ער מיט זיין איבערזעצונג פון גרעצ'ס היסטאָריע. איך האָב פריער
באַמערקט, אז מיר קענען אים ניט רעכענען פאַר בלויז אן איבערזעצער,
צוליב זיינע פילע „הערות", וועלכע האָבן אן אומגעהייערע באַדייטונג,
קאָן מען נאָך אָנדייטן זיין ווערט, גראַדע מיט דער איבערזעצונג. מיט
גרעצ'ס היסטאָריע אין אָריגינאַל האָבן זיך באַנוצט נאָר געבילדעטע און
פרעמדשפּראַכיקע קענערס, דעם אידישן משכּיל אָבער, וועלכער האָט
זיין „השכּלה" פון דעם העבּרעאישן קוואַל גענומען, איז די איבערזעצונג
געווען דער גרעסטער אוצר־קוואַל, פון וועלכן ער האָט געשעפּט און זיין
דורשט געשטילט.

שאול פנחס ראַבינאָוויטש איז געווען — ווי געזאָגט — א משכּיל
פונם אלטן שניט; געלערנט אין אלטן חדר; זיך געוואַלגערט אין די

ישיבות און באקומען ניט קיין סיסטעמאטישע בילדונג, דערפאר איז ער געווען א א י ד י ש ע ר משכיל... גוט באקאנט געווען אין דער תלמודישער ליטעראטור, און א דאנק דעם איז ער געווען מער פעאיק צו באגרייפן פארשידענע עפאכן אין דער אידישער געשיכטע ווי גרעץ אליין, און דאס איז צו זען — ווי איך האב שוין אנגעוויזן — אין פארשידענע אנדייטונגען און דערקלערונגען אין זיין איבערזעצונג. א דאנק אים האבן מיר שוין די היסטאריע אויך אין אידיש.

חוץ דעם דאזיקן וויכטיקן בייטראג צו דער אידישער קולטור, ווי דאס איז די איבערזעצונג פון גרעצ׳ס היסטאריע, האט נאך ש. פ. ראבי־נאוויטש אנדערע פארדינסטן פאר זיינע קאלאסאלע ווערק „כנסת ישראל״. סיי דער „דברי ימי ישראל״ און זיינע דריי בענדער „כנסת ישראל״ וועלן קיינמאל זייער ווערט ניט פארלירן און דערפאר איז כדאי אז זיין נא־מען זאל דא פארצייכנט ווערן.

**ה. תרע״א — 1911.** — דער בלוט בלבול אין קיעוו, ביילים ווערט באשולדיקט; דער פראצעס איבער אים; די שווארצע מאהניקעס ווענדן אן אלע זייערע פינסטערע טייוולישע קרעפטן אים צו פארמשפטן. — ביילים ווערט באפרייט.

איך געפין פאר נויטיק דא צו פארצייכענען דעם פראצעס, וועלכער האט אין זיין צייט אויפגערודערט דאס וועלט־אידנטום. זאלן די לייענער פון דער כראנאלאגיע, וועמען דער פראצעס איז ניט באוואוסט, אדער ווייניק באקאנט, זיך דערוויסן פון די נידערטרעכטיקע מעשים פון מענטשן, וואס האבן געלעבט ניט מער ווי צופאר מיט דריי און צוואנציק יאר און וועלכע קענען פארגלייכט ווערן מיט אזעלכע פון צופאר מיט מערערע הונדערטער יארן.

אין עק שטאט קיעוו, אין דעם מיט גראז באדעקטן הויף וואס האט געהערט צו בערגערן, אין איינער פון די היילן וואס געפינט זיך דארט, האט מען אנטדעקט א טויטן קערפער פון א אינגל. אויפן קערפער האט מען נאר געפונען דאס העמד, גאטקעס און איין זאק; ביי די פיס פון דעם דערמארדעטן האט מען געפונען צונויפגעלייגט א לעדערנעם גארטל, אין דער וואנט פון דער הייל — פינף צונויפגעדריקטע העפטן אויף וועל־כע ס׳זיינען געווען אויפשריפטן: „שילער פון פארבארייטונגס־קלאס אנ־

דריי יושטשינסקי". אויפן קאָפּ און קערפּערן האָט מען געפונען וואונדן, נאָר קיין צייכנס פון בלוט האָט מען ניט געפונען.

אינגיכן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן ווער דער טויטער איז. דאָס איז געווען דער 13 יאָריקער אנדריי יושטשינסקי, דער אומגעזעצלעכער זון פון אלעקסאנדרא פּריכאדקאָ, א שילער פון דער קיעווער סאָפיער גייסט־לעכער שולע. אויף דער הויט פון די הענט, אין די ערטער וואו זיי זיינען געווען צונויפגעבונדן מיט א שטריק, האָט די מעדיצינישע אויספאָרשונג געפונען וואונדן, מיט אויסגעלעכערטע בלוט־אויסגאָסן אונטער דער הויט. אזא בלוט־אויסצאַפּעניש האָט מען אויך אויסגעפונען צווישן די ברעמען און די אויגן. אויך אויפן קאָפּ האָט מען אנטדעקט זיבן וואונדן. די וואונדן אויפן קערפּער זיינען געווען אין פאָרם פון שטעכן, א טייל אין פאָרם פון לעכער. די לאַגע פון יושטשינסקיס קערפּער, ווי אויך דאָס וואָס מען האָט געפונען אויף די גאַטקעס ליים און טרוקענע בלעטער, האָבן די עקספּערטן דערקלערט אז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אויף אן אנדער אָרט, און דערנאָך, ווען דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן, אים אריינגעשלעפּט אין דער הייל. און זיי, די עקספּערטן, די פּראָפעסאָרן פון קיעווער אוני־ווערזיטעט, זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג אז די וואונדן זיינען געמאַכט געוואָרן מיט דעם צוועק צו באקומען מער בלוט צוליב געוויסע צילן... צום ערשטן האָט די פּאָליציי געאַרבעט אין דער ריכטונג פון דעם עדות באַרשטשעווסקיס ארויסגעזאָגטן חשד, אז די עלטערן זיינע אליין האָבן אים דערמאָרדעט. און דער חשד האָט געהאַט א גרונט. די רוסישע יוסטיץ האָט אָבער געזוכט אן אנדער קרבן, און זעלבסטפאַרשטענדלעך א אידישן קרבן, און דער גורל איז געפאַלן אויף מענדיל ביילים, ניט אין אכט נעמענדיק די באַווייזן פונם באַאמטן פון דער געהיים־פּאָליציי מיש־טשוק, אז די אמת'ע שולדיקע איז טשעבעריאַק עט קאָמפּאַניע. ער איז דערפאַר באַזייטיקט געוואָרן פון זיין אמט. און דאָ איז ארויפגעשוואומען דער „עלילת דם" ניט נאָר אויף מענדיל ביילים אליין, נאָר אויפן כלל ישראל, וועלכער האָט אויסדערוויילט זיין שליח מזכה זיין מיט דער מצוה צוצושטעלן בלוט צו די מצות...

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א פּלפּולדיקער וכוח צו וועלכן עס זיינען ארויסגערופן געוואָרן קריסטלעכע טעאָלאָגן און סתם עם־הארצ'ישע גייסט־לעכע. און ניט קענענדיק זיך ווידערשטעלן דעם פאַרלאַנג פון די אידישע

און אידנפריינטלעכע אדוואָקאַטן ווי גרוזענבערג, קאַראַבטשעווסקי און אַנדערע, האָט מען אויך ארויסגערופן דעם אידישן געלערנטן, דעם רב מאַזאַה, דער מאָסקווער קרייז־ראַבינער, ווען ס'איז אויסגעקומען צו האָבן א וכוח אין הלכות „דת" מיטן גראַפיונגישן גלח פּאַרנייטאַס. די שוואַרצע קליקע האָט ניט געשוויגן, און ניט נאָר בּיילים אליין האָבן זיי געוואָלט מאַכן פאַר א קרבן, נאָר אויך דאָס גאַנצע אידישע פאָלק.

ווי דער שטייגער איז אין אַלע יאָרן, האָט מען ניט געזוכט דעם „חטאת יחיד", נאָר דעם „חטאת הצבור". די נעגל פון דער רוסישער יוסטיץ האָבן זיך גאַנץ טיף אריינגעשטעקט אין מענדיל בּיילים'ס קערפּער אים צו פאַרגיפטן און פון אים וועלן זיך במילא אָנשטעקן כל ישראל... עס איז זיי אָבער דאָס מאָל ניט געלונגען; סוף כל סוף איז דער שקר א צו שרייענדיקער געווען און די אַדוואָקאַטן האָבן בשום אופן ניט דערלאָזט אויף אים צו קלעטערן... און נאָך פיל ליידן איז מענדיל בּיילים באפרייט געוואָרן...

## ה. תרע"ו — 1916. — דער טויט פון שמעון שמואל פרוג.

דער דיכטער פרוג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1861 אין דער קאָלאָניע באָבראָווי־קוט, כערסאָנער גובערניע, ביי זיין פאָטער משה צבי, אן ערד־ארבעטער. ווי אַלע קינדער צו יענער צייט, האָט ער זיינע קינדערשע יאָרן פאַרבראַכט אין חדר. די נביאים ישעיה און יחזקאל מיט זייער פּאָעטישער שפּראַך, האָבן געהאַט אַ אומגעהייערן איינפלוס אויף זיין פּאָעטישער נשמה און דיכטערישן גייסט, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן אין אים פון קינדוויז אָן. אין יאָר 1869 איז ער אָנגעקומען אין דער דאָרפישער עלעמענטאַרער שולע, אין וועלכער מען האָט די קאָלאָניסטישע אידישע קינדער געלערנט שרייבן און לייענען. ארויסקומענדיק פון דער שולע האָט ער זיך מיט גרויס פלייס גענומען צו פאַרפאָלקאָמען זיך אין דער רוסישער שפּראַך און דערמיט זיך ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט אויך געלערנט אייניקע אייראָפּעאישע שפּראַכן און אויך ניט פאַרלאָזט די העבּרעאישע. פרוג האָט זיך אָנגעשטויסן מיטן שווערן לעבן פנים אל פנים, און נאָך כמעט אַלס קינד האָט ער געזוכט פרנסה פאַר זיינע עלטערן, כדי לייכטער צו מאַכן דעם שווערן עול וואָס איז אויף זיי

געלעגן צו פארזאָרגן די גרויסע פאמיליע, און ער איז געוואָרן א שרייבער אין דער אדמיניסטראציע פון די קאָלאָניעס. אלט ווערנדיק 16 יאָר איז ער אָפּגעפאָרן קיין כערסאָן און דאָרט אויפגענומען געוואָרן פונם קרייז-ראבינער צו פירן די מעטריקע-ביכער. באקאנט ווערנדיק מיט א באאמטן פון דער גובערנער-ביורא, האָט יענער אין אים אָנערקענט זיין דיכטערישן טאַלאַנט, און אזוי ווי דער זעלבער איז געווען א פּאָעט און א דיכטער, האָט ער אים געלערנט די דיכטער-קונסט. זיין ערשט געדיכט איז גע-דרוקט געוואָרן אין יאָר 1880, אינם „ראזסוויעט". דער פּאָעטישער און דיכטערישער טאַלאַנט האָט זיך בליץ-שנעל אין אים אַנטוויקלט, און נאָך איידער ס'זיינען פאָרגעקומען די פּאָגראָמען, איידער ס'האָט זיך געלאָזט הערן די ערשטע שרעקלעכע דונערן אין קישינעוו און אין די אנדערע רוסישע גובערניעס, האָט זיך שוין געלאָזט הערן דאָס דיכטערישע גע-וויין פונם דיכטער פרוג. פרוג האָט ניט ראָמאנסירט אין זיינע לידער. אין פרוגס לידער לאָזט זיך ניט מערקן זיינע אינדיווידועלע ליידן און פריידן. זיינע לידער זיינען געווידמעט דעם אידישן פאָלק. אין זיינע לידער הערן מיר דעם קלאנג פונם „כנור של דוד" אויף וועלכן דער צפון-ווינט האָט געבלאָזן, און קלאָג-לידער האָבן זיך געלאָזט הערן, און דער זיפץ פונם אידישן פאָלק. פרוג האָט גענומען די „כתבי הקודש" אלס טעמע צו זיינע לידער. די נביאים פון פרוג זיינען פאר אים די גייסטיקע מענער, וועלכע גלויבן אין כח פון זייערע ווערטער אָן דעם מינדסטן צווייפל. ירמיהו הנביא איז ביי פרוגן ניט דער „איש ריב, ואיש מדון לכל הארץ". נאָר דער איבערצייגטער גלויביקער אין אלץ, וואָס איז פון אים ארויסגעזאָגט גע-וואָרן. דאָס זעלבע אויך דער נביא ישעיהו גלויבט אין זיין נביאה אויפן אחרות הימים. פרוג איז אויסער א דיכטער אויך אַ קינסטלער-לעגענ-דאריער. ער דערציילט אידישע לעגענדעס מיטן גרעסטן חן, ער איז אויך א סימפּאטישער הומאָריסט. ווער פון אונז האָט ניט געלייענט זיין הומאָר: „מיט וואָס איך האַנדל". אָדער די מעשה פון דער „סופה מיטן חזיר", וויפיל גאליקער הומאָר עס איז צו מערקן אין זיי...

פרוג איז געווען דער קינסטלער משורר אין זיינע צייטן, מיט וועמעס שירים סיי אין רוסישן אָריגינאל און סיי אין איבערזעצונג, עס האָבן זיך געקוויקט אלע משכילים.

**ה. תרע״ו — 1916. — דער טויט פון שלום ראבינאָוויטש (שלום עליכם).**

שלום עליכם, דער אזוי געליבטער און אומפארגעסענער, איז געבוירן געוואָרן אין פערעיאסלאוו, פּאָלטאַווער גובערניע אין יאָר 1859. זיין פאָטער, נחום ראבינאָוויטש, א טיפּ פון א קליין שטעטלדיקן משכּיל, האָט זיך געדעכנט אין שטעטל וואראנקאוו, אין וועלכן ער האָט זיך באזעצט — פארן גרעסטן גביר. געהאַט פיל געשעפטן, נאָר פון די געשעפטן האָט ער געהאַט מנחם מענדלדיקע פרנסות... די אמת׳ע פרנסה האָט געגעבן שלום עליכמ׳ס מוטער, חיה אסתר — א אידענע אן אשת-חיל — פון דער שניט-קראָם. קינדערלעך זיינען קיין עין הרע געווען ביי נחומען אריבער א טוץ. דאָס דריטע קינד איז געווען שלומקע, אויף וועלכן דער פאָטער פלעגט זאָגן: „מיין שלומקע איז א „שלישי לבטן” און ווי אזעלכער, א געראָטענער. שוין אלס קינד האָט זיך אין אים דערקענט דאָס שלום-עליכמ׳דיקע... ער האָט געהאַט אין זיך איינפאלן, וועלכע פלעגן ארויסרופן דאָס גרעסטע געלעכטער און מען פלעגט אים רופן מיטן נאָמען „א פארשלעפטע קרענק”.

ווען שלומ׳קע איז נאָך געווען א קינד, איז זיין פאָטער פאראָרעמט געוואָרן. פונם גאנצן גביר׳שאפט האָט זיך אויסגעלאָזט א טייך און ער איז געווען געצוואונגען אריבערפאָרן צוריק קיין פערעיאסלעוו. שלומקע האָט דעמאָלט געהאַט דורכגעמאַכט די ערשטע בילדונג ביי די וואַראָנאָווקער דרדקי-מלמדים... און אין פערעיאסלעוו אָנגעהויבן לערנען גמרא. ער איז געבליבן א יתום פון זיין מוטער גלייך נאָך זיין בר-מצוה. די מוטער איז געשטאָרבן אין א כאָליערע-עפּידעמיע. א קורצע צייט האָט ער פארבראכט צוזאמען מיט די קלענערע ברידער און שוועסטער אין באָהוסלאוו, ביי זיין זיידן פון דער מוטערס צד, משה יוסף זעלדין, א חבד-ניק און א צוטראָגענער מקובל, וועלכער האָט געהאַט א השפעה אויף זיין אייניקל אין זיינע קינדער-יאָרן. אין יאָר תרל״ג — 1873, קומט ער צוריק פון זיין זיידן קיין פערעיאסלעוו, טרעט אריין אין דער דאָרטיקער קרייז-שול און צייכנט זיך אויס אויף אזוי פיל, אז ער באקומט א געלט-סטיפּענדיע אלס איינער פון די בעסטע תלמידים.

זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט, נאָך אלס קינד, איז געווען „דער אידישער ראָבינזאָן קרוזאָע”. דער פאָטער, וועלכער האָט דאָס צווייטע מאָל חתונה געהאַט, האָט אָנגעטראָפן אויף א פרוי א מרשעת, וועלכע איז

שלומ׳קען דערגאנגען די יאָרן, און זיין פאָטער האָט אים ארויסגענומען פון איר רשות. שלומ׳קע האָט זיין גאנצע סימפּאטיע און קינדערשע ליבע אריבערגעטראָגן אויף זיין ליבן הארציקן פאָטער. פון 17 ביז 24 יאָר האָט ער א סך געשריבן און א סך געלייענט. נאָכן ענדיקן מיט אן אויסצייכענונג די שול אין יאָר 1876, האָט ער א קורצע צייט זיך באשעפטיקט מיט געבן לעקציעס אויף רוסיש, צוערשט אין זיין געבוירנשטאָט און שפּעטער אין דער נאָנטער שטאָט רזשישטשעוו. און פון שלומ׳קען ווערט דער אונז באליבטער „שלום עליכם״, וועגן וועלכן ס׳איז אָנגעשריבן געוואָרן א רייכע ליטעראטור. מיר קאָנען שלום עליכם, דעם הומאָריסט, שלום עליכם, דעם גרויסן לאכער, וואָס נעמט שטיקער נויט און אנגסט, ווי און עלנט, און טובלט זיי אָפּ אין דער שפּריציקער כוואליע פון געלעכטער... און אָט דאָס געלעכטער האָט אָוועקגעטאָנצט; עס איז אריינגעפאלן אינם אידישן הויז, אין אלע קרייזן פון אידישן פאָלק, אפילו אין יענע קרייזן, וואָס זיינען ווייט פון אידישן בוך...

שלום עליכם האָט געמאָכט לאכן א גאנץ פאָלק! ער האָט געלאכט פון זיין אייגענעם גורל, פון זיינע אייגענע ליידן, פון די אייגענע אנגסטן און שמערצן.

מיר האָבן אָבער פארגעסן אינם צווייטן שלום עליכם, אין דעם שטילן, לירישן און צארטן שלום עליכם, וועלכער האָט זיך פאר אונז באוויזן פון צייט צו צייט, מיט א האלבן פּראָפיל.

דאָס איז דער שלום עליכם פון „שיר השירים״, פון „סטעמפּעניו״, פון די קינדער־דערציילונגען. ער איז אָבער אויך פאראן אין אלע אנדערע פון זיינע ווערק. דער שלום עליכם ליגט באהאלטן אונטער דער כוואליע פון געלעכטער, מען דארף אים נאָר קענען אויסגעפינען.

נישט דאָ, אין א „האנט־בוך״, איז דער פּלאץ אָפּצושטעלן זיך לענגער אין א ליטעראַרישער אָפּהאנדלונג איבער שלום עליכמ׳ען, וועגן אים, ווי געזאָגט, איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן א רייכע ליטעראטור. מיר ווילן אָבער פארצייכענען, אז שלום עליכם איז דער ערשטער אידישער הומאָריסט מיט וועלכן מיר האָבן דאָס רעכט צו שטאָלצירן. חוץ דעם דארפן מיר אים אויך דאנקבאר זיין, ווייל ער האָט אויסגעלערנט דאָס אידישע פאָלק צו לאכן און אריינברענגען פרייד אין דעם טרויער וואָס האָט ארומגענומען און נעמט נאָך ארום דאָס אידישע לעבן.

אידישע קינדער, די וואָס לייענען אידיש, דארפן אין אים נישט פאַר־געסן, ווייל ער האָט זיי אויך נישט פארגעסן; זיינע קינדער־דערציי־לונגען זיינען מייסטער־ווערק מיט וועלכע סיי יונג, און סיי אלט האָבן זיך געפרייט.

ה. תרע"ז — 1917. — די דערקלערונג פון דער דעלעגאציע פון אידישן סאָציאַליסטישן ארבעטער־פארבאנד (פועלי ציון) צום האָלענדיש־סקאנדינאווישן סאָציאַליסטישן קאָמיטעט.

אין יאָר 1917 איז פאָרגעקומען אין שטאָקהאָלם א געמיינזאמע פאַר־זאמלונג פון דעם רוסישן ארבעטער־ראַט מיט דעם האָלענדיש־סקאנדינאַ־ווישן, אויף צו באראטן זיך וועגן דער שלום־אקציע. צווישן די אלע פונקטן וואָס זיינען געשטאנען אויפן טאָג אָרדענונג, איז אויך געשטאַנען די פאלעסטינע־פראגע.

עס איז וויכטיק צו באקענען די לייענער פון „האַנט־בוך" מיט די פאָ־דערונגען און דערקלערונג וואָס די פועלי־ציוניסטישע דעלעגאציע האָט צוגעשטעלט צום קאָמיטעט. א מיטגליד פון דער דערמאַנטער דעלעגאציע האָט אין א גלענצנדער רעדע באגרינדעט די פאָדערונגען און אויך גע־שילדערט די אידישע לאגע אין אייראָפּע.

צווישן אנדערס האָט דער דעלעגאַט דערקלערט:

„די רעוואָלוציאָנערע איבערבויאונג פון די יסודות פון דער אי־דישער פאָלקס־עקזיסטענץ דורך דער גרינדונג פון א נאַציאָנאַלער היים אין פאלעסטינע, קאָן געשען בלויז דורך דער זעלבסט־הילף פונם אידישן פאָלק; אָבער פון די אנדערע פעלקער, און נעמלעך, פונם אינטערנאציאָנאַלן פראָלעטאַריאַט, זיינען מיר בארעכטיקט צו פאַר־לאנגען די באזייטיקונג פון יענע קינסטלעכע מניעות, פונם אידישן פאָלקס־לעבן אין פאלעסטינע און וועלכע דראָען אים צו פאַראליזירן. די שטערונג פון דער אידישער קאָלאָניזאציאָנס־ארבעט איז א ווי־דערשפרוך צו די דעמאָקראטישע פרינציפּן פון פרייער באוועגונג פאר ארבעט זוכנדע מאסן און פון דעם נאציאָנאַלן זעלבסט־באשטי־מונגס־רעכט.

„די שטרעבונג פון אידישן פאָלק צו א נאציאָנאַלער קאָנצענ־טראציע אין פאלעסטינע שטייט אין א פולשטענדיקער האַרמאָניע מיט די קאָלאָניזאטאָרישע אויפגאבן פון דער מענטשהייט, אז דאָס

אידישע פאָלק, וואָס הונגערט נאָך לאנד זאָל האָבן פאר זיך פריי דאָס שיטער באפעלקערטע לאנד, וואָס ליגט גרעסטנטיילס אומבאַ־ארבעט, און וועלכעס איז פעאיק, ביי דער אָנווענדונג פון מאָ־דערנע פראָדוקציאָנס־מעטאָדן, אויפצונעמען מיליאָנען נייע קאָלאָ־ניסטן — וואָלט זיין נישט בלויז א לעבנס איבערקערעניש פארן פאָלק גופא, נאָר אויך א גרויס געווינס פאר דער באפעלקערונג פון לאנד און פאר דעם פראָגרעס פון דער וועלט.

„עס איז קלאָר, אז די דאָזיקע קאָלאָניזאציאָנס־ארבעט האָט ניט די מינדעסטע שייכות מיט קאָלאָניאַלער דעראָבערונגס - עקספאנ־סיאָנס־ און עקספּלואטאציאָנס - פּאָליטיק. דאָס אידישע פאָלק, וואָס פארמאָגט נישט קיין שום מלוכה׳שע מאכט - מיטלען, זוכט ניט קיין שום אָפּזאץ־מערק און רוי־שטאָף־מאָנאָפּאָלן פאר דער סחורות־דוקציע פון א „מעטראָפּאָליע”, קאָן ניט קלערן וועגן טרייבן אין פּאלעסטינע קאָלאָניאל - פּאָליטיק און דריקן די אָרטיקע באפעל־קערונג. דאָס אידישע פאָלק שטרעבט צו דער שאפונג פון א געזוי־כערטן ארבעטס - פלאץ פאר זיינע וואנדערנדע, פון וואָרצל אָפּגע־ריסענע מאסן. עס וויל הויבן די פראָדוקטיווע קרעפטן פון לאנד אין א פרידלעכער צוזאמענארבעט מיט דער אראבישער באפעלקערונג. די אידישע קאָלאָניזאציע איז דאָך שוין געוואָרן א באדייטונגס־פו־לער פאקטאָר פון דער ווירטשאפטלעכער אנטוויקלונג פון פּאלעס־טינע. די אידישע איינוואנדערונג ברענגט מיט זיך די פראָגרעסיווע ארבעטס־מעטאָדן, די העכערע לעבנס־פירונג און די העכערע לוין־פאָדערונגען. זי קען דערום בלויז העלפן דער אראבישער באפעלקע־רונג זיך ארויפצוכאַפּן העכער פון איר פרימיטיווער קולטור און ווירטשאפטס־מדרגה.

„אַזוי ארום שטייט די נייע קאָלאָניזירונג פון פּאלעסטינע דורך אידן אין צוזאמענהאַנג מיט די גרויסע קאָלאָניזאטאָרישע אינטע־רעסן פון דער מענטשהייט, וועלכע האָט א גרויסן אינטערעס אין איינוואָרצלען דאָס איינציקע היימלאָזע פאָלק אויף דער ערד, אין זיין לאנד דערפאר, וואָס די וועלט קאָן ניט קומען צו רו, ווי לאנג עס איז פאראן איין פאָלק, וואָס וואַרט אומזיסט אויף דערלייזונג, ווי לאנג דעם אידישן פאָלק, וועלכעס איז אזוי ענג פארקניפּט מיטן גורל

פון אלע פעלקער, פעלן די נאָרמאַלע באַדינגונגען צו דער אנטוויק־
לונג פון זיין נאציאָנאַלער פערזענלעכקייט.

„דאָס אידישע פאָלק, איינע קעגן די אנדערע... אין טראגישן קאמף אויף אלע פראָנטן, און וואָס הינטער די פראָנטן האָט עס שרעקלעך געליטן פון אומפארמיידלעכע און פארמיידלעכע קריגס־גרוילן — האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, אז דער קומענדער שלום זאָל ברענגען אויך אים די זיכערונג פון זיין עקזיסטענץ און פון זיין פרייער אנטוויקלונג."

איך וועל דאָ פארצייכענען די פאָדערונגען וואָס זיינען נוגע דעם אידישן פאָלק, וואָס די פועלי ציוניסטישע דעלעגאציע האָט צוגעשטעלט:

1) פולע בירגערלעכע גלייכבארעכטיקונג פאר די אידן אין אלע לענדער. גלייכע באהאנדלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין די געגנטן, וואָס האָבן געליטן פון קריג, אין דער צייט ווען די געגנטן וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן.

2) פרייהייט פון איינוואנדערן און באזעצן זיך פון אידן אין אלע לענדער.

3) נאציאָנאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג (אויפן גרונט פון פערזאָנאלן פרינציפּ) און נאַציאָנאַלע גלייכבארעכטיקונג אין דער מלוכה, פראָווינץ און געמיינדע פאר די אידן אין אלע לענדער, וואו זיי וואוינען אין די מאסן.

4) באוואָרענען די אומגעשטערטע קאָלאָניזאטאָרישע טעטיקייט פון די אידן וועלכע האָט דאָס ציל צו שאפן א אידישע היים אין פּאַ־לעסטינע. דערצו איז נויטיק:

א) באזייטיקן אלץ וואָס באגרענעצט די פרייהייט פון דער איינוואנדערונג און קאָלאָניזאציע פון אידן, ברייט פארלייכטערן די נאַטוראליזירונג און פרייע טעטיקייט פון די אינסטיטוציעס פאר די צוועקן פון דער אידישער קאָלאָניזאציע.

ב) שאפן א מאָדערנעם דעמאָקראטישן רעכט־צושטאַנד, סאָציאַל פּאָליטישע שריט פאר דער אנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטן אין לאנד, געבן ווירטשאַפטלעכע פארלייכטערונג און גאראנטיעס פאר דער אנטוויקלונג פון דער קאָלאָניזאציע, קודם כל פארווענדן די מלוכה־ערד, וואָס האָט ניט קיין בעלי־בתים, אויך די לאטיפונ־

דיעס, סיי פאר דער ערדלאָזער, אָדער ערד־אָרעמער באַפעלקערונג פון לאנד, וועלכע פארנעמען זיך מיט ערד־ארבעט.

ג) פארוואנדלען פאלעסטינע אין א זעלבסט־פארוואלטונגס־געגנט און פאראיינהייטלעכן דאָס לאנד אין אדמיניסטראטיווער הינזיכט.

ד) נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פאר דער אידישער באַפעלקערונג אין פאלעסטינע.

די דורכפירונג פון אלע אויבן־געזאָגטע פאָדערונגען זאָל אינטערנאַציאָנאַל גאראנטירט ווערן.

## ה. תרע״ז — 1917. — דער טויט פון בער באָראָכאָוו.

בער באָראָכאָוו איז געבוירן געוואָרן דעם 21־טן יוני, 1881. ער איז געווען דער שאפער פונם פועלי־ציוניזם, וואָס איז פאר אים געווען א רעליגיע. די ניט גלויביקע האָט ער פאררעכנט אלס עקשנים און רשעים. ער איז געווען בנוגע דעם פועלי־ציוניזם א ליידענשאפטלעכער סעקטאנט; א הייליקער פאנאטיקער — ווי עס דריקט זיך אויס א. טשעריקאווער, — וועלכער וואשט דעם פאַל פון דעם פארטיי־קלייזל, וואָס גיט אָפּ זיין גאנץ לעבן, אלע זיינע כחות און דעם גאנצן טעמפּעראמענט פאר דער אידעע, פאר דער באוועגונג. נאָך אין די יונגע יאָרן, האָט זיך אנגעהויבן ארויסוויזן דער כאראקטעריסטישער שטריך פון באָראָכאָווס נאַטור, צו זיין א לערער, א פירער, א פרעדיקער; באָראָכאָוו האָט געהאט ארום זיך תלמידים חסידים, פאר וועלכע ער איז געווען זייער מדריך, אָבער אויף זיין אייגנארטיקן שטייגער. ער איז געווען זייער פירער און צוגלייך דער נושא כלים זייערער. באָראָכאָוו איז געווען אויסער פירער פון א פארטיי וואָס איז נאָך זיין טויט פארצווייגט געוואָרן און זיך פארשפרייט אויף רעכטס און לינקס, אויך א עלוי מיט א גאונישן קאָפּ. ווען באָראָכאָוו האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין פּאָלטאווא — דערציילט טשעריקאָווער, — האָט ער ניט געוואָלט אריינקומען אין אוניווערזיטעט.. מענטשן האָבן אים געהאַלטן פאר גאָר ניט קיין נאָרמאלן, און די בעסערע פון זיי האָבן זיך געטראכט: „אייגנטלעך, וואָס קען אים דער אוניווערזיטעט געבן? אליין א שטיק פּראָפעסאָר...״ באָראָכאָוו האָט ניט געוואָלט גיין אין אוניווערזיטעט, ניט דערפאר וואָס ער האָט זיך געהאַלטן פאר א פארטיקן

פראָפעסאָר, נאָר פשוט — ער האָט קיין צייט ניט געהאַט צו דעם. נאָך אזוי פיל ניט דורכגעלייענטע ביכער, אזוי פיל חברים, אזוי פיל נאָך ניט פארענטפערטע פראָבלעמען, וועלכע מען דארף פאר די חברים מסביר זיין, אזוי פיל שווערע פילאָזאָפישע פלוגתא'ס, וועלכע מ'דארף מיט די חברים קנעלן מיטן טייטל... ווייל באָראָכאָוו איז פאר זיי געווען אי דער ראש ישיבה, אי דער מלמד דרדקי... און אלט איז ער דעמאָלט געווען 18 אָדער 19 יאָר. און אָט צו יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן אין פאָלטאַווע דער קרייז באָראָכאָוויסטן, עקסטערניקעס, גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס. תחילת א נאיווע, כמעט קינדישע סעקטע, וואָס האָט געזוכט תיקון פאר דער נשמה אין פילאָזאָפיע, און שפּעטער אין סאָציאַלע פראגן געזוכט צו לייזן אלע קאָסמישע פראָבלעמען.

באָראָכאָוו איז געוואָרן זייער געקרוינטער רבי. זיי האָבן זיך געשפייזט מיט זיין ערודיציע און דיאלעקטיק. באָראָכאָוו האָט ארויסגעגעבן א גאנצע ריי ערנסטע אידישע טוער, און די אינטערעסן פון דעם קרייז האָבן אָנגענומען א גאנץ אנדערן כאראקטער — א נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישן און א פארטיי פּאָליטישן. די ירושה פון בער באָראָכאָוו — זאָגט זלמן רייזען — איז גרויס און ווערטפול. מען דארף ניט זיין קיין אָנהענגער פון פועלי ציון, כדי צו אָנערקענען אין באָראָכאָוון איינעם פון די אָריגינעלסטע און שעפערישעסטע פארשטייער פון דעם אידישן סאָציאַליזם, און קיין שום קעגנער פון דעם פועלי־ציוניזם וועט ניט פארלייקענען די פארדינסטן פון בער באָראָכאָוו פאר דער אידישער שפראך, אלם איר ערשטער באוואוסטזיניקער פילאָלאָג. אידיש צו דערפאָרשן און אידיש צו באַרייכערן, דאָס איז צו פארדאנקען בער באָראָכאָוו. ער האָט די אויפגאבע פון דער אידישער פילאָלאָגיע דער ערשטער קלאָר פאָרמולירט. ווער עס האָט געלייענט דעם „פנקס" (דערשינען אין ווילנע אין 1913) וועט זיך איבערצייגן אין די פון מיר ארויסגעזאָגטע ווערטער, אין זיין ארבעט וועגן 400 יאָר אידישע פילאָלאָגיע. און מערקווירדיק, באָראָכאָוו האָט קינדווייז נישט געקענט קיין אידיש. ערשט ווען ער איז געווען אין אויסלאנד, האָט ער זיך פאראינטערעסירט מיט דער שפראך. די אידישע פילאָלאָגן דארפן זאָגן א גרויסן און הארציקן יישר כח באָראָכאָוון, וואָס ער האָט אזוי וואונדערבאר פּאָפּולאריזירט די אידישע שפראך, זי אזוי שטאַרק באַרייכערט און אויסגעלערנט ווי מיט איר זיך צו באגיין.

צום באדויערן איז לעצטנס דערשינען א קלאס שרייבער וועלכע האָבן אריינגעבראכט א קאלאמבור אין דער אידישער שפראך, א געמיש פון נאדיריזם, פוטוריזם, אינזיכעריי... די געטרייע תלמידים פון באַראַכאָוון טרעטן אָבער ניט אָפּ פונם וועג אין דער שפראך, וועלכע באַראַכאָוו, און נאָך אים נאָך אנדערע, אמת׳ע פילאָלאָגן אין דער אידישער שפראך, האָבן אויסגעטראָטן.

**ה. תרפ״ח** — 1918. דער טויט פון יחיאל בן זאב טשלענאָוו.

יחיאל טשלענאָוו איז געבוירן געוואָרן דעם צווייטן טאָג סוכות, 1863, אין קרעמענטשוג. פון פאָטערס ווי פון דער מוטערס צד, שטאַמט ער פון אן אָנגעזעענער און חשובער משפחה. זיין זיידע פון מוטערס צד, ר׳ שלמה מאסינזאָן פון שקלאוו, איז געווען איינער פון די הויפט-זיילן פון חסידיזם אין א מתנגד׳ישער סביבה. אלס סוחר פלעגט ער מאַכן געשעפטלעכע נסיעות קיין אויסלאנד און האָט זיך דאָרט באקאנט מיט מאָנטעפיאָרע, ראָטשילד און אנדערע באדייטנדע מענער פון זיין צייט. זיין זיידע פון פאָטערס צד, ר׳ אברהם טשלענאָוו, איז געווען א גרויסער תלמיד חכם און אויך א מאן פון אלגעמיינער בילדונג. ביז 13 יאָר האָט יחיאל פארבראכט אין קרעמענטשוג, געלערנט מיט התמדה תנ״ך און תלמוד. זיין פאָטער, א למדן מופלג, האָט צוזאמען מיט זיין פרומער פרוי געזאָרגט פאר א שטרענג רעליגיעזער דערציאונג. אין זיין עלפטן יאָר האָט יחיאל אָנגעהויבן לערנען דעם רוסישן א.ב.

אין יאָר 1877 קומט ער קיין מאָסקווע און הויבט אָן שטודירן אונטער דער השפעה פון זיין לערער, א בארימטער סאָציאַליסט. דער יונגער טשלענאָוו ווערט באגייסטערט פון די אידען אין דער רוסישער פאָלקס-באוועגונג, די „נאראָדניקי״, און פונם סאָציאליזם. אין דער זעלבער מאָס פון זיין איבערגעגעבנקייט צו די פאָלקס-מאסן, איז אויך געווען זיין דראנג צום לערנען. גרויס איז געווען זיין קאמף מיט זיינע אָרטאָדאָקסישע עלטערן, ביז ער האָט באקומען זייער הסכמה אריינצוטרעטן אין גימנאזיע. ער האָט געמוזט פריער שווערן זיין פאָטער, אז ער וועט ניט מחלל שבת זיין דורך שרייבן.

טשלענאָוו נעמט זיך דאן מיט אויסערגעוויינלעכן פליים צו די גימנאזיע-לימודים. ער פארלאָזט אָבער ניט העברעאיש און תלמוד. אין יאָר

1881, ווען ס'זיינען אויסגעבראָכן די שרעקלעכע פּאָגראָמען איבער די רו־סישע אידן, איז אין טשלענאָוון פאָרגעקומען א גוואלדיקע ענדערונג. דאָס פארגאַסענע אידישע בלוט האָט צעשטערט זיין סאָציאַליסטישן חלום.

צו דער צייט איז פאָרגעקומען די נאציאָנאַלע באוועגונג פון די ביל"ו'צעס און זיי האָבן דעם יונגן טשלענאָוו געוואונען פאר דער אי־דייע. ער האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער ביל"ו גרופּע אין מאָסקווע. ער האָט געוואָלט איבעררייסן זיין שטודיום, כּדי צו פאָרן צו־זאמען מיט 6 חברים פון דער מאָסקווער גרופּע קיין פּאלעסטינע. ער האָט זיך אָבער געמוזט אונטערגעבן דעם ווילן פון זיינע עלטערן צו בלייבן אין דער היים. אינם יאָר 1884 טרעט ער אריין אין מעדיצינישן פאקולטעט פון דער מאָסקווער אוניווערזיטעט. ער פארזאמלט ארום זיך א קרייז פון אינטעליגענטן. ער האַלט פאר זיי, דעם 20־טן אָקטאָבער, א רעפעראט אי־בער דער פּאלעסטינע־אידייע, וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון פאריין „בני ציון". דער דאָזיקער פאריין האָט ארויפגעלייגט א חוב אויף אלע זיינע מיטגלידער צו ארבעטן מיט איבערגעגעבנקייט פאר דער פאר־ווירקלעכונג פונם ציוניסטישן געדאנק. ער האָט א גרויסן חלק אין דער אַנטוויקלונג פון ציוניזם. פון דעם פאריין זיינען ארויסגעקומען פיל באַ־דייטנדע ציוניסטן: אוסישקין, טיאמקין, לעוואנטין, ניידיטש, דער העברע־אישער משורר דאליצקי, דער מאָסקווער אויבער־ראבינער מאזאה, אידל־זאָן א. א.

טשלענאָוו ענדיקט זיין שטודיום אלס דאָקטאָר מעדיצין. ער האָט חתונה געהאט, און הויבט זיך אָן צו פארנעמען מיט זיין פּראָפעסיע, אלס ספּעציאַליסט פאר נאָז, האלז און אויערן - קראנקהייטן. ער גרינדעט אין מאָסקווע זיין היים, און אינם קרייז פון זיין פרוי און דריי קינדער פירט ער א גליקלעך פאמיליען־לעבן.

אין יאָר 1894 פאָרט טשלענאָוו צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן קיין ווין. דאָרט האָט ער זיך באקאנט מיט די פירער פון דער פּאלעסטינער באוועגונג: דר. שניאור, קרעמענעצקי. דר. טשלענאָוו, באמערקנדיק וואָס פאר א וואוקס די ציוניסטישע באוועגונג, אונטער הערצלס פירערשאפט, האָט אָנגענומען, איז צו איר צוגעשטאַנען מיטן גאנצן הארצן.

איך וועל דורכלאָזן פיל פאקטן פון זיין ארבעטס־טעטיקייט פאָרן

ציוניזם און איך וועל פארצייכענען טשלענאָווס געדאנקען־גאנג וועגן דער ציוניסטישער ארבעט. און אָט וואָס טשלענאָוו שרייבט:

„מיר נויטיקן זיך ניט אין א גיכער און פיבערהאפטער ארבעט, אונ־זער באוועגונג פאָדערט אן ארבעט, פאר וועלכע עטלעכע יאָר וועט ניט זיין גענוג. אנדערש וואָלט עס געווען, ווען מיר געפינען זיך אין א קאמף, וועלכער וואָלט געמוזט שנעל אנטשיידן, צי מיר וועלן מנצח זיין, צי מיר וועלן שטאַרבן. אונזער לאגע איז אָבער אזא, אז מיר קאָנען נישט שטאַרבן און קאָנען נישט זיגן מיט געוואלד. מיר מוזן טאָן א פּראָגראַ־מאטישע, קאָמפּליצירטע, ניט האסטיקע ארבעט, וועלכע וועט אונז קאָסטן א סך יאָרן געדולד און ענערגיע".

ארויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, האָט טשלענאָוו געגעבן א גרויסע באדייטונג דער קולטור־ארבעט אין ארץ ישראל. ארץ ישראל מוז ווערן דער גייסטיקער צענטער פון גאנצן פאָלק דורך א לאנגזאמע קאָ־לאָניזאציע. ס'זאָל אין ארץ ישראל געלייגט ווערן דער יסוד פאר דער צו־קונפט־ארבעט און ס'זאָלן געשאפן ווערן די מעגלעכקייטן פאר א שפּע־טערער מאסן־איינוואנדערונג. פון דער צווייטער זייט, האָט טשלענאָוו איינגעזען די וויכטיקייט פון דער פּאָליטישער ארבעט. עס האָט זיך אין אים אויסגעארבעט די סינטעזע צווישן דער פּראקטישער קולטורעלער און דער פּאָליטישער ריכטונג פון אונזער באוועגונג. ער איז דעריבער אויך בארופן געוואָרן ווייטער צו דינען אלס א באנד צווישן די ביידע עקסטרעמען — די חובבי ציון און די ציוניסטן. ביידע האָבן אין אים גע־זען זייער טרייען פאָנען־טרעגער, און אזוי זעען מיר טשלענאָוון ביים צווייטן קאָנגרעס, א באציענדער צו דער יונגער באוועגונג מיט סימפּאַ־טיע, אָבער דאָך מיט ספקות. ערשט מיט דעם צווייטן קאָנגרעס הויבט זיך אָן טשלענאָווס אָפיציעלע טעטיקייט אלס מיטגליד פונם אַקציאָנס־קאָמיטעט. עלף יאָר כסדר האָט ער אנטוויקלט א פּאָזיטיווע טעטיקייט. אלס פאָרשטייער פון מאָסקווער ראיאָן האָט ער פיל מיטגעהאָלפן, אז די ציוניסטישע אָרגאניזאציע זאָל זיך, ניט קוקנדיק אויף די שוועריקייטן, וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט איר געלייגט אין וועג, טיף — ווען אויך אין געהיים — איינוואָרצלען אין יענע קרייזן, וועלכע זיינען לאנג ווייט געווען פון אידישן פאָלק און פרעמד פון אידנטום.

ביי דעם פּראָיעקט פון אוגאנדא איז טשלענאָוו צום ערשטן באגיים־

טערט געוואָרן, און דערהערנדיק די בשורה, האָט ער געמאַכט א שהחינו. ער האָט זיך אָבער באַלד אויסגעניכטערט פון דער באַגייסטערונג, ארויס־זעענדיק וואָס פאר א סכנה די דאָזיקע ענדערונג פונם וועג קאָן זיין פארן ציוניזם. און אזוי הערן מיר אים רעדן אויפן זעקסטן קאָנגרעס: „מיר האָבן — זאָגט ער — צו פארדאנקען דעם גרויס־מוט פון א מעכטיקער רעגירונג צו זאָרגן זיך פאר אונז, מיר טאָרן אָבער בשום אופן דעם אוגאנדא־פּראָיעקט ניט אָננעמען, ווען מיר ווילן נאָר ניט אונטערגראָבן די יסודות פון אונזער אידעאַל. מיר קאָנען איצט מיט מער געדולד וואַרטן, ווייל א נייער פירער האָט אונז געבראַכט צום קאָנגרעס א וויכטיקן פּאָליטישן דערפאָלג. איר — ווענדעט ער זיך צו הערצלען אויפן קאָנגרעס — האָט געהאַט דאָס גליק פארשטאַנען צו ווערן פון די פאָרשטייער פון דער גרויסער בריטישער נאַציע. זיי האָבן דערקלערט, אז זיי זיינען גרייט אונז צו העלפן. גייט, זאָגט זיי: מיר דאנקען אייך פאר אייער גרויסמוטיקייט. איר מוזט אָבער וויסן אז ניט אוגאנדא, נאָר ציון איז אונזער היים; דאָס גרויסע פאָלק וועט פארשטיין אונזער ליבע צו אונזער היים, און וועט זיך ניט אָפּזאָגן אונז מיטצוהעלפן צו דערגרייכן אונזער ציל".

אויף דעם אַכטן קאָנגרעס אין האאג, אין 1907, האָט טשלענאָוו איבערגעבראַכט פון זיין ערשטער נסיעה קיין ארץ ישראל א גרוס פון די קאָלאָניסטן.

טשלענאָוו האָט געווידמעט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פאר דער גרינדונג פון דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, וועלכע איז שוין געווען פאָרגעשלאָגן אויפן ערשטן קאָנגרעס, אָבער איז ערשט דורכגעפירט געוואָרן אויף דעם פינפטן. און געהערנדיק צו דעם דירעקטאָריום פון נ. פאָנד, איז ער געווען איינער פון זיינע טרייעסטע און ענערגישסטע אונטערשטיצער.

אַ טאָג פאר זיין טויט — ער איז א לאַנגע צייט געווען קראַנק — האָט ער מיט אַ שוואַך, ציטערנדיק קול געזאָגט: „דער נאַציאָנאַל־פאָנד מוז, ניט וואַקלענדיק, ווייטער גיין זיין וועג"... דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. נאָך איין טאָג האָט ער געלעבט און איז רואיק אַנטשלאָפן געוואָרן אויף אייביק...

**ה. תרפ"א — 1921. — דער טויט פון י. ח. ברענער.**

י. ח. ברענער איז געפאַלן פון אַראַבישע רוצחים אין יאָר 1921, אינם אַראַבישן אויפשטאַנד. אָפּגעשניטן איז געוואָרן דאָס לעבן פון א זשע־

ניע, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין צייט צו אַנטוויקלען זיין געניאַליטעט. די רוצחים האָבן די צייט צוזאַמען מיט זיין לעבן אָפּגעשניטן.

ס׳איז כּדאי די לייענער זאָלן זיך געניויער באַקענען מיט י. ח. ברע־נערס פּערזענלעכקייט.

ס׳זיינען פאַראַן קינסטלער, וואָס זייער וואָרט ווירקט אָפט מאָל פיל זער ווי דאָס פאַרביקסטע בילד, און אַ סך מאָל ווייטיקט דאָס האַרץ ביי דעם געוויינלעכן וואָרט, פיל מער ווי ביי די סאַמע פאַרכאַפּנדיקסטע ביל־דער. צו דעם טיפּ קינסטלער באַלאַנגט אויך י. ח. ברענער.

ער האָט געהאַט אין זיך דעם כּח פון קאָנען רעדן פיל מער ווי שיל־דערן. ווען מען לייענט ברענערן, לאָזט מען אָפטמאָל דורך דאָס פּנים און אויסזען פון מענטשן וועלכן ער שילדערט, ביי אים דאַרף מען ניט זוכן די שילדערונג, נאָר דעם כּח פונם וואָרט.

מיר קאָנען ברענערן ניט מוחל זיין פאַר זיין אָפּן זיך אוועקשטעלן פאַרן קריסטנטום, מיר מוזן אָבער אָנערקענען, אַז ניט ווייל ער האָט עס געשטעלט העכער פונם אידנטום, נאָר אַלס אין פּאַראַלעל שטעלנדיק דאָס „איוב׳ישע אידישקייט” אַקעגן דאָס קריסטלעכע גליק, האָט ער אַרויס־געזאָגט ווערטער פון וועלכע זיין האַרץ האָט געווייטיקט און אַנדערע פאַרשאַפט שמערצן...

ברענער איז געווען דער אַפּאָסטאָל פון וועמען מען האָט געדאַרפט זיך לערנען לעבן נאָכמער ווי שרייבן — לעבן פריי, זיין אומאָפּהענגיק פון מענטשן און זייערע מיינונגען, איז מער קונסט ווי שרייבן פריי... ווייל דאָס וואָס ער האָט געשריבן האָט געברענט מיט פייער, אָפטמאָל האָט ער מיט זיין שרייבן געברענט אַזעלכע מענטשן, וועלכע ער האָט פּערזענלעך ליב געהאַט. ברענער האָט געהאַט אין זיך האַרבקייט און עקשנות. ער האָט פּיינט געהאַט דעם גלות־מענטש און איז אים אָפטמאָל באַפאַלן, פאַר וואָס ער האָט זיך געלאָזט אויפן וועג פון שפלות און גלות־דיקייט. דאָס איז געווען דער קינסטלערישער אמת אליין. און דעם אמת האָט ער דערלערנט אין ארץ ישראל, דאָס לאַנד וואָס ער האָט ליב געהאַט מיט זיין גאַנצער פיבערדיקער נשמה.

ווער עס האָט געלייענט ברענערס „בּחורף” און „מסביב לנקודה”, וועט זיך איבערצייגן אַז ער איז גאָר אַ „באַזונדערער” אין דער העברע־אישער ליטעראַטור. בערדיטשעווסקי און פייערבערג, למשל, סיי דער

ערשטער אין זיין „על אם הדרך", און סיי דער צווייטער, אין זיין „לאן", פילט זיך אין זיי א קראנקהאפטע בענקעניש. ברענער, אָבער, פארמאָגט אין זיין בענקעניש עטוואָס געזונטעס. אין זיינע צוויי אויבנדערמאנטע ווערק פילט זיך פיל טיפער ליריזם פון קינדישקייט, אָבער מ ע נ ל ע כ ע קינדישקייט. ברענער איז א „מ אַ ן" אין זיין יעדער באוועגונג — אין זיין פּראָטעסט, ווי אין זיין געבעט, אין זיין מנוחה, ווי אין זיין אומרואיקייט, אין זיין האס, ווי אין זיין ליבע. פון אומעטום פליסט, און שלאָגט ביי אים דאָס וואָרט, דאָס שטאַרקע וואָרט פון א מענטשן, וואָס איז ארויף מיט אַ שטאַפּל העכער פון א קינסטלער. ניט אין א כראָ־נאָלאָגיע איז דאָס פּלאץ צו ברענגען די אלע שטאַרקע ווערטער, אין וועלכע עס שפיגלט זיך דער גייסטיקער פּרצוף זיינער. ברענער האָט א סך זאכן ניט געקענט פארשטיין. עס זיינען אים פיל זייטן פון אידישן לעבן נישט פארשטענדלעך געווען. ער, דער ארץ־ישראל איד, האָט פיינט גע־האט ניט דאָס אידישקייט, נאָר — ווי געזאָגט — דעם גלות־איד מיט זיין שפּלדיקייט... און דער ברענער איז פארברענט געוואָרן פון אראבישן קנאת׳דיקן פייער.

## ה. תרפ"ב — 1922. — דער טויט פון דוד פרישמאן.

פרישמאן איז געווען א „תובע", א מאָנער, א פאָדערער אין דער נייער ליטעראטור. א ניי לעבן, נייע פארהעלטענישן, נייע שטרעבונגען האָט ער געפאָדערט פון אידן און פון אידישע שרייבער; פרישמאן האָט ניט געזוכט צו בויען, צו שאפן וועלכע ס׳איז זאך פאר זיך. ער האָט ניט געזוכט די צוזאמענשטעלונג פון מחשבות און באשטימטע אידייען. ער איז געווען א דערציער, ער האָט אויף זיך גענומען צו דערציען דאָס פאָלק בכלל און אידישע לייענער בפרט, צו א נייעם געשמאק און צו א נייעם גייסט. ער האָט געזוכט אויסצואוואָרצלען דאָס פארקרומטקייט פונם הארצן און פונם מח. ער האָט געזוכט אריינצוברענגען אָרדענונג, ריכ־טונג און א ווערטפולע פאָרמע סיי אין פאָלקס־לעבן און סיי אין דער לי־טעראטור. מיר זאָלן זיך ניט דארפן שעמען פאר אנדערע... „גיט דעם פאָלק — זאָגט פרישמאן צו די שרייבער — א שטאָלצקייט, גיט די לייענער גלייכע און ריכטיקע נעז אויף צו פילן... גיט אידישע מענטשן וועלכע ס׳איז מענטשהייט... וועלכע ס׳איז שיינע געשטאַלט, גיט זיי אין הארצן

א ריינקייט, א לייכטע צוגעוויינונג צום לעבן; נעמט אוועק פון די לייענער די שווערע שטיינער, שאפט אָפּ דאָס, באַזונדערע פאר זיי, ערנסטקייט. דאָס טיפע, אָבער דאָך שעדלעכעס דענקען, אלעס, אלעס וואָס מאכט זיי פאר לעבעדיקע זעק... און איך קאָן דאָך דאָס פאָלק, דאָס „גוי אחד בארץ־דיקע" פאָלק, וועמעס מחשבות זיינען פארקרומטע, זיין לעבן א בטלנ׳י־שעס. איך קאָן דאָך דאָס פאָלק וואָס בלאָנדזשעט אין געשריבענע וויסטעס... און דערטרונקט זיין לעבן אין זיי. איך קען דאָס פאָלק, וואָס פארשטייט ניט צו לעבן ווי אלע מענטשן. און פארוואָס איז עס אזוי? פאר וואָס איז דאָס „עם חכם ונבון" פאָלק ארייגעפאלן און פארזונקען געוואָרן אין א ים פון בטלנות? פאר וואָס האָט זיך פון פאָלק אָפּגעטון דער לעבנס־גייסט און זיך באַזעצט ווי אַ מומיע אינם בוך? צווישן די וואָס לערנען אים צו וויסן און פארשטיין, ווען זיי אליין ווייסן ניט און פארשטייען ניט...„ „ווער וואָלט מיר געגעבן די גרויסע קראפט — שרייבט ער ווייטער — אויף ארייגבלאָזן אין די אויערן פון די ניט ווייסער און ניט פארשטייער, דאן וואָלט איך מיט דער גרעסטער קראפט, מיט א שופר קול אין זייערע אויערן ארייגעשריגן: „נידערט אראָפּ פון די ליטעראַ־רישע במות וואָס איר האָט אויסגעבויט. אייער פלאץ איז ניט אויף זיי. שטעלט זיך אנידער און באַטראַכט וואָס איר האָט אָנגעאַרבעט... און וואָס פארלאנג איך פון אייך? איך פאַרלאַנג איר זאָלט זיין מענטשן. מענטשן־אידן, און אידן־מענטשן... יעדער איד — זאָגט ער — דאַרף ארויסרייסן צוזאמען מיטן וואָרצל די פייגהייט, די שרעק און די מורא פונם הארצן, אָט די מיאוסע און עקלהאפטע מדות, וואָס האָבן אונז צו שפּאָט און צו שאַנד געמאַכט אין די אויגן פון די פעלקער".

„הויבט זיך אויף פונם שטויב אין וועלכן איר וואלגערט זיך... גלייכט אוים דעם בויך אויף וועלכן איר קריכט, פארלאנגט גערעכטיקייט, פאר־לאנגט לעבן און געשמאַק"... „איך רוף צו אייך, און טייטש ניט אוים דעם „איך" אלס עזות פון מיר, צו וועלן אויף זיך נעמען דעם מאַנטל פון אן אויטאָריטעט, אָנטון אויף זיך די קרוין פון א „יחיד בדורו"... איך בין עס ניט און פרעטענדיר ניט אַזעלכער צו זיין. איך רעד דאָס וואָס ס׳האָט געדארפט אויך פון אנדערע גערעדט ווערן, איך שריי, ווייל עס טוט מיר וויי מער ווי אנדערע".

פרישמאן האָט געשריבן, און פיל געשריבן, ער האָט אָבער דעם ים

ניט געשפּאָלטן. ער האָט געשריבן שיינע און שאַרף שטעכיקע פעליעטאָ־
נען, חנ׳ודיקע מאמרים און אייניקע שטאַרקע דראַמען. פרישמאַנס כּח
ליגט אין איבּערזעצונגען. ער האָט איבּערזעצט וויכטיקע ווערק פון וויכ־
טיקע שרייבּער. וואָס אנבּאַלאַנגט קריטיק קאָן מען אים ניט פאַרגלייכן
צו די פריערדיקע קריטיקער, ווי אורי קאָוונער (זע „האַנט־בּוך" 3־טע
טייל, זייטן 136־138) און א. פּאַפּירנא. פרישמאַן האָט דעם קריטיק־פּאָ־
דעם וואָס זיי האָבּן געהאַלטן, ניט געצויגן ווייטער. ער האָט זיין אייגענעם
קריטיק פאָדעם אויסגעוועבּט און אויסגעצויגן ווי ניט קיין אָנפאַנגער,
נאָר ווי איינער מיט פיל פּראַקטיק. פרישמאַן האָט ניט ליבּ געהאַט צו
מאַכן פון זיין פאָדעם א שלייף צו פאַרשלעפן קליינוואַרג. יעדעס אומ־
ווירדיקעס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון קליינוואַרג, האָט ער זיך גע־
מיאוס׳ט מיט דעם צו באַשעפטיקן זיך. און אין אַלע זיינע קריטיקעס
פילט זיך דער אויסרוף: „זייט ניט קיין בּטלנים". דאָס בּטלנות איז פאַר
פרישמאַנען געווען א שרעק־בּלד, א מאָנסטער אויף וועלכן ער האָט זיין
גאַנצן כּעס אויסגעגאָסן, זיינע פיילן געשליידערט. און ניט נאָר אויף דעם
בּטלנות פון דעם עבר, נאָר אויף דעם בּטלנות פון זיין צייט. און ווער איז
שולדיק אין דעם בּטלנות? די סופרים, די געמיינטע ליטעראַטן, און אויך
די פירער, די וואָרט־זאָגער, די טאָן־געבּער. און פרישמאַן רעכנט אויס
די אַלע שולדיקע, און שרייט אויס ווי עמיל זאָלא: „איך באַשולדיק"! איר
זיינט די אויסראַמער פון דעם חמץ? — קריטיקירט ער די שרייבּער —
קליינע בּרעקעלעך רוימט איר אויס און פאַרגעסט, אז בּיים פאָלק געפינט
זיך חמץ נוקשה, פאַרשימלט בּרויט, וועלכעס ניט נאָר מ׳דאַרף עס מבער
זיין, נאָר אויך פאַרבּרענען... און ער קומט צום באַשלוס אז דער „חמץ
נוקשה" נעמט זיך פון גיט קיין, פרישע לופט... און אזא לופט דאַרף דעם
פאָלק געגעבּן ווערן. און ניט נאָר לופט, נאָר אויך א אָפּפרישונג... א „טל
של תחיה". ליבּלעכעס און צערטלעכעס, פרידלעכעס און אנגענעמלעכעס
גיט זיינע יונגע זין און יונגע טעכטער, גיט דעם פאָלק א נשמה יתירה;
מיט דער שבּתדיקער נשמה יתירה קען מען דאָס פאָלק אויפלעבּן, א גאַנ־
צע וואָך דאַרף ער האָבּן די נשמה יתירה. „מאַכט דעם שבּת אויך אין
דערוואָכן"... עפנט אויף די אויגן און זעט, באַטראַכט דאָס פאָלק, ס׳איז
דאָך א פאָלק פון סאמע זקנים... גיט יוגנט צו אידישע קינדער, פליסט אין
זיי אריין יוגנטלעכן זאפט, לערנט זיי, ניט הויך צו דענקען, נאָר תּמימות־

ריקייט, בויט פאר זיי א וועלט אין וועלכער עס זאָל ניט געפינען דאָרט ניט קיין קנאה, ניט קיין שנאה, ניט קיין חקירה, ניט קיין פילאָזאָ־פיע און פארצווייפלונג... אויף זייער אָרט שאפט פאר זיי „גוטע טעג" און „רואיקע נעכט". שאפט פאר זיי א וועלט, וואָס יעדע זאך אין איר זאָל פאר זיי זיין, ווי מלאכים גייען אראָפּ אויף דער ערד, און מענטשן גייען ארויף אויפן הימל... א וועלט, אין וועלכער אלעס לעבט און שפילט, אלעס לעבט און קוועלט. און אזא וועלט מאָלט אונז פרישמאַן:

„אור הבקר — על חדשא
יושבים שמחים כל הנערים,
וברפידת חציר יושבת
אמם זקנתם כחולמת.
איר הבקר שפעת נגה
משתפכת משמים
ומקצה אל הקצה
אויר זך כראי הזכוכית.
גאנץ פרי — אויפן גרינעם גראָז
זיצן פריילעך אַלע קינדער,
און אויפן גראָז זיצט די באבע, ווי א פאר'חלומ'טע.
דער ליכטיקער מאָרגן, א מענגע ליכטיקע שטראַלן
גיסן זיך פונם הימל,
און פון איין עק צום צווייטן,
לויטערע לופט, ווי א לויטערער שפּיגל.

ווען פרישמאַן האָט אָנגעהויבן צו שרייבן אין „היום", די ערשטע טעגלעכע צייטונג אין העבּרעאיש, פון י. ל. קאַנטאָר, האָט ער געשריבן פעליעטאָנען אונטערן נאָמען „אותיות פורחות", לירישע דערציילונגען אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן אין אלע טרויעריקע און לעבער־לעכע פאזן. מען קאָן אויף יעדן פּרט זיך אָפּשטעלן, מען קאָן האָבן פּרע־טענזיעס פון פּאָעטישן שטאַנדפּונקט, מען קאָן האָבן טענות פונם רעאַלן שטאַנדפּונקט, מען קען זיך אויסדריקן, אז די אלע בילדער וועלכע פרישמאַן פירט דורך פאר די אויגן גיבן דיר ניט דאָס וואָס זיי ווילן דיר געבן, איינס אָבער מוז מען אָנערקענען, אז זיי דערוועקן אין אונז נייע געפילן און מאכן אויף אונז א רושם; און ווען אפילו אלעס איז, ווי אונז

דאכט זיך, ניט רעאליסטיש, נאָר לעגענדע־מעסיק, אָבער אויך אין דער לעגענדע זוכן מיר דאָס שיינע און דאָס צויבערנדע.

פרישמאַן איז געווען דער ערשטער אויסרופער אויף צו גיין אין דעם נייעם וועג פון דער — פון אים אָנגעוויזענער — נייער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט אונז געוויזן אז ס'איז דאָ שירה אויך אין דער פרעמ־דער וועלט... ער האָט אונז געוויזן, אז ס'איז דאָ קריטיק צו גרויסע שריי־בער און גרויסע ביכער... ער האָט די שרייבער געלערנט ווי אזוי צו שרייבן, ווי אזוי צו קריטיקירן, צו אַנאַליזירן, ווי אזוי צו אורטיילן און צו משפּט'ן. ער האָט מיט גרויס טאַלאַנט איבערזעצט וויסנשאַפטלעכע ביכער, פּאָעטישע און בעלעטריסטישע ווערק, אויסצופיינערן דעם גע־שמאַק און צו אנטוויקלען דעם שכל. ער האָט גע'מוסר'ט, גע'חוזק'ט, אָבער מיט חן, מיט נעימות'דיקייט, וועלנדיק דערציען, אנטוויקלען און באַלייכטן... און דאָך איז ער א לאַנגע צייט פאַררעכנט געוואָרן פאַר א שפּעטער און אָפּלאַכער.

און אָט וואָס פרישמאַן שרייבט וועגן זיך:

„איך שטרעק אייך אויס מיין האַנט צו שלום, און די האַנט מיינע איז א ריינע, זי האָט ניט גענומען קיין כאַבאַר, זי האָט זיך ניט געשטרעקט צו פאַרדאָרבענע מענטשן, זי האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטון. מיין האַנט האָט געשריבן פאַרשידענע זאַכן, אמאָל באריכות, אמאָל בקיצור, אמאָל הומאָריסטיש און אמאָל סאטיריש; אמאָל, און אפשר מערערע מאָל, קריטיקירט, און אמאָל אינגאַנצן ארונטערגעריסן... אָבער אלעס איז גע־ווען געשריבן מיט אן אָנגעווייטיקט האַרץ. מיין כּונה איז געווען אייך, מיינע ברידער, די גרעסטע טובה צו טון... אָבער ניט אַלע פאַרשטייט איר עס"...

מען האָט אים חושד געווען, אָבער „אשרי איש שהושדין אותו ואין בו"...

## ה. תרפ"ד — 1924. — דער טויט פון איזידאָר עליאַשעוו (בעל מחשבות)

ערשט אין 1898 האָט זיך עליאַשעוו, וועלכער האָט געהאַט מערערע פּסעוודאָנימען: „בעל מחשבות", „גר צדק", „אים על", באַוויזן מיט א אי־דישער פּען. ס'איז כּדאי צו באַקענען זיך מיט יענער צייט, די צייט ווען איר ליטעראַטור איז באַשטאַנען אין שמ"רס און בלאָשטיינס ראָמאַנען,

אָט די אינטערעסאַנטע ראָמאַנען מיט װעלכע די לייענער האָבן זיך גע־קװיקט, און נישט נאָר אידישע מיידלעך זיינען פון זיי אַנטציקט געװען, ביז ניט אָפּצורייסן זיך פון זיי און ציטערן די שבת'דיקע ליכט זאָלן ניט אויס־גיין איידער זיי װעלן זיך דערװיסן דעם סוף פונם העלד אָדער העלדין, נאָר אויך אידישע בחורים פלעגן זיך מיט זיי קװיקן, לייגן זיך מיט זיי, שלאָפן מיט זיי און חלומען מיט זיי... אין דער צייט האָט זיך עליאַשעװו פאַר אונז אַנטפּלעקט. און ס'איז דאָך אַ מערקװירדיקע און װאונדערבאַרע דערשיינונג. עליאַשעװו, מיט אַן אייראָפּעאישער בילדונג, מיט אַן אויסער־געװיינלעכן טאַלאַנט, געשמאַק און ליטעראַטור װיסנשאַפט, זאָל אין אַ צייט פון אידישע פּרימיטיװקייט, זיך פאַראינטערעסירן מיט דער אידישער ליטעראַטור. מ'האָט באַדאַרפט פאַרמאָגן אַ גרויסן אידעאַליזם פאַר אַ פאָלק, דערציערישע אַרבעט אויף דעם פאָלקס אָרעמער שפּראַך, מיט אַ װאונדערלעכן חוש פאַר דעם אָנהויב, פאַר דעם גרויען שאַריען, װאָס זאָגט אָן אַ בשורה פון אַ ליכטיקן טאָג... ס'מוז אָבער דאָ באַמערקט װערן, אַז איינצלנע בשורה־פויגלען אויף אַ נייעם טאָג האָבן זיך שוין דעמאָלט געלאָזט שפּירן. אין די אידישע סטודענטן ־ קאָלאָניעס אין אויס־לאַנד איז שוין אַרומגעגאַנגען אַ לעגענדע װעגן דר. זשיטלאָװסקי (זע „האַנט־בוך" 3־טע טייל, זייטן 43—39), אַ מאַן מיט אַ נאָמען אין דער רוסישער און אין דער אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער און סאָציאַל־פי־לאָזאָפישער ליטעראַטור, װאָס טענה'ט אַז אידיש איז זיין „האַרץ־שפּראַך" און זי דאַרף װערן די שפּראַך פון דער אידישער אינטעליגענץ. אָבער, עליאַשעװו איז געװען דער װאָס האָט אָנגענומען די דאָזיקע בשורה פאַר זיין אייגן לעבנס־געבאָט. ער, דער אָנהויבער, װאָס האָט ערשט גע־דאַרפט דורכזעצן זיין ליטעראַרישע אַמביציע, איז געװען דער ערשטער, װאָס האָט נישט בלויז דערהערט און דערפילט דעם אָנהויב, נייערט ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף דעם אומגעריכטן, געװאַגטן שטעג, מיט דער אַנטשלאָסנקייט און ערנסטקייט פון אַ מאַן װאָס איז באַרופן דורכברעכן אַ נייעם װעג.

און אָט װאָס עס זאָגט װעגן עליאַשעװו איינער פון אונזערע גרויסע שרייבער, בעל דמיון: „מיר קאָנען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן דאָס געװאַגט־קייט פון עליאַשעװן, װאָרום אין שפּיל איז דאָך געשטאַנען זיין ליטע־ראַרישע קאַריערע, װאָס איז אים געװען געזיכערט אין יעדער אייראָפּע־

אישער ליטעראַטור. וואָס איז דעמאָלט געווען די אידישע ליטעראַטור? א נעבעך, וואָס האָט פאַרמאָגט א פּאָר גרויסע טאַלענטן און איניקע טאַ־לענטירטע אָנהויבער. ווער ווייסט זייער ווייטערדיקן וועג און זייער ליטעראַריש מזל? א נעבעך פאַר דער בעסערער נאַציאָנאַלער אינטעלי־גענץ, וואָס האָט געהאַלטן דאָס אידיש שרייבן פאַר א מין קרבן, פאַר א קולטור־צדקה פאַר דעם „פּינצטערן המון, וואָס קאָן נעבעך ניט קיין אַנ־דער שפּראַך".

בעל מחשבות האָט אריינגעבראַכט דעם מאָדערניזם און ליטעראַרי־שע קריטיק אין דער אידישער ליטעראַטור. ביז זיין צייט איז קריטיק גע־ווען א צופעליקייט, א געלעגנהייטס־זאַך. מיט עליאַשעווין אָבער זיינען געקומען די מאָדערנע עסטעטיש פילאָזאָפישע השגות. בעל מחשבות האָט גרויסע פאַרדינסטן און בייטראַגן צו דער אידישער ליטעראַטור. 25 יאָר האָבן זיינע רייד אויפריכטיק און איבערצייגנדיק זיך געלאָזט הערן אין אונזער ליטעראַטור; 25 יאָר איז ער געווען וואָרט־פירער; ער איז געווען פאַר איר, דער לערער, פאַרן עולם — דער אויסטייטשער, פאַרן אידישן שרייבער — א רבי, פאַר דער אינטעליגענץ — דער ערשטער אייראָפּעער וועלכער איז געקומען פון דרויסן און געפאָדערט אכטונג צו אלץ, וואָס איז אידיש, צו דער אידישער ליטעראַטור, אכטונג צום אידישן שרייבער. דערפאַר פאַרצייכענען מיר דאָ זיין נאָמען און זאָל ער בלייבן אומשטערב־לעך ביי אלע וועלכע שעצן די שעפער פון אונזער קולטור.

בעל מחשבות האָט אין שמערץ געענדיקט זיין יונג לעבן, אין א סאַ־נאַטאָריע, אין טעגעל, נעבן בערלין. אויף זיין טויטן־בעט, ליידנדיק אומ־באַשרייבלעכע יסורים, האָט ער דאָך נאָך געלאָזט הערן פון זיין פּאַראַלי־זירט מויל שטראָף־רייד און קריטיק פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר דער פאַלשער וועלט.

ה. תרפ"ו — 1926. — שלום שוואַרצבאַרד דערשיסט פּעטליוראַ'ן אין פּאַריז.

שלום שוואַרצבאַרד, דער זייגערמאַכער, האָט זיך ניט געקאָנט באַרו־איקן. זיצנדיק ביי זיין טישל וואַרשטאַט, האַלטנדיק דאָס זייגערל אין דער האַנט, פלעגן אים מערערע מאָל די הענט אָנהויבן ציטערן, ניט קע־נענדיק איינהאַלטן דאָס זייגערל, דערמאַנענדיק זיך, אז נאָענט פון אים אין פּאַריז דרייט זיך ארום פראַנק און פריי, פּעטליוראַ, דער הויפּט

אַטאַמאַן פון די רוצחים׳דיקע אַטאַמאַנען, דער הויפּט פון די קוילער אין אוקראַינע, דורך וועלכע טויזנטער אידן זיינען אויסגעקוילעט געוואָרן. שלום שווארצבארד איז ווי אַ פּאַר׳סמ׳טער ארומגעגאַנגען די טעג און די נעכט אין דער פרייליכער הויפּט־שטאָט פּאַריז. די לופט איז פאַר אים געווען אָנגעלאָדן מיט די שאָטנס פון די געשענדעטע, פארפּייניקטע אי־דישע טעכטער, צעשניטענע, צעפּאַלמעסטע זקנים און זקנות, מוטערס און אויך קינדער אין די צענדליקער טויזנטער. האָבן זיי פאַר אים געשוועבט. טאָג און נאַכט האָבן זיי פאַר אים געשוועבט, מיט בלייכן און שטומען פאָרוואורף, אָנווייזנדיק מיט זייערע סקעלעטן פינגער אויפן פּייניקער זייערן, אויף דעם אונבאַשטראָפטן מערדער און שענדער זייערן... און שלום שווארצבאָרד האָט זיך אָפּגערופן... שלום שווארצבאָרד האָט א שבועה געגעבן: אזוי ווי פריער, אויפן רוף פון פראַנקרייך, צו קעמפן פאַר דער רעפּובליק, אזוי ווי שפּעטער, אויפן רוף פון רוסלאַנד, צו קעמפן פאַר דער רעוואָלוציע, און מיין לעבן זיי צוגעטראָגן, אזוי וועל איך איצט מיין לעבן צוטראָגן פאַר מיינע געשענדעטע צנועות׳דיקע שוועסטער, פאַר מיינע קדושים׳דיקע אלטע און יונגע ברידער, פאַר מיינע אידישע מוטערס, וועלכע זיינען גע׳שחט׳ן געוואָרן צוזאַמען מיט די זויג־קינדער.

און שלום שווארצבארד איז געוואָרן דער „גואל הדם". שווארצ־באַרדס קויל האָט דורכגעשאָסן דעם נידערטרעכטיקן און מערדערישן אוואַנטוריסט, וואָס האָט אוקראַינע מיט טייכן אידיש בלוט פארפלייצט. און אַט ווי א. ליעסין שילדערט די גלייכגילטיקייט פון די גרויס־מעכטע, וועלכע וואָלטן געקענט די גרויליקע שחיטות אָפּהאַלטן: „מיר געדענקען די טעג, ווען די פּעטליורעס, די דעניקינס און די באַלאַכאָוויטשעס און די האַלערס זיינען געהאַנגען פינצטער אויפן אידישן הימל און באַגאָסן די אידן מיט טויט, אזוי ווי וואָלקנס מיט רעגן. און מיר געדענקען, ווי אזוי די זעלבע אידן, קעגן וועלכע מען האָט געהעצט אין דער היים, ווי קעגן בלוט־זויגערס און קאַפּיטאַליסטן, האָט מען ארויסגעשטעלט אין דער פרעמד, אין די לענדער פון די אַנטאַנט מלוכות, ווי געפערלעכע קאָמו־ניסטן, און דאָס איז געווען צו מאַכן די אידן פאַרהאַסט אין דער גאַנצער וועלט ביי אלע בלוטזויגערס און קאַפּיטאַליסטן... מיר געדענקען, ווי אזוי דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט ווילסאָן איז געווען שטיין־גלייכגילטיק און שטיין־קאַלט צו אלע יאָמער־געבעטן אונזערע, ווי אזוי

ער פלעגט ארומפאָרן און פייערן מיט רעדעס קעגן די טערקן, פאר דער קריסטלעכער ארמענישער נאַציע, און מיט פארביסענער עקשנות קיין פּיפּס ניט געטון וועגן די געשאָכטענע אידן. מיר גדענקען ווי אזוי די גאנצע אמעריקאַנער פרעסע איז טויב און שטום געווען צו יעדן אפיעל אונזערן". ליעסין געדענקט פון זיין אמעריקע, און מיר געדענקען פון די געקרוינטע קעפּ, פון גאנץ אייראָפּע, וועלכע האָבן אָנגענומען א שטום-שווייגעניש. און דאָס איז דאָך געווען דער „שתיקה כהודאה דמיה". א טייוולישער וואונק צו יעדן רוצח וואָס שעכט, אז ער וועט בלייבן גע-רעכט... און געקומען איז שווארצבארד און האָט זיך פאר דעם „רעכט" גערעכנט..

שווארצבארד ווערט פראָצעסירט, און צוזאמען מיט זיין פארטיידי-קער, דער ליבער טאָרעס, דעקן זיי אויף דעם פאָרהאנג פון דעם גרויסן שעכטהויז, וואו עס האָט געארבעט פעטליורא, דער פריינט פון פילסודס-קי און דער פריינט פון פראנקרייך... און דער געוויסן פון די גרויסע מאסן פון דער וועלט, פון די מיט ערלעכן געוויסן, איז אויפגעשוידערט געוואָרן. שווארצבארד איז פריי געשפּראָכן געוואָרן, און דער געוויסן פון די פּיל-סודסקים און אנדערע איז נאָך מער שווארץ געוואָרן...

יאָ, שווארצבארד איז פרייגעשפּראָכן געוואָרן, פאריז איז נאָך אלץ, — ווי וויקטאָר הוגאָ האָט זיך אויסגעדריקט — דאָס הארץ פון דער מענטשהייט. שווארצבארד האָט געפונען זיין עמיל זאָלאַ אין דעם פאר-טיידיקער טאָרעס, און פאריז, דאָס הארץ פון דער מענטשהייט, איז אויפ-געקלעמט געוואָרן דערוויסנדיק זיך פון די בעסטיעס און זייער בעסטיא-ליטעט.

ה. תרפ"ו — 1926. — דער טויט פון ישראל זאנגוויל.

מיטן נאָמען ישראל זאנגוויל איז פארשריבן אַ היסטאָרישע געשעע-ניש אין אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, און די איז ניט קיין אנדערע ווי די טעריטאָריאַליסטישע שטרעבונג, וועלכע האָט געשאפן ביז בלוט ביי אלע וועלכע האָבן פון קיין אנדערע טעריטאָריע, אויסער דעם „ארץ אבות" ניט געוואָלט וויסן. ישראל זאנגוויל, דער אייפריקער ציוניסט, איז געוואָרן דער פירער פון דעם טעריטאָריאליזם. און דאָך איז זיין נאָמען אם מינדעסטן ניט באליידיקט געוואָרן. ישראל זאנגוויל איז געווען א

היסטאָרישע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט ארויסגערופן, א דאנק זיין קאָלאָסאלער וויסנשאַפט, בּיי יעדן איינעם דעם גרעסטן רעספּעקט. ס׳איז כּדאי זיך לענגער אָפּצושטעלן וועגן דעם „איש אשכּולות״.

ישראל זאנגוויל איז געבּוירן געוואָרן אין לאָנדאָן, אין יאָר 1864, בּיי אָרעמע עלטערן, גאנץ רעליגיעזע, וועלכע האָבּן אויסגעוואנדערט פון אַ קליין פּויליש שטעטל, און געקומען קיין לאָנדאָן. ניט קענענדיק מאכן דאָרט אַ לעבּן, זיינען זיי פון לאָנדאָן אָפּגעפאָרן קיין פּלימאוט און פון דאָרט קיין בּריסטאָל. אין די לעצטע צוויי שטעט זיינען אריבּער זאנגווילס יוגנט־יאָרן אין אָרעמקייט, אָן א מינדסטן ליכטיקן שטראל אין זיין פינצ־טערן לעבּן. אלט זייענדיק אכט יאָר איז ער אריין אין דער „אידישער־פרייער שול״ אין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער געלערנט נאָר אידישע לימודים, אין וועלכע ער האָט זיך בּיז גאָר אויסגעצייכנט, און איז אליין געוואָרן אַ לערער אין דער זעלבּער. אין דער צייט האָט ער זיך פארפולקאָמט אין פארשידענע וויסנשאַפטן, ווי אין פילאָזאָפיע, נאַטור־געשיכטע, עט־נאָגראפיע, ליטעראטור, פילאָלאָגיע. און די אלע וויסנשאפטן האָט ער געלערנט — ווי ער דריקט זיך אויס אין א בּריוו צו בּריינינגען — פון זיך זעלבּסט, ניט פון עלטערן, ניט פון לערער און ניט פון חברים. און אָפּ־געבּנדיק עקזאמען אין לאָנדאָנער אוניווערזיטעט, האָט ער בּאקומען אַן ערן־מעדאַל פאר זיין טיפער וויסנשאַפט, ווען אויך ניט סיסטעמאטישער ווייזע.

פונם יאָר 1887, האָט ער געווידמעט זיין ליטעראַרישע קראפט אויף בּעלעטריסטיק און זשורנאליזם, און אויסער דעם איז ער געוואָרן א פאָר־טרעפלעכער דיכטער און דעקלאמאטאָר. פון די בּיכער וואָס זיינען פון אים דערשינען פארצייכענען מיר די פאָלגנדע: „דער פּרעמיער און האָ־לער״, געדרוקט אין יאָר 1888, „דער קלוב פון אומפאַרהייראטע מענער״, געדרוקט אין 1891, „א קלוב פון אלטע בּתולות״, געדרוקט אין 1892 און אנדערע. אָבּער זיינע וויכטיקע ווערק זיינען: „די קינדער פון דער געטאָ״, „דער קעניג פון די קבצנים״, „אָן א פּאָראורטייל״ (1896), „די טרוימער פון דער געטאָ״.

אויסער די אויסגערעכנטע בּיכער האָט זאנגוויל געשריבּן מערערע קליינע סקיצן, לידער, איינאקטיקע דראמעס, אויך אומצאָליקע ארטיקלען איבּערן אידנטום, וואָס האָבּן א וויסנשאַפטלעכן ווערט. צווישן די אלע

פון אים געשריבענע צייכענען זיך אויס די פאָלגנדע: „דאָס ענגלישע אידנטום“, וואָס האָט זיך געדרוקט אין וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל „דזשואיש קוארטערלי רעוויו“ Jewish Quarterly Rewiew, און דאָס אַרטיקל „די אידישע לאגע“ וואָס האָט זיך געדרוקט אין זשורנאַל „נאָרטה אַמעריקאַן רעוויו“.

זאַנגוויל איז געווען אַ ליטעראַרישע בין וואָס האָט געזויגן דאָס ליטעראַרישע זיסקייט פון אלע שיינע פארשידענע פעלקער-בלומען. זאַנגוויל האָט געשטעלט פאר זיך אלס מוסטער אלע גרעסטע שרייבער פון פארשידענע פעלקער און פארשידענע עפּאָכעס. אין אייניקע פון זיינע מאמרים פילט זיך זייער השפּעה. און דאָך איז זיין ליטעראַרישער טאַלאַנט אזוי פיל גרויס, אז די השפּעה שעדיקט ניט דעם אידישן טעם... זאנגוויל פירט פאר אונז פאָר אין זיינע אלע דערציילונגען, סקיצן און דראַמעס, א וועלט פון פאַרשידענע טיפּן: רבנים, וויסנשאַפטס-מענער, פילאָזאָפן, געזעלשאפטלעכע טוער, שתדלנים, שרייבער, דיכטער, קבצנים, אלערליי קאַטעגאָריעס, בעלי מלאכות, סוחרים, הויזירער, פרויען, מיידלעך, גייסטיקע מענער און פראקטישע אויף פארשידענע געביטן, פרייַלעכע טיפּן און מרה שחורה'דיקע, פרייגעביקע און קמצנים, מענטשן מיט א שטאַרקן ווילנס-קראפט און מענטשן אָן א ווילן, גלויביקע און אַטעאיסטן, פאנאטיקער און היפּאָקריטן, נאציאָנאַליסטן און אסימילאנטן, געזונטע און קראנקע, קינדער וואָס האָבן ערשט די אויגן געעפנט, און אלטע, נוטה למות'דיקע. און די גאנצע וועלט וואָס ווערט פון אים געשילדערט איז פול מיט לעבן, באַוועגט זיך, אַרבעט, שאַפט, טראַכט, דענקט, שטרעבט און האָפט, ליידט און פלאגט זיך, פאלט און הויבט זיך אויף און קעמפט מיט פארצווייפלונג, און צומאָל אויך מיט מוט און ענערגיע, פאר זיין מאטעריעלער און גייסטיקער עקזיסטענץ.. און אויף דער גאַנצער פון אים געשילדערטער וועלט, שוועבט אַ פּאָעטישער צויבער.

זאַנגוויל שילדערט פאר אונז דעם אָרימאַנס וואוינונג אין דער אידישער געטאָ, אין איינעם פון די נאסע און פינסטערע קעלערס, אָדער אין די שמאָלע, ענגע דאך-שטיבלעך, אויף אזוי פיל נאטירלעך, אז עס שטייט פאר אונז מיט אַלע שרעקלעכע פאַרבן און געשטאַלטן. אָבער אין דעם שרעקלעכן אויסזען, אין דעם גרויל פון אָרעמקייט, אין דעם עקל פון קבצנות, ווייזט אונז זאנגוויל האָפענונגס - בלומען, פאַנטאַסטישע רויזן;

אינם טונקלען, אומעטיקן לעבן פון די לאַנדאַנער אידישע הויזירער, ווייזט ער אונז דעם אָריענטאַלישן פּאָעטישן צויבער.. זאנגוויל דער בעלעטריסט, פירט אונז אריין אין די ווארשטאַטן פון דער אידישער געטאָ און ווייזט אונז דאָרט דאָס באַזונדער־ארטיקע לעבן מיט אַלע שטריכן, אין זיין דערציילונג „די פליענדע קאַטשקע" ווייזט ער אונז דאָס ארבעטס־צימער, וועלכעס דינט אויך פאַרן אויפנאַמס־ און שלאָף־צימער פון דעם גארבער לוי, די דינע פעל האָר וואָס פילן אָן דעם גאנצן חלל פונם צימער, און אויך די מיילער פון אַלע ארבעטער, און באדעקן אויך דאָס וואסער פון אלע כלים, און די מאכלים אין די שיסלען און טעלער, די קליידער און די שיך. ער ווייזט אונז דעם ווירט פון דער פאבריק... דער טובערקולאָזער, וועל־כער איז ווי א צוגעקלעבטער צו דער ארבעט, סיי ביי טאָג און סיי ביי־נאַכט. מיר הערן זיין הוסטן, זיינע שטילע זיפצן. מיר זעען זיין שיינע טאָכטער רחל, וועלכע ווערט דערצויגן אינם האר־קעניגרייך... מיר זעען ווי זי ווערט דערשטיקט און לויפט נאָך לופט, און זוכט זי אין דרויסן...

און די „פליענדיקע קאַטשקע" דערוויטערט זיך פון דער אידישער גאָס, פון איר הינער־שטייג, און מיר זעען זי צוריקקערן אין די ימים נוראים... זאנגוויל פירט אונז אויך אריין אין די פּאַלאַצן פון די אידישע מאַגנאַטן און ווייזט אונז זייער באַזיץ, און מיר זעען דאָרט די ערבוביה פון זייער געשמאַק און דאָס ניט אויסגעהאַלטנקייט פון זייערע געדאנקען. זייער שטרעבן צום מאָדערניזם און זייער גלויבן צו אלטערטימלעכקייט; מיר זעען אין זיינע דערציילונגען די אידן וואָס נעכטן האָבן זיי געהאַנדלט מיט אַלטע הויזן... און זיך געגראַבלט אין די מיסטן... און היינט זיינען זיי אריסטאָקראַטישע מאגנאַטן באַזיצנדיק די שטאָקיקע פּאַלאַצן. ער ווייזט אונז די אראָגאַנץ און האָכמוט פון די וועלכע זיינען אויפגעקומענע, איבער איין נאַכט רייך געוואָרענע... פון די וואָס טראָגן אויסצייכענונגס־מעדאַליען אויפן הארצן און א קופּה מיט שרצים אויף זייערע פּלייצעס... ער ווייזט אונז אויך דעם גורל פון דער אידישער איינפאכער פרוי, אירע צרות און מאָראַלישעליידן, ווען דער מאן האָט אונטער איר א מעטרעסע... זאַנגוויל מאָלט פאר אונז מיט אויסערגעוויינלעכער נאַטירלעכקייט, דאָס אידישע קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דער געטאָ, זיינע בלאַסע שטרעבונגען און בלינד גלויבן צו דער וועלט, וועלכע איז אויסער דער געטאָ, צו די מענטשן פון יענער זייט טייך, און זיין גרויסע שמחה, ווען

ער גנב'עט זיך ארויס איינמאָל אין זיין לעבן, אין יום כפור, פון דער געטאָ, און קומט אין שטאָט צו די גויים, ווען עס דערזעט דאָס נייע לעבן פון יענער זייט געטאָ... („פון דער ווענעציאַנישער געטאָ"). ער ווייזט אונז דעם אידן, דעם יונגן, אויפגעקלערטן זון פון אונזער דור, און דער משכיל פונם לעצטן יאָרהונדערט („חד גדיה"). דער פאָטער איז עקסטרעם רעליגיעז, זיין גלויבן אין גאָט איז אָן חכמות, ער פילט זיך גליקלעך מיט זיינע רעליגיעזע אָנשויאונגען, און אין דער צייט, ווען ער זינגט פסח צום סדר דעם סקאַרבאָווון ניגון פון „חד גדיה", קערט זיך צוריק פון מרחקים זיין זון, וועלכער האָט מיטגעבראכט מיט זיך, אויסלענדישע חכמה און וויסנשאַפט; ער רעכנט זיך פאר איינעם פון די גרעסטע און געצייכנטע פון דער קעגנווערטיקער עפּאָכע, ער פילט זיך אָבער אומגליקלעך, זיין לעבן איז אים צו לאסט, מיט זיינע געפילן און נייגונגען די פאַרבאָרגענע איז ער א אָריענטאַלישער טיפּ, און נאָך זיינע קענטעניש איז ער א מערב'דיקער... זאנגוויל ווייזט אונז די שפּאַלטונג אין זיין גייסט, די סתירות און ווידערשפּרוכן אין זיין „איך"... ער וואקלט זיך צווישן די אי־דייען פון דעם גרויסן פאָרשער ווייסמאַן און אנדערע גרויסע פאָרשער און פילאָזאָפן פון דער לעצטער צייט, און צווישן דעם אידנטום, זיין טראַ־דיציע, וועלכע איז אים געקומען בירושה פון זיינע עלטערן. זיין שכל איז קאַלט ווי אייז, און לויטער ווי קרישטאָל... און זיין הארץ איז וואַרעם און פאָדערט דאָס איינגעוואָרצלטע אידישקייט צו אויספאָלגן... ער איז א וואקלענדיקע באשעפעניש, אן אטעאיסט, און קאָן זיך ניט צופּאסן צום אַטעאיזם. ער פילט, אז דאָס לעבן אָן א גאָט, די וועלט אָן אמונה, מאַ־טעריאַליזם אָן גייסט, די צייט אָן נצחות, איז אים צו לאסט. און ער זוכט צו דעם אַלעם אן ענדע מאכן דורך זעלבסט־מאָרד...

זאַנגוויל אונטערשיידט זיך פון אַלע אנדערע גדולים אין זיין עפּאָכע. אויך די אנדערע אידישע ליטעראַרישע גדולים, אין דער רוסישער שפּראַך, ווי לעוואנדא, ראַבינאָוויץ, און נאָך אנדערע, האָבן פאַרשטאַנען ווי צו שילדערן די שטרעבונגען פונם אידן צו רייכטום, צו השכלה, צו מענטשלעכע רעכט, צו אן אָנשטענדיקע שטעלונג און פארנעמונג אין דער געזעלשאַפט. זיי האָבן אָבער ניט געפילט און ניט פארשטאַנען די נשמה פונם אינטעליגענטן אידן וועלכער זוכט זיין גאָט און בענקט אין דער טיפעניש פון זיין הארצן צום גלויבן, צום פשוטן אָן חכמות'דיקן גלויבן

פון זיינע עלטערן פון וועלכן ער האָט זיך, א דאנק זיינע דעות און חקירות, דערווייטערט. זאנגוויל אָבער פילט מיט זיין גאנצער נשמה די בענקע־נישן, די פארבאָרגענע שטרעבונגען פון דעם אינטעליגענט צום אידישן גלויבן, וועו אויך ער איז גאנץ ווייט פון דעם (זע זיין דערציילונג: „אוריאל אקאָסטא״)

אין יאָר תרנ״ז, 1897, איז זאנגוויל געגאנגען מיט לאָנדאָנער טוריסטן „המכבים״ קיין ארץ ישראל, און דאָס לאנד האָט אויף זיין פּאָעטישער נשמה געמאַכט אן אומגעהויערע ווירקונג... דאָרט, אויף דער ערד פונם ארץ אבות, האָט ער דערפילט די ענעדרונג וואָס עס מאַכט אויף אים דער גייסטיקער אויר פון ארץ ישראל... נאָך איינעקע טעג אָפּפאָרן פון ארץ ישראל שרייבט ער צו בן יהודה (זע „האַנט־בוך״ 2־טע טייל, זייטן 232—233): „די ערבוביה אין מיין גייסט איז א קאָנסעקווענץ פונם תוהו ובהו אין ירושלים, אן אויסמישונג פון אלטקייט מיט נייקייט... אין דער זייט פון געפילן און געדאנקען, וועלכע האָבן פארדינט רעספּעקטירט צו ווערן פאר זייער אלטקייט, שטייען אויך געפילן און געדאנקען, וועלכע פארדינען רעספּעקט פאר זייער יונגקייט... איך, דער שרייבער פון „די טרוימער פון דער געטאָ״, האָב געפינען אין ירושלים צווייערליי טיפּן טרוימער: טרוימער מיט פארמאַכטע אויגן און טרוימער מיט אָפענע אויגן...״

אינם זעלבן יאָר, תרנ״ז, 1897, איז זאנגוויל געקומען קיין באזעל בייצוזיין דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. ער איז געקומען ניט אלס דעלעגאט, נאָר אלס זשורנאַליסט. דער איינדרוק וואָס דער קאָנגרעס האָט אויף אים געמאַכט, איז אן אומגעהייערער געווען. „די נאַציאָנאַלע באוועגונג — שרייבט ער צו זיינעם א פריינט — איז פיל מער טיפער, פיל מער שטאַר־קער ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט״.

ווי שוין פריער געזאָגט, איז זאנגוויל דער שאַפער פון טעריטאָריאַ־ליזם. די דאָזיקע ריכטונג אין דער נאַציאָנאַלער באוועגונג פון אידישן פאָלק, האָט געהאט איר אקטואַליטעט אין זיין צייט. זאנגוויל זעלבסט האָט זיך שפּעטער ארומגעזען אויף זיין פּאָליטישן טעות..

זאנגוויל, מיט זיין גרויס ווייסנשאַפט, איז געווען אן „ענו״ און א „בישן״, ניט געווען געווען פון „פּראים״... און וועו אויך ער איז געווען באַ־ליבט ביי דער גרעסטער אריסטאָקראַטיע, סיי אידישע, סיי ניט אי־

דישע, האָט ער דאָך שטענדיק אויסגעמיידט צו קומען אין עפנטלעכע אונטערהאַלטונגס־פּלעצער. ער האָט זיך מיט לייב און לעבן אריינגע־וואָרפן אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, זי איז בײַ אים געווען דאָס איינ־ציקע און גרעסטע פאַרגעניגן..

## ה. תרפ״ט — 1929. — די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע.

טיפן צער און ווייטיק האָט אַרויסגערופן דאָס בלוט, וואָס איז פאַר־גאָסן געוואָרן אין פּאַלעסטינע צוליב פאַרשידענע אינטריגעס. און אַ צאָרנ־דיקער פּראָטעסט האָט זיך אַרויסגעריסן קעגן די שולדיקע סיי פון דער רעכטער זייט און סיי פון דער לינקער. דאָס וויל זאָגן, פון אַלע ריכטונגען און פון אַלע קלאַסן אין דעם נאַציאָנאַלן אויפבוי פון אונזער לאַנד.

יעדער קלאַס האָט אַרויפגעוואָרפן די שולד אויף די וועלכע זיינען נאָך זייער מיינונג און איבערצייגונג, די שולדיקע. שולדיק אין דעם פאַר־גאָסענעם בלוט — האָבן אייניקע געזאָגט — איז די ענגלישע אימפּעריאַ־ליסטישע מאַכט, וועלכע באַמיט זיך אין פּאַלעסטינע אָנצורייצן איין פאָלק אויפן צווייטן, כדי זי זאָל קענען לייכטער הערשן איבער זיי ביידע...
שולדיק זיינען — האָבן געזאָגט די פּועלי ציוניסטן — די בורזשואַזע ציוניסטן, וועלכע קוקן אַרוים אויף די חסדים פון ענגלישן אימפּעריאַליזם; שולדיק זיינען — האָבן די געמעסיקטע ציונים געזאָגט — זשאַבאָטינסקים „חיל”, וועלכע האַלטן אין איין ליאַרמען וועגן ווייזן „אַ שטאַרקע פויסט” די אַראַבישע מאַסן. אַלע האָבן אָבער מודה געווען, אַז די גרעסטע שול־דיקע זיינען די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן, די עפענדים און מופטים, וועל־כע וועקן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם בײַ די אָפּגעשטאַנענע אַראַבישע מאַסן און רייצן זיי אָן אויף די אידישע מאַסן, כדי אַזוי אַרום אָפּצו־ווענדן פון זיך דעם צאָרן פון די אָרעמע אַראַבישע אַרבעטער, וועלכע זיי האַלטן אין פינצטערניש און קנעכטשאַפט. און דאָך איז אַ פאַקט, אַז עס האָבן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס האָבן טריאומפירט און זיך געפרייט איבער די בלוטיקע געשעענישן און זיך געריבן די הענט פאַר נחת, און די זיינען ניט קיין אַנדערע געווען ווי די, וועלכע זאָרגן זיך פלומרשט פאַר די אידישע מאַסן, וועלכע זיינען פלומרשט אויסן די טובה פון די אידישע אַרבעטער. מיר מיינען די פירער פון „בונד” און פון די „יעווסעקעס” (אי־דישע קאָמוניסטן). מיט אַ רחמנותדיקן פּנים איז דער צענטראַל־קאָמיטעט

פון „בונד" ארויס מיט א דערקלערונג: „מיר האָבן ניט אויפגעהערט צו וואָרענען, אז די ציוניסטישע ארבעט אין פאלעסטינע איז אן אויסזיכטס־לאָזע און דערביי א געפערלעכע שפיל"... און דער בונדישער צ. ק. דער־קלערט ווייטער: „די טראגישע געשעענישן אין פאלעסטינע באדייטן א צוזאמענברוך פון אלע ציוניסטישע האָפענונגען". אינם זעלבן אופן איז ארויס די קאטוילישע פרעסע־אגענטור מיט איר פאָלגנדן קאָמוניקאַט: „דער פויפסט האָט פראָטעסטירט ביים פעלקער־בונד קעגן דער באלפור־דעקלאראציע, פאָראויסזעענדיק די סכנות וואָס ווערן דורך דער דאָזיקער דעקלאראציע געשאפן פארן הייליקן לאנד... די לעצטע בלוטיקע קאמפן האָבן בולט באוויזן — שרייבט די פרעסע־אגענטור — אז דער וואטיקאן איז גערעכט, און אז די האָפענונגען ווידער אויפבויען די אידישע מלוכה אין ארץ ישראל, געהערן צו די חלומות וואָס קאָנען ניט דערפילט ווערן"...

און אזוי ארום האָט זיך געשאפן צו יענער צייט אן „איינהייטלעכער פראָנט" פון גוי'אישע שונאים מיט אידישע שונאים. עס האָט זיי פאר־אייניקט די פלאמענדיקע שנאה צו דעם נייעם אידישן לעבן, וואָס שאפט זיך אין פאלעסטינע, און די האָפענונג, אז אין די טייכן בלוט וועט דער־טרונקען ווערן דער „פאלעסטינער חלום" וואָס פארשאפט זיי אזוי פיל עגמת נפש...

מיר האָבן אויבן דערמאנט, אז די גרעסטע שולדיקע אין די פאלעס־טינער בלוט־געשעענישן זיינען געווען די אראבישע נאציאָנאַליסטן און רייכע עפענדים וועלכע האָבן אויפגערייצט די אראבישע מאסן קעגן דעם בליענדן אידישן ישוב.

טעג פון טרויער און אומרו האָבן די דאָזיקע געשעענישן געבראכט פאר דעם גאנצן נאַציאָנאלן אידנטום פון דער גאָרער וועלט. אין מאָנאַט אב (אויגוסט) פון יאָר 1926, האָבן זיך די רעאַקציאָנערסטע כוחות פון דעם פאלעסטינער אראבערטום פארשוואוירן אז זיי מוזן אויסראָטן די אידן פון פאלעסטינע און צעשטערן דעם בליענדן אידישן ישוב. אָבער עס איז זיי נישט געלינגען. די פאלעסטינער רעגירונג האָט אָנגענומען א פאַ־סיווע שטעלונג אין אָנהויב פון די ווילדע אראַבישע אַטאַקעס אויף די אי־דישע קאָלאָניעס און שטעט; אין די ערשטע, האָבן אידישע אַרבעטער און חלוצים ארויסגעוויזן א מוסטערהאפטן און העלדישן ווידערשטאַנד קעגן די אויפגערייצטע אַראַבער. אונזער יוגנט אין די אידישע קאָלאָניעס האָט

באוויזן פאר יעדן איינעם וואָס האָט נאָר אַן אינטערעס אינם אויפבוי פון דער אידישער היים, אַז אין ארץ ישראל ווערט געשאַפן נישט נאָר א היים פאר די גלות-אידן נאָר אַן אנדער מין טיפּ איד.

גרויס העלדישקייט האָבן אראבער באוויזן איבערפאלנדיק די שטאָט צפת און דערמאָרדנדיק אומבאשיצטע אלטע אידן און אומבאוואָפנטע יונגע לייט פון דער דאָרטיקער ישיבה.

די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע, זיינען אַן צווייפל געווען א שטאַרקער קלאַפּ פארן דאָרטיקן אידישן ישוב; זיי האָבן אָבער אויך באַוויזן אז מיר זיינען גרייט צו פארטיידיקן יעדן שריט ערד ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט, און אזוי ארום אויפהויבן די ווירדע און אכטונג צום גאנצן אידישן פאָלק וואָס איז צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט.

### ה. תרצ״ג — היטלער קומט צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד.

מיט א פיינלעכן געפיל פארצייכן איך דעם דאָזיקן דאטום אינם „האַנט-בוך". די געשעענישן אינם דערמאנטן לאַנד זיינען נאָך נישט פאַר-איבער, די מאָראלישע און פיזישע ליידן פונם אידישן פאָלק זיינען נאָך פריש און עס איז דעריבער אוממעגלעך צו שרייבן רואיק, אָביעקטיוו און אויספירלעך וועגן היטלערן, היטלעריזם און אידישע ליידן.

דאָס קומען פון היטלערן צו דער ממשלה אין דייטשלאַנד, איז א באַזונדערע „מגילת איכה" נישט נאָר פאַר די אידן אין דייטשלאַנד, נאָר אויך פאַר די אידן פון גאָר דער וועלט. דער נאַציזם בושעוועט אין דייטש-לאַנד און לאָזט פילן זיין איינפלוס איבער דער גאַנצער וועלט, וואו עס געפינט זיך נאָר א אידישער ישוב.

צוליב דער פיינלעכקייט און גאָר נאָענטקייט פון די דאָזיקע געשעע-נישן, וועל איך דערפאַר נישט ברענגען דאָ אַן אויספירלעכע באשרייבונג פון די זעלבע.

מיט היטלערס קומען צו דער רעגירונג אין דייטשלאַנד, הויבן זיך אָן פאַרפאָלגונגען אויף די אידן, נישט נאָר קעגן די ניט לאַנג איינגעוואַנ-דערטע, נאָר אויך קעגן יענע וואָס האָבן שוין דאָרט געוואוינט זייט דורות-לאַנג, האָבן זיך אסימילירט און זיך גערעכנט פאַר דייטשן. דער נאַציזם שטויסט ארויס די דייטשע אידן פון אלע זייערע פּאָזיציעס אויף אלערליי געביטן; די נאַצים פירן אַן אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט כדי צו דער-

שטיקן די אידישע סוחרים; אידישע פראָפעסיאָנאַלן ווערן אראָפּגעטריבן, אויפן ברוטאלן היטלעריסטישן שטייגער, פון זייערע פּאָסטנס; דער נאַציזם וויל מאַכן דייטשלאנד אידן-ריין און ער שטעלט זיך ניט אָפּ פאר קיין שום מיטלען; דער היטלעריזם האָט איינגעפירט פייניקונגס- און אונטערדריקונגס-מיטלען, וואָס נאָר אין דער פינסטערער מיטלאלטער האָט מען זיי באנוצט.

איין טרייסט בלייבט אונז, און איין האָפענונג האָבן מיר. ווען מיר שרייבן די דאָזיקע צײלן: די טרייסט איז, וואָס דאָס וועלט-אידנטום האָט רעאגירט מיט א קעגן-באָיקאָט וואָס לאָזט שוין פילן זיינע פאָלגן אויף דער עקאָנאָמיק פון דייטשלאנד. און די האָפענונג איז, אז היטלער און היטלעריזם וועט לאנג נישט דויערן, אורטיילנדיק פון די גאָר לעצטע געשעענישן אין דייטשלאַנד: די הויפּט-פירער פון נאַציזם האָבן אָנגעהויבן צו פארניכטן זיך איינער דעם אַנדערן.

און עס קומט אויפן געדאנק די נבואה פון ישעיה הנביא אויף מצרים:

„וסכסכתי מצרים במצרים, ונלחמו איש באחיו ואיש ברעהו... וסכרתי את מצרים ביד אדונים קשה" (איך וועל אָנרייצן מצרים אויף מצרים, זיי וועלן קעמפן איינער מיטן צווייטן, און איך וועל איבערגעבן די מצרים אין די הענט פון א דעספּאָטישן אדון). די זעלבע נבואה וועט מקוים ווערן אויך אויף דעם היטלעריסטישן דייטשלאנד...

# עמק הבכא און נאך הדמעות

(די מלחמה און די נאך־מלחמה יאָרן—ה. תרע"ד—ה. תר"פ—1914—1920)

## ע מ ק   ה ב כ א

מען קען זאָגן, אז באלד נאָך דעם אויסבּרוך פון דער וועלט־מלחמה, האָבּן זיך אָנגעהויבּן די ליידן פון די אידן אין אייראָפּע בכלל און פון די אידן אין רוסלאַנד, אוקראַינע און פּוילן בּפרט. די לאָיאַליטעט וואָס די אידן האָבּן ארויסגעוויזן צו די רעגירונגען, וואָס האָבּן אָנטיילגענומען אין דער מלחמה זיינען, מיט איינציקע אויסנאַמען, בּאַצאָלט געוואָרן מיט פּאָגראָמען, מיט אכזריותדיקע שפיכת דמים. עס איז גענוג צו לייענען „דאָס שוואַרצע בוך", אין וועלכן עס איז פארצייכנט די אומגליקלעכע אי־בּערלעבּונגען פונם אידישן פאָלק אין אוקראַינע און פּוילן, כּדי מען זאָל זיך קאָנען שאפן א בּאגריף פון דער אידישער לאָיאַליטעט און ווי אזוי מען האָט זיי דערפאר בּאַצאָלט.

ווען ס'איז דערקלערט געוואָרן קריג, האָבּן די רוסישע אידן גענוצט א געלעגנהייט צו ווייזן דער קריסטלעכער בּאפעלקערונג, אז טראָץ אלע פארפאָלגונגען פון דער פארגאנגענהייט, זיינען זיי בּארייט צו פארגעסן זייער טראַגישע געשיכטע און אָנפאַנגען צו לעבּן אויף דאָס ניי מיט אַ פארייניקטער רוסלאַנד...

טויזנטער אידישע יונגעלייט, וואָס זיינען געווען געצוואונגען צו פאר־לאָזן רוסלאַנד, כּדי צו בּאקומען די בּילדונג, וואָס זייער אייגן לאַנד האָט זיי אַנטזאָגט, האָבּן פרייוויליק זיך אומגעקערט און זיך אָנגעשלאָסן אין דער ארמיי, ווען אויך זיי האָבּן געוואוסט, אז די האָפענונג פון פאָרצוג, צו דערדינען זיך צו וועלכן ס'איז העכערן ראנג, איז פאר זיי אויסגע־שלאָסן.

אויפן שלאַכט־פעלד האָבּן אידישע סאָלדאַטן ארויסגעוויזן העלדיש־קייט און אינטעליגענץ, דורך וועלכע זיי האָבּן געוואונען דעם רעספּעקט פון זייערע קריגס־חברים, און אויך פארשידענע אויסצייכענונגס־מעדאלן. די אידן, אויסערהאלב דעם קריגס־פּלאַץ, האָבּן אויסגעשטאַטעט שפּיטע־

לער פאר פארוואונדעטע סאָלדאטן אָן אונטערשיד פון ראסע און גלויבן; בייגעשטייערט צו אַלע געשאפענע פאָנדן. די רוסישע אידן האָבן געגלויבט אז די פארייניקונג מיטן רוסישן פאָלק, וועט פארווירקלעכט ווערן. עס האָט זיך אָבער באלד ארויסגעוויזן, אז די קייטן מיט וועלכע זיי זיינען געווען געשמידט אין דער פארגאנגנהייט, זיינען צו שטאַרק אויף צו קענען צע־בראָכן ווערן, און אויף די רוסישע ווילדע חיות האָט זייער העלדישקייט קיין רושם ניט געמאַכט, און זיי האָבן פאר זיי באשטימט די גרעסטע טראגעדיע אין דער היסטאָריע. די פּאָליאקן און די אידן זיינען שטענדיק געווען ליידנס־גענאָסן פון דער רוסישער טיראניי, אין אָנשטאָט צו ווערן פארברודערט אין אן עת צרה, זיינען זיי צו אידן געוואָרן די גרעסטע שונאים נאָך אין א פיל גרעסערער מאָס ווי צופאָר, אַ דאַנק די בלבולים וואָס די שוואַרצע קראָען האָבן צווישן זיי פארשפּרייט, נאָך פאר דעם מלחמה־אויסברוך. די פּאָליאקן האָבן דערקלערט א שרעקלעכן באָיקאָט קעגן די אידן, און ווען דיביידע קעגנער, די רוסישע און די דייטשע, האָבן געזוכט צו געפינען חן ביי דער פוילישער באפעלקערונג, צוזאָגנדיק זיי פארשידענע גליקן, האָבן די פּאָליאַקן זיי באצאָלט מיט מסר'ן אידן אלס שפּיאָנען און פאַרעטער.

דער משלם רעה תחת טובה, האָט אָנגענומען א שוידערלעכע פאָר־מע... אין גאליציע האָבן די אידן, אין די צען מאָנאַטן, וואָס די רוסן האָבן עס געהאַלטן פארנומען, געליטן נאָך פיל ערגער ווי די אידן וואָס האָבן געוואוינט אין דער רוסישער „טשערטאַ".

אין רומעניע איז אידישע לאָיאַליטעט באצאָלט געוואָרן מיט א גירוש פון אַלע שטעט נעבן דער עסטרייך־אונגארישער גרענעץ טיפער אין רו־מעניע. אין פּאַלעסטינע האָט מען אידישע טריישאפט באצאָלט מיט א גירוש פון אכט טויזנט אידן.

אין די אנדערע מלחמה־לענדער, וואו אידן האָבן געהאַט ביז דער מלחמה א צופרידענע פרייהייט, איז די אידישע לאָיאַליטעט ניט געקומען צו דער מדרגה פון משלם רעה תחת טובה. אידן האָבן אין ענגלאנד צו־געשטעלט צו דער ענגלישער ארמיי זיבעצן טויזנט רעקרוטן, אכט מיט א האלבן פּראָצענט פון דער אידישער באפעלקערונג, קעגן זעקס פּראָצענט פון דער ניט אידישער. אין דייטשלאַנד, אָט אין דעם היטלעריסטיש גע־וואָרענעם דייטשלאנד, האָבן אידן ארויסגעוויזן זייער לאָיאליטעט. זיי

האָבן דאָרט פאַרנומען אָנגעזעענע פּאָסטנס אין יעדן דעפּאַרטאַמענט פון
דער אינדוסטריעלער מאָביליזאַציע פון לאַנד.

אין פראַנקרייך, איטאַליע, עסטרייך־אונגארן האָבן אידן פאַרנומען פּאָסטנס אלס קאָמאַנדירן פון דער ארמיי אויפן שלאַכט־פעלד, און אויך פיל מעדיקער און קראַנקנשוועסטער אין דער ארמיי.

דאָס אידישע פאָלק האָט אומעטום ארויסגעוויזן אָפּפערווויליקייט, טרייהייט און איבערגעבנקייט צו יעדן לאַנד אין די מלחמה־יאָרן. מיט וואָס עס איז דערפאַר באַצאָלט געוואָרן, וועט דער לייענער זען אין די ווייטערדיקע בלעטער פון „עמק הבכא". דער לייענער וועט זיך אויך דערוויסן ווי ווייט די ציוויליזאַציע און די קולטור האָט פּראָגרעסירט...

אין תשעה באב, דעם 2־טן אויגוסט 1914, האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. א סערב האָט דערמאָרדעט דעם עסטרייכישן טראָנפאָלגער, און א דאַנק דעם זיינען דערמאָרדעט געוואָרן מיליאָנען מענטשן. פאַר אידן איז אויך דער תשעה באב געוואָרן א סימבאָל פון צרות, פּיין און אנגסטן. די רוסישע אידן, די שטענדיק געפּלאָגטע און גערודפטע פון דער רוסישער מאָנאַרכיע, האָבן ניט געזוכט דעם שעת הכושר אָפּצומאָנען זייער חוב פון אלע גרויזאַמע הערשער פון דער דערמאַנטער באַרבאַרישער מאָנאַר־כיע. זיי האָבן ניט געוואונטשן די מפּלה פון רוסלאַנד, אזוי ווי ס'האָבן עס געוואונטשן די טשעכן אין עסטרייך, די ארמענער אין טערקיי, און די פינלענדער אין רוסלאַנד; נאָר פאַרקערט, די אידן האָבן ארויסגעוויזן אן אמת'ן פּאַטריאָטיזם. ערנסטע רוסן האָבן דאָס אנערקענט, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם קאַדעט ווינאָווער, מיט זיין רעפעראַט דעם זעקסטן יוני 1915, פאַרן צענטראַל קאָמיטעט פון די קאַדעטן, און אויך ציוניסטישע עסקנים, ווי אדוואָקאַט ראָזענבוים, דער ליטעראַט און שריפטשטעלער דראַיאַנאָוו, און דער עסקן גרינבוים. די אלע האָבן געבעטן פאַר רוסלאַנדס נצחון. אז אידן האָבן געוואָלט רוסלאַנדס זיג איז אויך צו זען פון דעם צירקולאַר וואָס די ווילנער קהלה האָט ארויסגעלאָזט, אין וועלכן עס ווערט אויסגעדריקט דער פּאַטריאָטיזם פון דער אידישער געמיינדע. באַלד ביי דער ערשטער מאָביליזאַציע האָבן אלע גערופענע אידן זיך צוגעשטעלט און עס זיינען אויך געווען א סך פרייוויליקע. און דאָך האָט די באַרבאַרישע מאָנאַרכיע דאָס אלעס אין אכט ניט גענומען. און ניט נאָר איז די לאַגע פון די אידן נישט פאַרבעסערט געוואָרן, נאָר זי איז אן

א שיעור און אן אַ ערך פאַרערגערט געוואָרן. די אַלע פּאָליטישע פּאַר־טייען, ביי וועלכע די אידישע אויסראַטונג האָט געטראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, יעדע פּאַרטיי נאָך איר שטה, האָבן איצט אויסגענוצט די מלחמה פאַר א מיטל אויף דורכצופירן זייער שטה.

ווען די מלחמה האָט זיך אנגעהויבן, איז אין רוסלאַנד געווען אינערן־מיניסטער מאַקלאַקאָוו, א ברודער פונם קאַדעטישן דעפּוטאַט אין דער דומאַ. דער מיניסטער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם „רוסקי סאָיוז״, און וויפיל ס׳איז אים מעגלעך געווען, האָט ער אַלע זייערע פאָדערונגען נאָכגעגעבן, איבערהויפּט בנוגע אידן האָט ער מיטן גרעסטן ציניזם זייער פאָדערונג פאַרווירקלעכט.

אלס פעלד־מאַרשאַל האָט מען דאַן באַשטימט דעם באַוואוסטן אי־דישן צורר, פירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער וואָס איז באַקאַנט מיט זיין אכזריות. דער הויפּט פונם גענעראַל־שטאַב, איז געוואָרן דער גענעראַל יאַנושקעוויטש, איינער פון דער „אַדעליקער פּאַרטיי״, אַ פּאַרטיי, וואָס האָט קיין גלייכן ניט געהאַט פאַר איר רעאַקציאָנערע טענדענץ. דער יאַנושקעוויטש האָט אייניקע יאָר פאַר דער מלחמה אַגיטירט אויסצו־שליסן אידן פון מיליטער־פליכט, כדי צו מאַכן זיי אינגאַנצן הפקר.

יאַנושקעוויטש, צוזאַמען מיט דעם „רוסקי סאָיוז״, האָבן פאַרטראַכט א טייוולישן געדאַנק, אויסנוצן די מלחמה צו זייער וואונטש, אויסצוראָטן דאָס רוסישע אידנטום. דער באַדען דערצו איז געווען גאַנץ גינסטיק פאַר זיי. יאָר און יאָר האָט מען זיך באַמיט איינצופלאַנצן די גרעסטע שנאה צו די אידן אינם הארץ פון רוסישן פאָלק. די זשורנאַליסטיק, ניט נאָר די שווארצע, נאָר אויך די מעסיקע, האָט ארויפגעוואָרפן די שולד אויפן אידן פאַר אַלע צרות וואָס זיינען געקומען אויפן רוסישן פאָלק. די רוסישע אָפיצירן, פון דעם גרעסטן ביז דעם קלענסטן, זיינען אַלע געווען צוררי ישראל דע פאַקטאָ. און אויף אזא באָדן איז גאַנץ לייכט אָנגעקומען צו פאַרזייען א נייע באַשולדיקונג, אז אידן ווילן זען רוסלאַנדס מפּלה, און דעריבער זיינען זיי אַלע פאַרעטער און שפּיאָנען לטובת די דייטשן. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען אַז אַזאַ באַשולדיקונג וועט זיך גלייך אָננע־מען אין די הערצער פון אַלע רוסן און וועט זיי אָנשטעקן מיט דער גרעס־טער שנאה צו אידן. די שנאה איז אזוי גרויס געוואָרן, אז ס׳האָט זיך געמערקט אין איר סמנים פון פּאַטאָלאָגיע... פאַרשטאָקט די הערצער,

בלינד געמאַכט די אויגן און אָפּגענומען דעם שכל. די שנאה און בלבולים זיינען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו גלויבן אַז אַ געזונטער און מענטשלעכער מח זאָל זיי קענען אויסטראַכטן. אַזוי צ. ב. זיינען אידן באַשולדיקט געוואָרן אַז זיי שטעלן אַריין טעלעפאָנען אין די ערד, פילן אָן גענז מיט גאָלדענע מטבעות און שיקן זיי איבער צום שונא, פירן איבער אָקסן און קי אויף עראָפּלאַנען צו די דייטשן. די שנאה איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז זיי האָבן זיך אַפילו געטרייסט מיט דעם פאַרלוסט פון וועלכער ס׳איז טעריטאָריע, וואָס וועט אַזוי אַרום באַפרייען די „אָטשעסטווא״ פון די אידן וואָס געפינען זיך אויף דער טעריטאָריע. יאַנושקעוויטש מיט זיינע שוואַרצע חברים האָבן געהאַט פיל מיטהעלפער אויף דורכצופירן זייער טייוולישן פּלאַן:

1) פּראָוואָקאַציע פון זשאַנדאַרן און נאָכשפּירער, וועלכע זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן ביי די מיליטערישע לאַגערן, און באַשולדיקן די אידן אין שפּיאָנאַזש. די באַשולדיקטע פלעגן על פּי רוב אָן אַ שום חקירה ודרישה געטויט ווערן.

2) שפּיאָנען צווישן די הויכראַנגיקע אָפיצירן, ווי מיאַסאיעדאָוו און זיינע חברים, פלעגן זייער שפּיאָנאַזש אַרויפוואַרפן אויף אידן, כדי צו פאַרדעקן זייערע פאַרעטערישע מעשים.

3) דאָס שטרעבן צו געפינען אַ שעיר לעזאזל אַרויפצולייגן אויף אים די שולד פון דער סבה פון זייערע מפּלות, וועלכע זיינען געקומען, ווי באַוואוסט, אַ דאַנק די אומפעאיקייטן, באַוואוסטלאָזיקייט, פוילקייט און נאָכלעסיקייט פון די מיליטער־פירער.

4) די שנאה צו די אידן מצד די פּאָליאַקן, וועלכע האָט זיך פאַרשאַרפט אין דער צייט פון פאַר דער מלחמה. אויך די צוררים אין פוילן, וואָס אויף איר ערד האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, האָבן געזוכט אויסנוצן די מלחמה — ווי יאַנושקעוויטש מיט זיינע חברים — אויף זיך נוקם צו זיין אין די אידן. און „מואב און מדון האָבן שלום געמאַכט צווישן זיך״...

5) דאָס אויסערלעכע אויסזען פון די פוילישע אידן, זייער ניט באַוואונטקייט אין דער רוסישער שפּראַך, דאָס אידישע לשון, וועלכעס איז ענלעך צו דייטש, דורך וועלכן די דייטשן האָבן זיך געקענט צוזאַמענרעדן מיט די אידן, און די רוסן ניט.

6) דער בראַך אינם עקאָנאָמישן לעבן, אַ קאָנסעקווענץ פון דער

מלחמה, האָבן אידן פון געוויסע קרייזן, צום באַדויערן, אויסגענוצט אויף זייער חשבון. ווי צום ביישפּיל שמוגלען, פאַרברעכערישע שפּעקולאַציע וכדומה. כאָטש די פאַרברעכער זיינען געווען געציילטע, האָט מען דאָך די שולד ארויפגעלייגט אויפן גאַנצן פאָלק.

7) א באַרעכטיקטער פאַראורטייל. די מיליטער־באַאמטע האָבן זיך בשום אופן ניט געוואָלט גלויבן, אז אידן זיינען לאָיאַל צו דער רוסישער מאָנאַרכיע און אז זיי וואונטשן ניט די רוסישע נידערלאַגע, נאָכדעם ווי זיי ווערן אזוי פאַרפאָלגט פון דער רעגירונג. און ס'איז דאָך קיין וואונ־דער ניט, וואָס אידן ווערן פאַררעטער און שפּיאָנען. זיי — האָבן זיי זיך געטראַכט — וואָלטן אויך ניט בעסער געווען, ווען זיי געפינען זיך אין זייער לאַגע. זיי האָבן דאָך געוואוסט, אז אזוי פירן זיך אויף די טשעכן, די אַרמענער און די פינלענדער. ס'האָט זיך אפילו אויך געפונען א דעפּו־טאַט אין דער דומאַ, וועלכער האָט דייטלעך דערקלערט, אז אידן האָבן פאָלקאָמען רעכט צו זיין פאַררעטער און שפּיאָנען.

די אַלע אויסגערעכנטע מאָטיוון האָבן גורם געווען די אידישע צרות אין די דריי מלחמה־יאָרן. מען קאָן ניט אָפּגרענעצן און זאָגן, אז אויף דעם אָרט איז געווען דער מאָטיוו און אויף אַן אַנדער אָרט אַ צווייטער מאָטיוו. אַלע צוזאמען זיינען געווען די מאָטיוון. האָט אויף איין אָרט געפעלט איין מאָטיוו, איז גענומען געוואָרן א צווייטער.

די שרעקלעכע צרות וואָס זיינען געקומען אויף אידן אין די מלחמה־יאָרן זיינען געווען פון צוויי פאָרמען: אינדיווידועלע און אלגעמיינע. זיינען סאָלדאַטן אריין אין א שטאָט און באַגעגנט אויפן וועג א אידן, אָדער מערערע אידן, האָבן זיי זיי געפּייניקט, געשלאָגן מכּת רצח, און צומאָל אויך געשאָסן אָדער אויפגעהאנגען, אָפּרויבנדיק פריער זייער פאַר־מעגן. ארויסוואַרפן אידן פון די באַנען איז געוואָרן א געוויינלעכע דער־שיינונג. דאָס זיינען געווען אינדיווידועלע צרות, אזוי צו זאָגן, וועלכע האָבן קיין געוואַלדיקן רושם ניט געמאַכט. ס'זיינען אָבער פאָרגעקומען אַלגעמיינע צרות, און די קענען זיך טיילן אין צוויי טייל: ארויסטרייבונג און חרוב מאַכן. אייגנטלעך וואָלט מען געקענט זאָגן, אז זיי גיין געבונדן איינער אין צווייטן. דאָרט וואו מען טרייבט ארויס, איז שוין בּמילא דאָ דער חורבן, און דאָך קען מען זיי אָפּטיילן, און איינטיילן אין צוויי באַ־זונדערע פּעריאָדן. אין דער ערשטער תקופה פון דער מלחמה און אין דער

צווייטער. אין דער ערשטער תקופה איז דער גירוש געווען דער עיקר און דער חורבן טפל, און אין דער צווייטער איז געווען פארקערט. די ערשטע תקופה קאָן זיך רעכענען, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט אונטערגענו־מען די אָפענסיווע צו שטורמען אויף די דייטשן, אָדער די דעפענסיווע, צו פארטיידיקן זייערע פאָזיציעס. די צווייטע תקופה איז געווען די רע־גרעסיווע, ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך אָנגעהויבן צוריקציען. ווי שוין געזאָגט, זיינען די רוסישע אָפיצירן גאָר ניט קיין גרויסע בריות בנוגע מלחמה סטראַטעגיק. נאָר אָבער בנוגע אידן באווייזן זיי ארוים זייער בריה׳שאַפט אויף א וואונדערלעכן אופן...

דעם 2-טן אויגוסט איז דערקלערט געוואָרן די מלחמה. דאָס רוסישע פאָלק איז געווען באגייסטערט און ענטוזיאַזמירט, פאטריאָטישע מאַני־פעסטאַציעס זיינען דורכגעפירט געוואָרן, און די באגייסטערונג איז גע־ווען אזוי גרויס אז אפילו די יודאָפאָבישע צייטונג „נאָוואיע ווערעמיא״ האָט זיך צע׳דרש׳עט וועגן פארלייכטערונג פון דער אידישער לאגע צו־ליב דעם הייליקן צוועק פון נצחון...

און די מיליטערישע באהערדן האָבן זיך אין דער צייט צוגעאיילט חרוב צו מאַכן א גאנצע אידישע קהלה... דאָס איז געשען דעם 12-טן אוי־גוסט, פונקט 10 טעג נאָכן אָנהויב פון דער מלחמה. דער קאָמאַנדאַנט פונם שטעטל מישטשענאק (לאָמזשער גובערניע) האָט ארויסגעגעבן א באפעל ארויסצוטרייבן אלע צוויי טויזנט אידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען... און ווען אויך דער גובערנאַטאָר האָט זיי דערלויבט דאָרט צו פארבלייבן, האָט זיך דער קאָמאַנדאַנט מיט זיין דערלויבעניש ניט גערעכנט. נאָר איין פריווילעגיע האָט ער זיי געגעבן: ארויסצונעמען אלע זייערע באוועגלע־כע חפצים פון דאָרט. א פריווילעגיע וואָס די וויטערדיקע גירושים האָבן דערצו ניט זוכה געווען... און גלייך האָבן זיך אָנגעהויבן וויטערדיקע גירושים. אין אָנהויב אויגוסט 1914 זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן אלע אידן פון יאנאָוויץ (ראדאָמער גוב.). נאָך יאנאָוויץ איז געפאלן דער גורל אויף דעם שטעטל ריקא. די דאָרטיקע אידן האָבן געהאַט די זכיה צו צוויי גירושים. דאָס ערשטע מאָל איז פאָרגעקומען דער גירוש דעם 27-טן אוי־גוסט, און ווען אידן האָבן זיך צוריקגעקערט, זיינען זיי דעם 28-טן סעפ־טעמבער ארויסגעטריבן געוואָרן אויף ניט צוריקצוקערן זיך מער. אויך פון אלעקסאנדריע זיינען אידן צוויי מאָל ארויסגעטריבן געוואָרן. אין

מישינץ (לאָמזער גוב.) האָט דער קאָמאנדאנט ארויסגעגעבן אַ באַפעל ארויסטרייבן אלע דריי הונדערט פאמיליעס. דאָס איז געשען דעם 29־טן אויגוסט. אַלע אידן מיט די ווייבער און קינדער זיינען ארוים אין פעלד, דאָרט וואו דער קאָמאנדאנט האָט זיך געפונען. א גאנצע נאַכט, ציטערנ־דיק פאר קעלט, זיינען זיי געשטאַנען פארן קאָמאנדאנטס קווארטיר, און מיט טרערן אים געבעטן צוריקציען זיין באַפעל. דער קאָמאנדאנט האָט זיי פארטריבן פון זיך, און זיי האָבן זיך צעשפרייט אין די נאָענטע שטעט און דערפער. ערשט נאָך צוויי מאָנאַט האָט דער גובערנאַטאָר באקומען א דערלויבעניש אויף צוריקצוקערן זיך, אָבער די שטאָט איז שוין געווען איינגאנצן אַ פארברענטע. דעם 28־טן סעפטעמבער זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן אלע אידן פון אירען (לובלינער גוב.), דעם 7־טן אָקטאָבער זיי־נען ארויסגעטריבן געוואָרן די אידן פון פיאַסעטשנאַ (ווארשעווער גוב.), דעם 14־טן אָקטאָבער — די אידן פון גרודזיסק (ווארשעווער גוב.). דער גירוש פון גרודזיסק איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גרעסטער אכזריות. אין דריי שעה צייט האָבן פיר טויזנט נפשות זיך געלאָזט אין וועג אריין וואָס איז פאר זיי אָנגעצייכנט און דערלויבט געווען. צווישן זיי זיינען געווען דריי הונדערט פאַמיליעס, ווע‏מעס מענער אָדער זין און ברידער, האָבן זיך מאָביליזירט און זיך געפונען אויפן פראָנט. אויפן וועג זיינען זיי געשלאָגן און אויסגעלאַכט געוואָרן פון די סאָלדאַטן און פאָליאַקן. אויף איין אָרט האָבן סאָלדאַטן זיי פארטריבן אויף א גרויסן זומפּ,און זיי געצוואונגען דורך דעם צו גיין; מען האָט זיי אויך געצוואונגען אויס־צוטייסן די סאלנישקע שטעקנס און מאַכן פון זיי א בריק, איבערשפרייטן זיי מיט זייערע אויבערשטע מלבושים, און איבערפירן די פרויען, קינדער און אַלטע קראנקע לייט.

אזוי איז אָנגעגאַנגען דער גירוש. נאָכדעם דער חורבן פון צענדליקער און צענדליקער שטעט. אָבער די גרעסטע אידישע צרה איז געווען די פארגוואלדיקונג פון אידישע פרויען דורך די קאָזאקן. אין די הונדערטער און אפשר אין די טויזנטער זיינען פארגוואלדיקט געוואָרן, צווישן זיי קינ־דער פון 11—10 יאָר, און זקנות פון 70—60 יאָר. גרויס איז געווען די צרה אין די מלחמה־יאָרן, אין וועלכע ס׳זיינען פאָרגעקומען גירושים, חורבנות און הריגות. מען האָט גע׳הרג׳עט יונג און אַלט, קינדער און פרויען, רבנים און דינים. וועמען איז ניט באקאַנט דער מאָרד פונם רב

שפירא וועמען מען האָט חושד געווען אז אין דער צייט ווען ער האָט געדאוונט אויפן גאניק, האָט ער איבערגעגעבן סימנים דעם שונא... אָבער נאָך שרעקלעכער איז געווען דער אידישער אומגליק נאָך די מלחמה־יאָרן (1918—19—20), וואָס ווערט באצייכנט מיטן נאָמען נאד הדמעות.

## נאד הדמעות

(יאָרן ה. תרע״ח־ט—ה. תר״פ — 1918-19-20)

עס איז שווער צו שרייבן אָדער לייענען וועגן די בלוטיקע, אכזריות־דיקע געשעענישן פון די נאָך מלחמה־יאָרן. מען ווערט אויפגעשוידערט, א פיינלעכער געפיל קוועלט די נשמה, דאָס בלוט אין די אָדערן ווערט פארקילט, פון די ליידן און צרות וואָס דאָס אידנטום אין די מלחמה־לענדער, האָט געהאַט אויסצושטיין. פארן מחבר פון דעם ,,האַנט־בוך״ איז דאָס שרייבן וועגן די דאָזיקע אומגליקלעכע געשעענישן, מאָמענטן פון פיין און אנגסט.

צו די מיט בלוט־געפארבטע בלעטער אין דער אידישער געשיכטע, די פון דער אינקוויזיציע, די פון די בלוטיקע בלבולים, פון די גרויזאמע גזרות פון ה. ת״ח און ה. ת״ט, און נאָך אנדערע, וועלן אויך צוגערעכנט ווערן די באשרייבונגען פון אידישע פיין און ליידן פון די נאָך־מלחמה־יאָרן.

באַלד נאָך דער מלחמה, איז רוסלאנד, אוקראינע און פוילן, געוואָרן איין גרויסער און שרעקלעכער גיהנום פאר דער אידישער באפעלקערונג. קיין איין אידישער ישוב פון די דערמאנטע לענדער איז נישט געבליבן אומבארירט פונם אכזריות און רציחות פון די פארשידענע אטאמאנען און באנדיטן, וואָס האָבן געבושעוועט אין די נאָך מלחמה־יאָרן. עס איז פאר מיר אומעגלעך צו פארצייכענען אלע שטעט און שטעטלעך וואו אידן האָבן געליטן. איך וועל אויך נישט באשרייבן אויספירלעך זייערע ליידן. עס וועט זיין גענוג פאר דעם לייענער פון ,,האַנט־בוך״ צו באַקענען זיך מיט א טייל פון זיי.

איך וועל דורכלאָזן די שחיטות און הריגות פון אָדעס און פון די שטעטלעך ארום. דאָרט האָבן די שחיטות און הריגות ניט געטראָגן אַזאַ שוידערלעכן כאראקטער, א דאנק די באָלשעוויקעס, וועלכע פלעגן ווי

נח׳ם טויב פארלאָזן די שטאָט און באלד צוריקקומען, נישט געבנדיק די רוצחים קיין צייט, דורכצופירן זייער שחיטה-מלאכה. איך וועל אָנהויבן פון די שטעט ווייטער פון אָדעס:

## פ א ט א צ ק (סעווערינאווקא)

אין דעם שטעטל זיינען פאָרגעקומען צוויי פּאָגראָמען. אינם ערשטן, האָבן די שטאָטישע און דאָרפישע גויים אויסגעפלינדערט דאָס שטעטל. אויסער דאָס באוועגלעכע פארמעגן, האָט יעדער איד געמוזט אויסקויפן זיין לעבן מיט וויפיל מזומן געלט ער האָט פארמאָגט. דער יונגער שוחט דוד בערדיטשעווסקי האָט זיך אויסגעקויפט — ווי ער האָט געמיינט — מיט 8 טויזנט רובל וואָס ער האָט פארמאָגט. די באנדיטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן צוגענומען דאָס געלט, האָבן זיך געלערנט הלכת שחיטה אויף אים. אומגעוואָרפן אים אויף דער ערד, אויסגעבויגן זיין קאָפּ, אויסגעצויגן זיין האלז, און זיך פארנומען אים צו קוילען ווי מען קוילעט א בהמה, און ווען ער האָט זיך אויסגעריסן פון אונטער זייערע הענט און אנטלאָפן, האָבן זיי גלייך נאָכגעשאָסן און אים דער׳הרג׳עט. ער איז געפאלן נעבן א פלויט, אונטער וועלכן ס׳זיינען שוין געליגן מערערע הרוגים, צווישן זיי אויך א פאָטער מיט א זון, אין וועמעס טויטע קערפּערס עס האָבן זיך שוין געריועט הינט און חזירים.

א צווייטע באנדע איז געקומען און האָט שוין גאָרניט געפונען וואָס צו רויבן; דאָס האָט זיי אויפגעבראכט, און האָבן אָנגעהויבן בודק זיין אלע הייזער, און צום אומגליק האָבן זיי געפונען אין קעלער פונם דאָקטאָר ראבינאָוויטש, עטלעכע מעטער דראָטן וואָס דער טעכניקער פון דער זעמסטווא האָט דאָרט איבערגעלאָזט. און אויף דראָטן, מאַכט מען מסתמא פון זיי, אָדער א טעלעגראַף, אָדער א טעלעפאָן, כדי זיך אי־בערצורעדן מיט די באָלשעוויקעס. מען האָט פארנומען דעם דאָקטאָר, וועלכער איז גראד געווען אין שפּיטאָל, צוזאמען מיט דריי אידישע קראנקען-שוועסטער און זיי געבראכט אין וואלאסט וואו עס האָבן זיך געפונען מערערע פּאָגראָם-העלדן. די באנדיטן האָבן אָפּגעגעבן א ראַפּאָרט אז זיי האָבן געבראכט זשידעס-שפּיאָנען, און אָט זיינען די דראָטן מיט וועלכע זיי פירן אָן זייער שפּיאָנאַזש.

באלד האָט זיך דערהערט א הילכיקער פייף: „באטקא!" און גלייך

האָט זיך באַוויזן א ווילד־צעשויבערטער נפש, אין א קאווקאַזישער „סוויטאָ" מיט א נאַגייקא אין דער האַנט.

— פון די קאָמוניסטן געבראַכט שפּיאָנען, מיט דראָטן וועגן אַ טעלעגראַף?

און גלייך האָט די בלייענע נאַגייקע זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דאָק־טערס פּנים, וואָס איז באַלד מיט בלוט פאַרלאָפן געוואָרן, און ווען די קראַנקן־שוועסטער האָבן אָנגעהויבן היסטעריש צו שרייען, און פאַרלאַנגט מען זאָל רופן דעם קריסטלעכן דאָקטער, וועלכער וועט איבערצייגן אַז די דראָטן זיינען ניט דעם דאָקטערס, האָט דער באַטקאַ זיי מכבד געווען מיט דער נאַגייקע און אויף זייערע בלוזעס, האָבן זיך באַוויזן רויטע פּאַסן.

— זשיד, האָט דער באַטקאַ א געשריי געטון: וואָס פאַר א בלעכל טראָגסטו דאָרט אויף דיין זשידאָווסקי ברוסט?

— דאָס איז מיין מעדאַל וואָס איך האָב באַקומען פאַר מיין אויס־צייכענען זיך אַלס דאָקטער — האָט ראַבינאָוויטש געענטפערט.

— גלייך זאָלסטו אים אַרונטערוואַרפן, און מיט די פיס אים צוטרעטן. דער דאָקטער האָט געפאָלגט.

— אָט האָסטו דיר, זשיד, א קאָמונאַ, א טשערעזוויטשייקע! און דער־ביי אָנגעהויבן שרעקלעך אים צעשלאָגן מיט זיין נאַגייקע.

ווען דער דאָקטער האָט אָנגעהויבן מיט פאַרציטערטע ציין פאַר ווייַ־טיק, צו שרייען: „אָט דאָס קומט מיר פאַר מיינע פיר יאָר זיין אין דער מלחמה, פאַר מיין פיר יאָר היילן די פאַרוואונדעטע? איך האָב אייך גע־היילט, און איר שלאָגט מיך?" האָט דער באַטקאַ אַ געשריי געטון, ער זאָל אים גלייך נאָכגיין. נאָך געציילטע מינוטן האָבן דריי באַנדיטן געבראַכט דעם דאָקטערס מאַנטל, היטל און שיך... די דריי קראַנקן־שוועסטער זיינען על פּי נס ניצול געוואָרן. זיי זיינען אַנטלאָפן.

די לעצטע שחיטה אין פאַטאַצק איז געווען אויף צוויי בחורים, צוויי ברידערלעך, בעריל און שלמה טאָקער. ביידע זיינען געכאַפּט געוואָרן ווען זיי זיינען מיט אַנדערע אַנטלאָפן קיין אָדעס; נאָכדעם ווי זיי זיינען שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן האָט מען זיי דערשאָסן, און גלייך מיט אַנדערע הרוגים האָט מען זיי אַריינגעוואָרפן אין איין גרוב, וואו חזירים האָבן זיך נאָכדעם געפּיטערט פון זייער פלייש. דער דאָקטער ראַבינאָ־וויטש, איז אַכט טעג געליגן אָנגעשפּאַרט אין א בוים, ביז עס האָט אים

געפונען זיין קאָלעגע, דער קריסטלעכער דאָקטער, וועלכן ס'איז ניט געלונגען אים צו ראַטעווען פונעם טויט. און ער האָט אים מקבר געווען אין אַ גאָרטן אין פּאַטאַצק, אויף זיין קבר אַריינגעשטעקט אַ ברעט און אָנגעשריבן: י. ל. ראַבינאָוויטש.

## ט ע פּ ל י ק

ביז ענדע יאַנואַר 1919 האָבן טעפּליקער אידן ניט געגלויבט, אַז זיי וועלן אויך דאַרפן אַריינגיסן טרערן אינם נאַד הדמעות. זיי האָבן זיך שוין אַפילו דערוואוסט פון די הריגות וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין זשיטאָמיר, פּראָסקוראָוו און בערדיטשעוו. זיי האָבן זיך אָבער געטרייסט, אַז די צרות וועט זיי ניט טרעפן, ערשטנס: איז אין דער גאַנצער סביבה ניט צו זען פּעטליורעס באַנדעס. צווייטנס, איז טעפּליק גאַנץ ווייט פון דער הויפּט באַן-סטאַנציע: אָדעס-קיעוו. און געזעסן זיינען זיך טעפּליקער אידן מיט בטחון אין הארצן, ביז די ערשטע קראָען, אויסקראַקנדיק די שחיטה-בשורה — זיינען געקומען. דריי טעפּליקער יונגעלייט זיינען ביי דער סטאַנציע קובליטש פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַן אָפּטיילונג פּעטליורצעס, מיט געוואַלט זיי פאַרשלעפּט אויפן באַן, דאָרט האָט מען זיי דערהרג'עט און אַרויסגעוואָרפן צוזאַמען מיט נאָך צוויי הרוגים אויפן וועג, איין ווערסט פון טעפּליק. די הרוגים האָט מען געבראַכט אין שטאָט, און טעפּליק האָט שוין געוואוסט אַז קיין גוטן סוף וועט זי ניט האָבן.

דעם 26-טן פעברואַר 1919 האָט די אידישע גימנאַזיע אין טעפּליק געפייערט דעם געבורטסטאָג פון דעם אוקראַינער פּאָעט טאַראַס שעווטשענקאָ. דער יום טוב איז אָבער פלוצים פאַרשטערט געוואָרן, איייניקע עלטערן האָבן זיך אַריינגעריסן אין גימנאַזיע מיט ציטערניש און פלאַטערניש און באַפוילן זייערע קינדער גלייך אהיים צו גיין. אויף דער פראַגע, וואָס ס'איז געשען, האָבן זיי געענטפערט, אַז ערשט זיינען אָנגעקומען פון אומאַן אַ באַנדע פּעטליורצעס אין דער שפּיץ פון וועלכער עס שטייט דער רויבער דאַטשענקאַ. די רויבערישע באַנדע איז באַקאַנט מיטן נאָמען „ש ו ו אַ ר צ ע ה י ט ל ע ן". גלייך נאָך זייער אַריינקומען אין שטאָט, האָבן זיי דער'הרג'עט די אַלטע שיפמאַן און דעם פורמאַן אידל טראַכטובענקאַ. די גימנאַזיע איז באַלד ליידיק געבליבן. אַלע אידן האָבן זיך באַהאַלטן, די געשעפטן זיינען אַלע געשלאָסן געוואָרן און די

שטארן אראָפּגעלאָזט. די רויבער האָבן צעבראָכן די טירן, אויסגערויבט צום ערשטן די קלייטן, נאָכדעם אראָפּ אין די קעלערס, געפונען דאָרט פיל באהאלטענע. אויסגע׳הרג׳עט אלע, פארגוואלדיקט די פרויען. אויך אויפן צווייטן טאָג איז דאָס זעלבע געשען, ערשט פארנאכט האָבן די שחיטות און פארגוואלדיקונגען אויפגעהערט. די קאָזאקן האָבן די אָנגערויבטע סחורות אויפגעלאָדן אויף וועגן און פארלאָזט די שטאָט. אידן זיינען ארויס פון זייערע באהאלטונגס-לעכער, און דערזעענדיק דעם חורבן האָבן זיי מיט יאָמער און געוויין צונויפגענומען די שארית הפליטה, זיך אָרגאַניזירט אין א זעלבסטשוץ, כדי ניט צו דערלאָזן דאָס ארייננקומען פון די פויערן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין שטאָט מיט זעק, אויף צו פארנעמען דאָס וואָס ס׳איז פון די רויבער פארבליבן. געמיינט האָבן די טעפּליקער, אז די צרה וועט זיך מער ניט איבער׳חזר׳ן, זיי האָבן אָבער א טעות געהאט. שפּעטער מיט איניקע טעג, פּונקט אין תענית אסתּר, זיינען אָנגעקומען פון פּעטשעלני דרייסיק קאָזאקן און די פּאָגראָמען האָבן זיך באנייט. זיי זיינען אריין אין שול אין דער צייט ווען אידן האָבן גע־דאַוונט מנחה, און נאָכן אויסליידיקן זייערע קעשענעס און שלאָגן מכּת רצח, האָבן זיי פּינף דער׳הרג׳עט. אין צוויי שעה ארום זיינען אָנגעקומען די „רויטע". אידן האָבן זיך דערפרייט, זיי מקבל פּנים געווען מיט שמחה. די ישועה האָט אָבער לאנג ניט געדויערט, פּונקט אין פּורים, ווען אידן האָבן זיך צוריקגעקערט אהיים, אָנגעווייטיקטע, פאריאָמערטע פון צו מקבר זיין די הרוגים, און זיי האָבן זיך געזעצט אומשטיינס געזאָגט, צו דער סעודה און זיך געטרייסט מיט נסים וואָס גאָט קען מיט זיי טון, אזוי ווי ער האָט געטון אין דער צייט פון מרדכי און אסתּר, האָט זיך צווישן די פּעטליורצעס, באוואָפנטע מיט מעטראליאַדאָרן, ביקסן און הארמאטן, און די רויטע, אָנגעהויבן די שלאכט, און די, וועלכע האָבן פאר־שטאַנען וואָס זיי וועלן אויסשטיין ווען די פּעטליורצעס וועלן זיגן, האָבן זיך באהאלטן... און די פּעטליורצעס האָבן געזיגט... און די שחיטות זיינען געוואָרן שוידערלעכע... עס נעמט אָן א גרויל, ווען מען לייענט פון די דאָזיקע שחיטות. „די קרבּנות פון דער אינקוויזיציע קאָן איך פארשטיין — זאָגט איינער א שרייבער וואָס האָט בייגעוואוינט די שחיטות. עס האָט זיך גענומען פונם רחמנות וואָס די אינקוויזיטאָרן האָבן געהאט צו די פארבלאָנדזשעטע נשמות און געוואָלט זיי באפרייען פון די זינדיקע קער־

פערס. די הריגות פון כמיעלניצקי איז אויך צו פארשטיין, נאך די צרות, וואס די אוקראינער האבן געליטן פון די פאליאקן, און גלויבנדיק אז די אידן האבן א גרויסן חלק אין זיי איבער די גרויסע שטייערן, וואס זיי פלעגן — ווען אויך מיטן באפעל פון די פריצים — ביי זיי אויפמאנען, האבן זיי זייער פארביטערט הארץ אויסגעלאזט צו די פאליאקן צוזאמען מיט די אידן. אבער די איצטיקע שחיטות און הריגות, וועלכן מאטיוו האבן זיי? רעליגיעזן האס קאן מען עס ניט אנרופן. פעטליורע מיט זיין חבריה אדער אנדערע אטאמאנען מיט זייערע באנדעס זיינען גאנץ ווייט געווען פון אייפריקע קריסטלעכע גלויביקער; עקאנאמישער האס קאן מען אויך ניט אנגעבן פאר א מאטיוו. דעם פייער אין דארף איז אויך דעמאלט אן אן ערך בעסער געווען ווי דעם אידן אין שטאט... דער מאטיוו פון באלשעוויזם איז דאך דער גרעסטער אבסורד. אידן, וועלכע זיינען דער רוב פון סוחרים און קרעמער, דארפן דאך זיין עקסטרעמע קעגנער פון באלשעוויזם, וועלכער שטרעבט אויסצוראטן די בורזשואזיע. פאר וואס זשע האבן זיי פארגאסן אידיש בלוט? און פאר וואס זשע האבן זיי זיך אזוי גרויזאם נוקם געווען אין די אידן?"

מיט גרויסער מי גיי איך ווייטער אן מיט דער באשרייבונג פון די אידישע ליידן, אין דער זעלבער צייט טראכט איך זיך: „רבונו של עולם! גיב מיר כח צו שילדערן די הריגות און פארגוואלדיקונגען פון די אנדערע שטעט. עס קומען מיר אויפן גדאנק די אידן וואס באהאלטן זיך פאר די מערדערס אין די קעלערס, און א ווייטיקלעכער קרעכץ רייסט זיך ארויס פונם הארצן, און גלייך מיט אונזער משורר ביאליק, שריי איך אויס: „פחדנים! אין קעלערס באהאלט איר זיך? אמאל איז דער איד געגאנגען אקעגן טויט מיט מוט, מיט שטארקייט, ער האט געגלויבט אין א יענער וועלט, און דאס האט אים געשטארקט; איצט אבער, דער גלויבן איז פון זיין הארצן פארשוואונדן, דער עיקר איז נאר די חיי שעה... און פאר דער חיי שעה באהאלט ער זיך אין די קעלערס... דער טויט איז פאר אים שרעקלעך... און דער טויט איז געקומען אויף הונדערטער טעפליקער אידן, געפונען האט ער זיי אין די קעלערס".

פיר טעג האבן אנגעהאלטן די שחיטות. און פעטליוראס הארץ איז ווייך געווארן, און האט געהייסן אפשטעלן די שחיטות אין טעפליק.

ער האט זיינע שומרים באפוילן ניט צו דערלאזן אז די דארפישע

גויים זאָלן נאָכאַמאָל קומען און רויבן, ווי זיי האָבן עס געטון צופאַר מיט פיר טעג. די דאָרפישע גויים זיינען גאָרנישט צופרידן געווען דערפון. און כאראקטעריסטיש זיינען זייערע ענטפערס וואָס זיי האָבן געגעבן דאָס ערשטע מאָל ווען זיי זיינען געקומען מיט פולע וועגענער מיט רויב פון שטאָט אין דאָרף. ווען מען האָט זיי געפרעגט וואָס הערט זיך אין שטאָט, האָבן זיי שמייכלענדיק געענטפערט: „ניטשעוואָ, זשידאָוו ביוט"... דאָס צווייטע מאָל, ווען זיי זיינען געקומען מיט ליידיקע וועגענער, האָבן זיי אויף דער פראגע: וואָס הערט זיך אין שטאָט, געענטפערט: „פלאכא, ליודיי ביוט". און אידן זיינען דערוויייל, נאָכן באפעל, רואיק. זיי גיבן זיך אָפּ מיט קבורה צו ברענגען די הונדערטער הרוגים, און דערקענען זיי, כדי די ביים לעבן געבליבענע פרויען זאָלן ניט בלייבן קיין עגונות... נאָך אייניקע טעג זיינען די פעטליורצעס פארבליבן אין שטאָט, און דערוויסנדיק זיך אז דאָס ראטן־מיליטער קומט, האָבן זיי דאָס אָנגערויבטע אָנגעלאָדן אויף אכציק וועגענער און זיך אוועקגעלאָזט אויפן וועג קיין בערשאד. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען צוויי אידישע שניידער אויף צו נייען פאר זיי מונדירן פון דעם גערויבטן שטאָף. און ווען זיי זיינען פארטיק געוואָרן האָבן זיי די שניידערס באצאָלט פאר דער ארבעט און זיי אָפּגעשיקט בשלום קיין טעפליק... א גוטהארציקייט וואָס פעטליוראס אדוואָקאָט האָט אויסגענוצט אויף דעם שוואַרצבאָרד פּראָצעס...

דערציילן אַלעס וואָס איז פאָרגעקומען אין טעפּליק, דאָס אכזריות בעת די שחיטות, איז מיר אוממעגלעך. פיל, פיל טרויעריקע עפּיזאָדן זיינען פאָרגעקומען נאָך די הריגות, עפּיזאָדן, וואָס מאַכן אויפשוידערן און פארגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. איין עפּיזאָד וויל איך דאָ דערמאנען. די איבערגעבליבענע יתומים פון פאָטער און מוטער זיינען געקומען צום רב מיט א שאלה: אזוי ווי זיי ווייסן, אז די מוטער האָט באַהאלטן אין גארטל, וועלכער איז געווען אויף איר נאַקעט לייב, פיר טויזנט „קערענסקים", און זי איז, נאָכדעם ווי מען האָט זי דער'הרג'עט, באַגראָבן געוואָרן אין די קליידער, איז געווים אז ביי איר געפינט זיך דאָס געלט, בעטן זיי דעם רב, ער זאָל דערלויבן אויפצוגראָבן דעם מת און ארויסנעמען דאָס געלט און זיי איבערגעבן, כדי זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צו דערנערן זיך. דער רב האָט ניט געוואָלט מתיר מאכן דאָס אויפגראָבן, צוליב בזיון המת, ער האָט אָבער, נאָך פיל וויינען און קלאָגן פון די

יתומים, מתּיר געווען... די רוצחים אָבער, ניט וועלנדיק אפּנים דערלאָזן צו בּזיון המת, האָבּן זיך מקדים געווען, און דאָס געלט ארויסגענומען.

איך וויל דאָ נאָך איינס דערמאנען, אז די פּעטליורצעס האָבּן ניט ווייניק אויפגערייצט קעגן די אידן די גוט־בּאזיצער אַרום טעפּליק. די פּאָליאקן און רוסן, אָט די שווארץ־מאה'ניקעס, וועלכע זיינען ארוים מיט פּראָקלאמאציעס צו בּאשולדיקן די אידן אין שווערע פּארבּרעכנס: „אין יענער און יענער שטאָט האָבּן אידן מיט קאנאָנען צעשמעטערט די קלוים־טערס און צעריסן און צעבּראָכן די הייליקע בּילדער"; „אין יענער שטאָט האָבּן אידן ארייגעשטעלט פּערד אין די קלויסטערס"; „אידן האָבּן גע־פּאנגען אַ גלח און אים אזוי לאנג געפּייניקט, בּיז ער איז אונטער זייער האַנט געשטאָרבּן"; „אין דער און דער שטאָט זיינען אידן איבּערגעפאלן א קריסטלעכע לויה, צעטריבּן די בּאגלייטער און דעם מת ארויסגענומען פונם ארון און געשלעפּט מיט שטריק איבּער די גאסן"...

די דאָזיקע בּלבּולים האָבּן נאָך מער אויפגערייצט די גויים און אידיש בּלוט האָט געפלייצט טייכנווייז, און אידישע טעכטער זיינען פארגוואל־דיקט געוואָרן אין די הונדערטער. .

## אומאן

דער ערשטער פּאָגראָם איז דאָרט פּאָרגעקומען אין ענדע פון יאָר 1918, אויף דעם אופן: אין דעם „איספּאלקאָם" פון אומאן איז געשטאַנען די פראגע: צי מען זאָל אָנערקענען די מאַכט פונם ראטן־פּארבּאנד, ווע־מעס איינפלוס האָט זיך שוין דערפילט אין אוקראינע, אָדער ניין. אין דער שפּיץ פון די בּאָלשעוויקעס איז געשטאַנען א אידישער אומאנער בּחור, קוליק, א זון פון א אידישן לערער, און אין דער שפּיץ פון די מענשעוויקעס איז געשטאַנען א בּחור מיטן נאָמען ראפעס, וועלכער האָט זיך נאָכדעם איבּערגעגעבּן צו די בּאָלשעוויקעס. אין יענער צייט איז ראַפעס געווען דער אָנפירער פון די בּונדיסטן, אַן אייפריקער מענשעוויק. דער בּאטאליאָן, וועלכער האָט זיך געפונען אין אומאן, איז געווען גענייגט צו דער בּאָלשע־וויסטישער שטה און ניט געקענט מוחל זיין דעם בּונדיסט, דעם „זשיד" ראפעס, פאר זיינע קאנטרא־רעוואָלוציאָנערע רעפעראטן וואָס ער פלעגט אָפּהאַלטן און ס'האָט זיך פארפירט א מלחמה צווישן די בּאָלשעוויקעס

מיט קוליקן אין דער שפיץ, און צווישן די מענשעוויקעס אָנגעפירט פון ראַפּעס׳ן.

נאָכן זיג פון די מענשעוויקעס איז דער באַטאַליאָן איבערגעפאַלן די אידישע קלייטן און זיי געראַבירט. אין א צייט ארום איז קוליק עולה לגדולה געוואָרן, ער האָט דערגרייכט דעם ראנג פון קאָמיסאַר אין אומאַן. די באָלשעוויקעס האָבן געזיגט. ביים ערשטן פּאָגראָם איז קיין מאָרד ניט פאָרגעקומען. דער ערשטער מאָרד איז פאָרגעקומען דעם 10־טן יאַנואר 1919, ווען מ׳האָט דער׳הרג׳עט נעבן דער סאַדיגורער קלויז דעם פּישער סקליר; אזעלכע מאָרדן אויף געציילטע פּערזאָנען פלעגן פאָרקומען יעדן טאָג. ביז פאר פסח איז קיין פּאָזיטיווע הערשנדע מאכט ניט געווען אין אומאַן, ניט פון די באָלשעוויקעס און ניט פון די פּעטליורצעס, וועלכע האָבן פאַרפירט א מלחמה קעגן זיי. און אזוי ווי דער קאמף איז אָנגעגאַנגען ווייט פון דער שטאָט אומאַן, און ניט די באָלשעוויקעס און ניט די פּעטליורצעס האָבן געקאָנט שיקן מיליטער און באַנדעס קיין אומאַן, איז אומאַן ניט געווען אין א גרויזאמע שחיטה־סכנה. די אַטאַמאַנען און קאָמאַנדאַנטן פלעגן מיט קליינע באַנדעס איבערפאַלן די שטאָט, גענומען שווערע קאָנטריבוציעס מזומן געלט און פארשידענע פּראָדוקטן און זיך פארלאָזן. מער פון אלע אַטאַמאַנען פלעגט מאכן א באַזוך אין אומאַן דער אַטאַמאַן דיאַדטשענקאָ. ער האָט זיך פּראָקלאַמירט אלס א געשיקטער פון דער אַנטאַנטע און פלעגט ארויפלייגן שווערע קאָנטריבוציעס. זיינע געציילטע אויסהעלפערס פלעגן פון צייט צו צייט איבערפאַלן הייזער און געוועלבן און זיי אויסראַבירן. און כּדי אראָפּוואַרפן פון זיך די שולד און זיך ריין וואַשן, האָט ער צוויי פון די איבערפאלער אויפגעהאַנגען אויף א טעלעגראַפן־סלופּ אינמיטן שטאָט. די באָלשעוויקעס האָבן צום ערשטן באַזיגט די פּעטליורצעס און אריין קיין אומאַן. ס׳האָט אָבער פיל ניט געדויערט. די פויערן פון מערערע דערפער פון אומאַן האָבן זיך אָרגאַניזירט און באַוואָפנט מיט ווילעס, העק און האַמערס, און אויך מיט הייס געווער, און דעם 12־טן אייר באַפאַלן די שטאָט און געמאַכט א גרויסע שחיטה. דער שרעקלעכער פּאָגראָם איז באַקאַנט מיטן נאָמען „דער פּאָגראָם פון קלימענקאָ", ווייל דער פירער האָט זיך אזוי גערופן.

דריי טעג האָבן די שחיטות אָנגעהאלטן, אויפן פערטן טאָג האָט קלימענקאָ פאַראָרדנט צו מקבר זיין די הרוגים. מען האָט די אידן געצוואונגען צו באַהאַלטן די הרוגים אין צוויי ברידער ־ קברים. ניינציק

הרוגים זיינען אין זיי נקבר געוואָרן, אויסער די פילע הרוגים וועלכע זיינען פון זייערע קרובים צו קבורה געקומען.

אומאן איז געווען ווי אַ באַל וועלכע האָט זיך געוואָרפן פון די באַנדיטן צו די באָלשעוויקעס און פון די באָלשעוויקעס צו די באַנדיטן. און דער שרעק פון אומאנער אידן איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי פלעגן שטענדיק זיך לייגן שלאָפן אין די קליידער. די נעכט זיינען געווען נאָך שרעקלעכער ווי די טעג. די טירן און די לאָדנס אין די אידישע הייזער ווערן פארהאקט און קיין ליכט ווייזט זיך ניט אין זיי. די מאמעס פארשטאָפן די מיילעכלעך פון זייערע קליינע זויגנדיקע קינדער, ביז צום דערשטיקט ווערן, און אין דער זעלבער צייט הערט זיך דאָס זינגען און פריילעכע אויסגעשרייען פון די גויים אין די דערפער. ביי זיי רוישט דאָס לעבן, און ביי אידן איז עס אָפגעשטאָרבן.. און ווען מען פלעגט זען איבערגעשראָקענע אידן — ווען אויך ס'איז נאָך ניט געווען פאר וואָס צו שרעקן זיך — גיין פון דער אלטער אין דער נייער שטאָט אריין, מיט די בינטלעך אויף די פלייצעס, דאָרט צו נעכטיקן, גלויבנדיק, אז דאָרט וועט דער אומגליק זיי ניט טרעפן, פלעגן שוין די באהאלטענע אין די הייזער ארויסזאָגן מיט ציטערניש : „א פאָגראָם דערנענטערט זיך"...

און ס'איז געשען דאָס שרעקלעכסטע, פאר וועלכעס אומאנער אידן האָבן זיך געשראָקן. ווען די באָלשעוויקעס האָבן פארטריבן קלימענקאס באנדע און האָבן געדענקט זיך שוין צו באַפעסטיקן אין אומאן, זיינען זיי פלוצים אנטרינען געוואָרן פון דאָרט. דערוויסנדיק זיך אז קאזאקאָוו מיט זיין באנדע קומען אָן. קאזאקאוו איז געווען אין דער יוגנט א קוטשער ביי א גוט באזיצער פון דעם דאָרף מאנקאווקא, ניט ווייט פון אומאן. אין דער עלטער פון 15 יאָר — ווערט דערציילט וועגן אים — האָט ער דערמאָרדעט זיין פאָטער. געווען צום ערשטן א באָלשעוויק, און נאָכדעם געווארן דער אטאמאן פון באנדיטן. אריינקומענדיק קיין אומאן איז ער נאָר פארבליבן א טאָג מיט א נאַכט, און אין דעם משך אויסגעקוילעט הונדערט מיט צען אידן. „אויסגעקוילעט", אין פולסטן זינען פון וואָרט, ווייל די קאזאקאווער האָבן ניט געהאט קיין היים-געווער, און די אומאנער אידן האָבן זיך געלאָזט פון זיי ווי לעמער אויסקוילען... די קאזאקאווער האָבן אמערסטן נאָך דער שחיטה געבדק'עט... און ליב געהאט צו ראבירן גאָלדענע חפצים, גאָלדענע רינגען, גאָלדענע זייגערס, און נאָך די פאָגראָמען

פלעגן אומאנער לצים זאָגן: „ווער עס וויל וויסן די צייט פון קריאת שמע, זאָל ער פרעגן א קאזאקאַוווער...״

א כאראקטעריסטישער פאל איז פאָרגעקומען ווען די דעניקינער זיינען אריין קיין אומאן. די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן פארלאָזט די שטאָט, האָבן אויפגעקלעפּט פּראָקלאמאציעס אין אלע גאסן מיט די ווערטער: „זאָלן די איינוואוינער וויסן אז מיר פארלאָזן די שטאָט אויף א גאָר קורצער צייט, און אז מיר וועלן זיך צוריקקערן און זיך דערוויסן, אז ס׳איז געווען א רויבערישער איבערפאל פון איין קלאס איינוואוינער אויפן צווייטן, וועט דער קלאס באשטראָפט ווערן מיט דער גרעסטער שטראָף וואָס די רעוואָלוציע האָט ארויפגעלייגט אויף רויבער און מערדער״. די קריסטלעכע איינוואוינער האָבן זיך ווירקלעך דערשראָקן, און מיט אלע מעגלעכקייטן אָפּגעהאלטן די דעניקינער באנדיטן, ניט אויסצו־איבן זייערע מערדערישע אָנפאלן אויף אידן. די אומאנער אידן זיינען ניט ווייניק אויסגעשטאַנען פון ביידע פלאגעס, פון דער באָלשעוויסטישער און פון דער באנדיטישער. אויף זיי איז מקוים געוואָרן די קללה פון דעם נביא יואל וועגן דעם היישעריק: „יתר „הארבה״ אכל „הגזם״, ויתר הגזם אכל הילק״... דאָס וואָס ס׳איז געבליבן פון די באנדיטן, האָבן גע־רויבט די באָלשעוויקעס, און דאָס געבליבענע פון די באָלשעוויקעס, האָבן געפּלינדערט די באַנדיטן.

דערוויסן זיך געוני פון די שחיטות, הריגות און פארגוואלדונג, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין אומאן, דארף מען עס לייענען אויף די הערצער פון די טויזנטער איבערגעבליבענע מענער, פרויען, אַלטע און יונגע, וועלכע האָבן אין משך פון צוויי יאָר זייער ברויט ניט געגעסן במנוחה פארן שרעק פונם קומענדיקן טאָג... און ניט געשלאָפן רואיק זייער שלאָף פאר דער שרעק וואָס קען זיך מיט זיי טרעפן ביינאכט...

## ב א ה ו ס ל א ו ו.

די לעצטע גליקלעכע טעג פון די אוקראינער... די דייטשן האָבן אָפּ־געטרעטן, אוקראינער בלוי־ראָזעווע פאָנען פלאטערן אין דער לופט, דער „סאמאסטיסטוואָ׳ר״ יום־טוב האלט נאָך פייערלעך אָן, און אוקראינער גלויבן אז די צייט פון זייער זעלבסטשטענדיקייט איז שוין געקומען. אין גיכן וועט אוקראינא לעבן א פריי לעבן, א גליקלעך לעבן... און פלוצים...

טראַך, טראַך, טראַך, הארמאַטן־קלאַפעריי... די באָלשעוויקעס גייען. די לידער פון פרייהייט לאָזן זיך שוין הערן צוזאַמען מיטן קלאַנג פון די שווערדן. די אוקראַינער פירער ווערן צעטומלט. זיי פרואוון נאָך צו שטאַרקן, צו דערמונטערן דאָס מיליטער, אָבער אומזיסט. פעטליורא׳ס מיליטער צוזאַמען מיט אים צעשפּרייטן זיך אין אַלע זייטן. די באָלשעוויקעס קומען קיין אוקראַינע, און מיט זייער קומען הויבט זיך אָן דער אידישער חורבן... אין באַהוסלאַוו.

באַהוסלאַוו איז די שענסטע שטאָט אין קיעווער גובערניע. אַ קרישטאָל לויטערער טייך פליסט ארום איר, בערג און וועלדער רינגלען זי ארום. פופצן טויזנט אידן האָבן געלעבט אין באָהוסלאַוו און האָבן גע־האַט פרנסה פונם מסחר, וואָס זיי האָבן געפירט מיט די ארומיקע דאָרפי־שע גויים, רייכע בעלי גופים. די פאַרהעלטענישן צווישן אידן און קריסטן זיינען געווען גאַנץ גוטע.

און נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן, זייט די באָלשעוויקעס האָבן באַזעצט אוקראַינע. אין אַלע דערפער זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צירקולאַרן צו מאַכן אן אויפשטאַנד קעגן די באָלשעוויקעס, אָט די „שטערער״ וואָס ווילן אַלעס צעשטערן, צונעמען די ערד פונם פויער און אים אַליין פאַרשקלאַפן צו דער קאָמונע... און די הויפּט־באָלשעוויקעס זיינען אידן, און מען דאַרף זיך אין זיי נוקם זיין.

ערב פסח, 1919, האָבן באַוואָפנטע פעטליורצעס זיך אריינגעריסן אין שטאָט און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיט... די אידן. נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרטריבן די באָלשעוויקעס, האָבן זיי זיך גענומען צו רויבן און מאָרדן אידן. אויפן צווייטן טאָג איז אָנגעקומען א „פריקאַז״ פון די אוקראַאינישע פירער פון יענער זייט טייך, מען זאָל זיי צושטעלן פערציק אידן אלס משכון; פאַר ניט אויספאָלגן, וועט די גאַנצע שטאָט חרוב ונחרב ווערן. די שטאָט האָט, באין ברירה, אויסגעפאָלגט דעם פריקאַז. פערציק אַלטע אידן האָבן אויף זיך גענומען צו זיין קרבנות פאַר דער שטאָט. קיין יונגע האָט מען ניט געשיקט, ווייסנדיק, אז זיי וועלן פאַר געוויס קיין לעבעדיקע פון דאָרט זיך ניט צוריקקערן...

די מלחמה צווישן די פעטליורצעס און די באָלשעוויקעס האָט ניט אויפגעהערט. די הארמאַטן האָבן געאַרבעט פון ביידע צדדים. די שטאָט איז אין איין טאָג איבערגעגאַנגען פינף ביז זעקס מאָל פון איין צד צום

צווייטן. און דער שרעקלעכער טאָג איז געקומען. די פּעטליורצעס האָבן טריאומפירט. זייער ערשטע אַרבעט איז געווען אונטערצוגדן אַלע שולן, און גלייך נאָכדעם, הריגות, שחיטות און פאַרגוואַלדיקונג. יעדער טאָג האָט געבראַכט אַ נייע צרה אויף באָהוסלאַוו. די מלחמות צווישן די צדדים — ווי געזאָגט — האָבן ניט אויפגעהערט. ביי טאָג האָבן באַל־שעוויקעס גע׳הרג׳עט פּעטליורצעס און גערויבט אידן און ביי נאַכט האָבן פּעטליורצעס די אייגענע מלאכה געטון מיט אידן.

דעניקינס שטערן האָט אָנגעהויבן צו שיינען. זיין מיליטער האָט אָנ־געהויבן איינגעמען איין שטאָט נאָך דער צווייטער. און אידן פון באָהוס־לאַוו האָבן געוואַרט אויף אים ווי אויף משיח׳ן. קלאַנגען האָבן זיך פאַר־שפּרייט אַז דעניקין מאַכט אָרדענונג, און דערהויפּט באַשיצט ער די אידן, קיין שלעכטס זאָל זיי ניט געשען. דעם 27־טן אויגוסט זיינען אריין די ערשטע רייטער אין שטאָט, און גלייך זיך פאַרנומען אראָפּציען די שיך פון יעדן אידן... דער ערשטער סימן פון אַן אָנקומענדיקן פּאָגראָם. אין צוויי שעה אַרום איז אָנגעקומען אַ גאַנצער באַטאַליאָן קאָזאַקן. דריי טעג האָבן אָנגעהאַלטן די שחיטות און פאַרגוואַלדיקונג; די שטאָט איז געוואָרן פול מיט די פייערן פון די אַרומיקע דערפער, זיי זיינען דאָך די מחותנים אויף יעדער אידישער חתונה.. און געקומען זיינען זיי, ווי דער שטייגער איז, מיט וועגענער אויף צו פאַרנעמען אידישע דרשה־געשאַנק... אַלע אידן האָבן פאַרלאָזט די שטאָט, אַנטלאָפן און זיך באַ־האַלטן אין די וועלדער. אידישע הייזער זיינען אַלע חרוב געוואָרן, אפילו די טירן און פענצטער צענומען. די קאָזאַקן האָבן פאַר זיך גענומען נאָר גאָלד, זילבער און צירונג. דאָס איבעריקע האָב און גוטס געלאָזט פאַר די פויערן. וויפיל די פויערן האָבן געקענט פאַרנעמען, האָבן זיי פאַרנומען, דאָס איבעריקע צעבראָכן, צעריסן און צעטראָטן...

די דעניקינצעס האָבן פאַר אידן אַ מיתה „יפה" אויסדערוויילט, ניט שים׳, נאָר הענגען. אַלע ב ו י מ ע ר זיינען געוואָרן תליות. באָ־הוסלאַוו האָט געטרונקען פון דעם „כוס התרעלה" וועלכן די דעניקינצעס האָבן מיט געוואַלט אין איר אריינגעגאָסן, און ביז דעם לעצטן טראָפּן אים איינגעזויגן... אויף אַזאַ אופן האָבן די „וואָלטשאַנטשים", ווי די דעניקינצעס האָבן זיך גערופן, אָנגעפירט פון פאַרשידענע באַנדיטישע אַטאַמאַנען, פאַרוואַנדלט אידישע ישובים אין בית הקברות׳ן..

# באַריספאָל

באַריספאָל שטייט ביים דניעפּר. אירע איינוואוינער בכלל, פאַר דער מלחמה, האָבן זיך געציילט 15 טויזנט, צווישן זיי אידן, לערך זיבן הונ־דערט פּופציק. אינם יאָר 1919, זיינען צוגעקומען אנטלאָפענע אידן פון די דערפער, ביי דריי הונדערט. מיט די קריסטן האָבן אידן געלעבט בשלום. אין די צייטן פון קערענסקי האָבן זיך אידן פאַרייניקט אין דער ממשלה פון דעם שטאָט־ראט. ווען אוקראַינע האָט זיך אָפּגעטיילט פון גרויס־רוסלאנד און די דייטשן האָבן באשטימט פאַר א העטמאן פּאַוו־לאָ סקאָראָפּאדסקי, האָבן די אוקראינער פּאטריאָטן אָנגעהויבן באליי־דיקן די אידן, פאַר זייער רעדן רוסיש און ניט אוקראַיניש, און זיי חושד געווען, אז זיי סימפּאטיזירן מיט די ווייס־רוסן און ניט מיט די אוקראַי־נער. און די אטאמאנען, בראש פון די באנדיטן, מיט די באָלשעוויקעס, האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן אין באָריספּאָל די קאַמער־קאַמער־הויז־שפּיל... איין מחנה ארויס, די צווייטע אריין. אָבער דאָס גרויסע אומגליק איז געקומען מצד די דעניקינצעס...

דעם ערשטן טאָג אין חודש אלול, האָבן זיך באוויזן רייטער אין קאַ־רעטן. אויף דער פראגע וואָס די אידישע פאָרשטייער האָבן געשטעלט: וואו איז דער הויפּטלינג? כדי צו דערלאנגען אים דאָס ברויט מיט זאלץ צום קבלת פּנים, האָט איינער פון א קארעטע ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ און א זאָג געטאָן צו דער דעלעגאציע: „צום ברויט זאָל צוגעלייגט ווערן פּופציק טויזנט רובל. אין צוויי שעה וועט ער נאָכאמאָל דאָ זיין, זאָל שוין די סומע זיין צוגעגרייט". און ווען די דעלעגאציע האָט א זאָג געטאָן: „ס'איז פאַר די אידן ניט מעגלעך אזא סומע צו געבן", האָט ער א גע־שריי געטאָן: „שווייגט! אָדער געלט אָדער..." ער האָט ניט דערזאָגט, נאָר מען האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס דער „אָדער" באטייט. און אוים־געלאָזט האָט זיך, די פּופציק טויזנט זיינען געגעבן געוואָרן און די קאָנ־סעקווענצן זיינען געווען: רויב — אידישע הייזער און געשעפטן זיינען אויסגערויבט געוואָרן; שרפות — אידישע הייזער זיינען אונטערגעצונדן געוואָרן; מאָרד — מערערע זיינען דער'הרג'עט געוואָרן; פאַרגוואלדי־קונג — אידישע פרויען און מיידלעך זיינען פאַרגוואלדעט געוואָרן. דאָס אלעס האָט דורכגעפירט דער ליטאָווסקי פּאָלק. די הרוגים האָבן זיך גע־וואלגערט אין די גאסן און מען האָט זיי ניט געטאָרט מקבר זיין ביז

א באזונדערן באפעל, וואָס איז ערשט אין עטלעכע טעג ארום דער-האלטן געוואָרן. די הרוגים זיינען אָבער שוין געווען צעפרעסן פון הינט און חזירים. נאָר דרייסיק זיינען געקומען צו קבורה. פיל זיינען פון די הינט און חזירים פארשלעפט געוואָרן.

## בערשאד

בערשאַד איז פון די גליקלעכסטע שטעט וואָס איז ניט חרוב גע-וואָרן, נאָר געליטן פון שווידערלעכע פאָגראָמען האָט זי פופצן מאָנאַט, פון ערב פורים 1919, ביז שבועות 1920. דאָרט האָט מען אין משך פון דער צייט דער'הרג'עט לערך פופציק נפשות. די הייזער און די געשעפטן זיינען מערערע מאָל פון פארשידענע באנדעס איסגעפלינדערט געוואָרן, און צען מיליאָן רובל האָט בערשאד באצאָלט — אין דער צייט ווען דער רוסישער רובל האָט נאָך געהאט א ווערט — אלס קאָנטריבוציע צום אוקראַינישן מיליטער און צו די באנדעס. איייניקע וואָכן פאר פורים, 1919, האָבן זיך שוין געלאָזט הערן קלאַנגען, אז די פעטליורצעס, וועלכע האָבן געמאַכט שרעקלעכע חורבנות אין פראָסקוראָוו, אין באלטא, אין טעפליק, זיינען אויפן וועג קיין בערשאד. און דער זעלבסטשוץ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן, ס'איז אָבער שוין צו שפעט געווען. איבערגעגעבן האָט מען די אטאמאנען, אז די זעלבסטשוץ איז גאנץ שוואַך און ס'איז ניטאָ פאר וועמען זיך צו שרעקן. ווען די פעטליורצעס האָבן זיך געלאָזט קיין בערשאד, האָבן די מיליציאנערן מיט דעם זעלבסטשוץ זיי ניט געקענט אָפהאלטן און זיי זיינען אריין אין שטאָט און די שחיטות האָבן זיך אָנגעהויבן, און גע'הרג'עט האָט מען גראדע זקנים... און ערשט ווען מען האָט זיי געגעבן צוויי הונדערט טויזנט רובל קאָנטריבוציע, אויסער שטיוול און הויזן פאר די באנדיטן, האָבן זיי פארלאָזט די שטאָט. אין דעם פאָגראָם זיינען אין בערשאד אומגעקומען דרייצן אידן. ס'איז געראַבירט געוואָרן סחורות, חפצים און אויך מזומן געלט קאָנטריבוציע, א סומע פון אייניקע מיליאָנען. דער רואיקער צו-שטאַנד נאָכדעם, האָט געדויערט ביז ל"ג בעומר, 1919. עס זיינען אָנגע-קומען אנטלאָפענע פון טערניווקע און האָבן דערציילט אז די פויערן פון דער סביבה זיינען איבערגעפאלן די שטאָט, אויסגע'הרג'עט די באַל-שעוויקעס צוזאמען מיט מערערע אידן, און איצט לאָזן זיי זיך קיין בער-

שאַד. און ס׳איז געבליבן אַנגרייטן אַ היפּשע סומע קאָנטריבוציע. פיר אָדער פינף טאָג פאַר שבועות זיינען אָנגעקומען קיין בערשאַד מערערע טויזנטער פויערן באוואָפנטע מיט ווילעס און העק, אַ טייל אויך מיט ביקסן און אָנגעהויבן צו רויבן. דריי טעג האָט געדויערט דאָס רויבן, אייניקע אידן זיינען געה׳רג׳עט געוואָרן. און נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען פופציק טויזנט רובל קאָנטריבוציע, האָבן זיי פאַרלאָזט די שטאָט. נאָך די בלויע הייטשעריקן זיינען אָנגעקומען די גרינע... די זעליאָנער, ארויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון געלט און קליידער, און נאָכדעם ווי ס׳איז זיי געגעבן געוואָרן, האָבן זיי פאַרלאָזט די שטאָט. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ צייט פון וויזיטן: שעדלאָווסקים באַנדע, זאַבלוטנים, וואָל־ניצערס, טאָרוטענקאָס, מאַזאָרס און נאָך און נאָך. אַז דער קהלה שטאַנד האָט געזען, אַז די באַנדעס זיינען זיך פּרים ורבים, האָט מען ארויפגעלייגט אַ שטייער אויף יעדן אידן, ס׳זאָל זיך געפינען געלט אין אַ נויט. און אַזוי פלעגט זיך געפונען ביי דער קהלה שטענדיק גרייט עטלעכע הונדערט טויזנט רובל. דערפאַר קאָן מען זאָגן, אַז בערשאַד איז איינע פון די גליקלעכסטע שטעט אין פּאָדאָליע... אידישע גם זו לטובה׳ס.. ס׳זיינען נאָר עטלעכע צענדליק אידן דער׳הרג׳עט געוואָרן, און עטלעכע מיליאָן רובל פדיון נפש געלט אוועקגעגעבן געוואָרן..

## אלגאפאל

אין פעברואר 1919, האָבן זיך פשוטע הײדאַמאַקעס ארײנגעריסן אין שטאָט און אויסגערויבט די הייזער און קלייטן. דעם 14־טן און 15־טן מאַי זיינען שוין אריין די אטאמאנען זאבלאטני און טשאלי, און אין פאַרלויף פון אייניקע טעג גע׳הרג׳עט, גערויבט און פאַרגוואַלדיקט. אַ סך אידן פון שטאָט זיינען אנטלאָפן, אַ טייל האָבן זיך באהאלטן אויף די בוידימער, אין די קעלערס. אין יום כפור זיינען אריין איינפאַכע רויבער פון לובומירקי און אויסגע׳הרג׳עט אייניקע אידן. פון פיל אידן האָבן זיי גענומען פופר נפש, אַ טייל האָבן זיי אוועקגעפירט צו די קרו־בים אָדער באַקאַנטע פון אנדערע שטעט אויף אויסצולייזן זיי.

אין דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, זיינען אריין די דעניקינצעס, ארויס געפירט אידן אין מאַרק, זיי אויסגעטון נאַקעט, צוגענומען זייערע קליי־דער און נאָכדעם איבערגעפאַלן די הייזער, גערויבט, גע׳הרג׳עט און

פארגוואלדעט . אלגאפאל איז אָפּגעקומען מיט עטלעכע צענדליק גע־הרג׳עטע און א פּאָר צענדליק פארגוואלדעטע פרויען, און געבליבן מיט טויט־שרעק, וואָס האָט זיך נאָכדעם אָפּגערופן אויף מערערע און דער־נענטערט דעם יום המיתה...

## באלטא

באלטאַ האָט צו יענער צייט געהאַט דרייסיק טויזנט איינוואוינער, פון זיי צוויי דריטל אידן. באלטא איז שוין געפּרואווט געוואָרן מיט פּאָ־גראָמען. אין די יאָרן 1881—2, זיינען דאָרט פאָרגעקומען די שרעקלעכ־סטע פּאָגראָמען, אויך אין אָקטאָבער 1905 האָבן באלטער אידן געליטן פון געפערלעכע פּאָגראָמען. אויף באלטא איז געפאלן דער גורל צו פאר־געסן די ערשטע צרות צוליב די לעצטע.

דעם 27־טן יאַנואר 1919, איז אין באלטא פאָרגעקומען די ערשטע שחיטה. פערציק יונגע לייט זיינען פון די פּעטליורצעס גע׳הרג׳עט גע־וואָרן, אויפן פארדאכט פון באָלשעוויזם. צוויי טעג און נעכט האָט געדויערט די שחיטה און דער רויב. אויפן דריטן טאָג האָט דער קאָמאנ־דאנט געפאָדערט מען זאָל אים צושטעלן אין משך פון 24 שעה א קאָנ־טריבוציע פון א האלבן מיליאָן רובל. עס האָט ניט געהאָלפן קיין געבעט און געוויין. דער קאָמאנדאנט האָט געגעבן נאָר איין תשובה אויף אלע בקשות: „די סומע מוז צוגעשטעלט ווערן, ווען נישט, וועל איך ניט דערלויבן די הרוגים מקבר צו זיין”. נאָכדעם, ווען די פּעטליורצעס האָבן דערפילט, אז זיי דארפן באלד פארלאָזן די שטאָט צוליב דעם אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, האָבן זיי אויפסניי א הוליע געטאָן דריי טעג, אויסגע׳הרג׳עט זעכציק אידן און ווייטער גערויבט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער זיינען אָנגעקומען טוטאניקס רוצחים און דן געווען די שטאָט מיט דער שווערד און מיט פייער. 270 הייזער פארברענט און 12 מאָן דער׳הרג׳עט. אויף דער שטאָט איז ארויפגעלייגט געוואָרן א קאָנטריבו־ציע פון א מיליאָן רובל.

## בערשטשאַנאווקא

שרעקלעך זיינען געווען די הריגות אין דעם פארוואָרפענעם שטעטל אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען פאר די פּאָגראָמען ביי די 400 משפחות.

אין מאָנאַט אייר, 1919, ווען א אידישער בעל עגלה איז געפאָרן פון בער־שטשאַנאווקא קיין בעלילאווקא, מיט 9 אידישע פאסאזשירן, זיינען זיי מיט 9 ווערסט פון דער שטאָט אלע אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן. זעקס טאָג אין תמוז זיינען געקומען די סאָקאָלאָווער, איינגעבראָכן זיך אין בית־המדרש, דער׳הרג׳עט 9 מענטשן, צוגענומען קאָנטריבוציע הונדערט מיט צען טויזנט רובל, צוזאָגנדיק צו פארלאָזן די שטאָט, און זי ניט פארלאָזט, נאָר באנייט די הריגות, דעם רויב און די פארגוואלדיקונג. אויסגע׳הר־געט 28 אידן, פארוואונדעט 12, פארגוואלדעט פיל פרויען און ערשט דעמאָלט פארלאָזט די שטאָט. אכט טעג אין תמוז, זיינען געקומען די גריגאָראָווצעס, צוגענומען זעקס און זעכציק טויזנט רובל און פארלאָזט די שטאָט. גלייך זיינען געקומען די סאָקאָלאָווצעס, פארברענט פופצען הייזער און פופצען קלייטן, גע׳הרג׳עט און שווער פארוואונדעט די אידן, וואָס זיינען געקומען לעשן, אָפגערויבט זי און אוועק. אין פיר וואָכן ארום זיינען געקומען די פארטיזאנער מיטן אַטאַמאַן צעבאניוק, אויסגע׳הרג׳עט זעכציק אידן, פיר און דרייסיק אין פעלד און די איבעריקע אין שטאָט; אין א וואָך ארום איז די באנדע רויבערס ווייטער געקומען, און ווען די אידן האָבן זיך באהאלטן אויפן בוידעם פונם בית־המדרש, האָבן די רוצחים זיי געפונען דאָרט און אויסגע׳הרג׳עט 120 און נאָר 8 האָבן זיך געראטעוועט.

## ז ש י ט אָ מ י ר

ס׳זיינען קאלטע שנייאיקע טעג. די שטאָט איז איינגעהילט אין ווייסן. אין גאס שטייען גרופעס אידן און סוד׳ען זיך טרויעריק וועגן די אידישע שטעט וואָס זיינען שוין חרוב געוואָרן. אלטע ווייבער ליגן אויס געצויגענע אויפן קבר פונם צדיק שניאורזאָן, וועלכער ליגט דאָרט, וואַרפן אריין קוויטלעך אין זיין אוהל, און בעטן דעם צדיק, ער זאָל זיי באַ־שיצן פון צרות און אומגליקן. און... „קורען סמערטי" איז איבערגעפאלן די שטאָט. ס׳איז געווען צו ווייַנאַכט, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן רויב, מאָרד און פארגוואלדיקונג, צוגענומען נאָכהער כופר נפש און אוועק. אָוונטצו זיינען אָנגעקומען אייניקע מיליטערלייט, ניט גערעדט קיין וואָרט, נאָר געמאַכט סימנים מיט די פינגער, אז זיי פארלאנגען געלט, און ווען אויך מען האָט געוואוסט, אז זיי זיינען אייגענע שטאָטישע

אינטעליגענטן, האָט מען זיי משחד געווען און זיי זיינען אוועק. זיינען נאָכדעם אָנגעקומען קאָזאקן. צום ערשטן אריין אין שול, פארלאנגט מען זאָל זיי ארויסגעבן די ספרי תורות. מען האָט זיי שוין אָבער צופאָר מיט אייניקע טעג פון דאָרט ארויסגענומען און באהאלטן. פאר רציחה האָבן זיי דער׳הרג׳עט א משוגע׳ן אינגל, וואָס האָט זיך געפונען אין שול.. נאָכ־דעם האָבן זיך אָנגעהויבן שחיטות, הריגות און פארגוואלדיקונג. אויפן צווייטן טאָג האָבן אידן מקבר געווען די געפאלענע...

## כ א ש ט ש ע ו ו א ט א

די ערשטע בשורה וואָס האָט געטראָפן דער שטאָט ווי אַ דונער, איז געווען וועגן די פּאָגראָמען וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין באלטא, פופציק מייל ווייט פון כאשטשעוואטא. דער אומגליק פון באלטא איז אויך איר אומגליק געווען. פונם 9־טן מערץ, 1919, איז שוין דאָס לעבן דאָרט ניט געווען קיין רואיקעס, יעדער טאָג האָט געבראכט אן אומגליק. שוין דעם ערשטן טאָג, איז אריין אין שטאָט פעטליוראס אַ באנדע, גערויבט און געפּלינדערט, איבערלאָזנדיק אין שטאָט פיל צעשלאָגענע און איין הרוג. נאָך אייניקע שעה איז די באנדע אָפּגעטראָטן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן אין די ארומיקע דערפער פויערישע באנדעס, אונטערן נאָמען „פּארטיזאנער", מיטן כלומרשטן אויסרייד צו איבערפאלן די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט. אין דער ווירקלעכקייט אָבער, איז דער עצם כונה זייערע געווען אויף איבערצופאלן די אידן. איינער א געוויסער רויבער, האָט צוזאַמענ־געשטעלט אַ באנדע, פונקט אַזעלכע רויבער ווי ער, איינגעאָרדנט א „שטאב" ביי דער סטאַנציע הייוואראן, זיבן ווערסט פון דער שטאָט. אין א שבת, ערב פורים, איז ער אריין אין שטאַט, אנידערגעשטעלט אין מיטן שטאָט „אַמעטראליאדאָרן" און אָנגעהויבן שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס. קיין פיל הרוגים זיינען ניט געווען, ווייל אידן האָבן זיך שוין — ווי דער שטייגער איז — פארשטעקט אין די לעכער... די פּאָר־שטייער, האָבן אונטערהאנדלט מיט אים, אים געגעבן היבשע טויזנטער קאנטריבוציע, און באשטימט אזעלכע יעדן חודש צו געבן. און די שטאָט איז באפרייט געוואָרן פון אים. פטור געוואָרן פון איין צרה, איז געקומען א גרעסערע.

דעם 15-טן אייר איז אריין אין שטאָט דער אטאמאַן וועלינעץ מיט די פירער ציזין און קסענדזוק, צונויפגענומען אלע אידן, אוועקגעפירט זיי אויפן בית הקברות, אַקעגן אויף א בערגל געשטעלט א קוילן-וואַרפער. דער באנדיט וועלינעץ האָט געהייסן זיי אלע זיך אויסלייגן אויף די קברים, און דערקלערט אַז ער האָט באשטימט אַלע אויסצושיסן... „זאָגט ודוי, פארפלוכטע אידן! באַלשעוויקעס האָט זיך אייך פארגלוסט"!.. אזוי זיינען פאריבער אייניקע מינוט אין טויט-שרעק. נאָכדעם האָט ער א געשריי געטון: „שטייט אויף! איך טו מיט אייך א חסד, ווען אויך איר האָט עס ניט פארדינט... א פערטל מיליאָן רובל זאָלט איר מיר געבן, קליידער און שיך און אויך פארשידענע עסנס פאר דעם מיליטער".

אידן האָבן צוזאמענגענומען פופציק טויזנט רובל, און נאָך פיל טרערן האָבן זיי געפועלט ער זאָל דאָס געלט ביי זיי נעמען. נאָכן דער-הרג'ענען עטלעכע אידן זיינען זיי אוועק, באשטימענדיק אלס קאָמאנ-דאנט איבער דער שטאָט א אוקראַינישן מערדער מיטן נאָמען דודעניק. שפעטער מיט אייניקע טעג איז געקומען דער פארטיזאַן זאבאלאטני, צוגענומען דרייסיק טויזנט רובל. און אזוי איז כאשטשעוואטא באַזוכט געוואָרן פון די „חשוב'ע געסט" און אויסגעליידיקט, אויסגעטרייסלט די קעשענעס, אויסגעפלינדערט די הייזער און געשעפטן, ביז ס'איז געקומען עשרה בטבת פון יאָר 1920; אין דעם טאָג איז דעניקין אריין אין שטאָט, און דאָס וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין צוויי טעג, איז מיר אונמעגלעך רואיק צו באשרייבן. פיל אידן זיינען אויפגעהאנגען געוואָרן, און ווען זיי האָבן שוין געהאלטן ביים אויסהויכן די נשמות האָבן די מערדער זיי פון די תליות אַראָפגענומען און געצוואונגען זיי זאָלן אָפגעבן זייער גאנץ פאַרמעגן. דאָס פאלטערן פון די אומגליקלעכע אידן וואָס זיינען אַריינגע-פאלן אין זייערע הענט איז געווען אזוי גרויזאם, אזוי בעסטיאליש, אַז דאָס בלוט גליווערט באשרייבנדיק עס: אָפגעשניטן נעז, אָפגעהאקט אלע פינגער פון הענט און פיס, אָפגעשניטן אויערן.

נאָכדעם ווי זיי האָבן פארברענט פיל הייזער, אויסגע'הרג'עט זעקס און זעכציק מענטשן, און שווער פארוואונדעט מער פון צוויי הונדערט, און הונדערטער פרויען פארגוואלדעט, האָט דעניקינס באנדע פארלאָזט די שטאָט. פארטיזאנער און אנדערע באנדיטן זיינען נאָכדעם געקומען אויף א באזוך. און אינם משך פון די באזוכן זיינען דערהרג'עט געוואָרן

אין כאשטשעוואטא, הונדערט פערציק און פארוואונדעט אייניקע הונ־דערט. דער אידישער ישוב איז אינגאנצן צו יענער צייט חרוב געוואָרן. פון די זעקס טויזנט אידן איז קיין איינער דאָרט ניט פארבליבן א ניט גע׳ניזוקטער.

## נ ע מ ע ר אָ ו ו

אין פארלויף פון די ערשטע מאָנאַטן פון דער רעוואָלוציע, האָבן נעמעראָווער אידן מותר געווען אויף זייערע פאָדערונגען לגבי די פון די קריסטלעכע איינוואוינער. מען דארף די קריסטן ניט דער׳רגז׳נען, האָבן אידן געזאָגט, ווער ווייסט וואָס די אומרואיקע צייט קאָן ברענגען, און דאָך, נאָכדעם ווי אין דער לופט האָט זיך געפילט א באָלשעוויסטישער ריח פון איין זייט און אוקראאינישע „סאמאסטינאָסט" פון דער צווייטער זייט, האָבן נעמעראָווער אידן באקומען א התראה, אז קוים וועלן זיי ניט אנערקענען די אוקראאיניסטישע שטאָטישע פארוואלטונג, וועלן זיי זיך מיט זיי רעכענען, ווען די צייט וועט קומען...

די שטאָטישע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך אָבער פון די סטראשונקעס צום הארצן ניט גענומען, און אָנגעפירט די פארוואלטונג ביד חזקה, און ווען אויך די רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען דער רוב קריסטן, זיינען דאָך די אידן פון די אוקראאינער סאמיסטיגוסטן באשולדיקט געוואָרן אין פאר־ראַט קעגן זיי, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מערקן א פאָגראָם־שטימונג.

אין דעמזעלבן טאָג, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן דער קאמף צווישן די באָלשעוויקעס און אוקראאינער אין קיעוו, האָט זיך אויך אָנגעהויבן א מלחמה צווישן אוקראאינער און אידן; און ווען עס זיינען געפאלן צוויי אידן פון דער זעלבסט־שוץ, זיינען זיך די איבעריקע צעלאָפן, און דער פאָגראָם האָט אָנגעהאלטן צוויי שעה. און ווער ווייסט, וועלכע שרעקלע־כע פאָלגן דער פאָגראָם וואָלט געהאט, ווען א צווייטער זעלבסטשוץ זאָל זיך ניט געווען אָרגאניזירן דורך אידישע שטאַרקע און מוטיקע יונגע־לייט. ווען די באנדיטן האָבן דערזען, אז די זעלבסטשוץ ווייזט ארויס גבורות און מערערע זיינען שוין אויך פון זיי געפאלן, האָבן זיי פארלאָזט די שטאָט.

איך וועל איבערלאָזן די פסדרדיקע איבערוועקסלונגען פון עסטריי־כער, פאָליאַקן, פון העטמאנען און אטאמאנען פון וועלכע נעמעראָוו האָט

געליטן, סיי אין פארלוסט פון נפשות און סיי אין פארלוסט פון פארמעגן, און איך וועל פארצייכענען דעם דאַטום פון 20־טן אפריל, 1919, ווען וואָלינעץ איז אָנגעקומען אין שטאָט מיט דריי הונדערט באנדיטן. די אידן זיינען ארויס מיט ברויט און זאלץ צום קבלת פנים; וואָלינעץ האָט דווקא דאָס ברויט צוגענומען, נאָר געפאָדערט, אז די אידישע געמיינדע זאָל אים צושטעלן, אין פארלויף פון דריי שעה, פאר צוויי הונדערט מאן שטאָף אויף קליידער, לייוונט, אין דער זעלבער צאָל, אויף העמדער, און שטיוול אין דער זעלבער צאָל, צען רייט־פערד, צען זאָטלען, פערציק פוד ברויט, צוואנציק פוד פלייש, צען פוד ווארשט, צען עמער בראנפן און... א מיליאָן רובל מזומן געלט. און ווען די אידישע געזעלשאפט ניט וועלן צושטעלן, וועט ער אליין נעמען...

אין נעמעראָוו האָט זיך גראָד אין יענער צייט געפונען וואָלינעצעס גוטער פריינט, ליסאוואלאק, דער געוועזענער פרעזידענט פון דער שטאָטישער דומע אין הייסין. נעמעראָווער אידן האָבן זיך געווענדעט צו אים און געבעטן ער זאָל באאיינפלוסן אויף דעם באַנדיט אראָפּצולאָזן פון דער פאָדערונג. ליסאוואלאק איז אין דער באגלייטונג פונם נעמעראָווער ראבינער פינקעלשטיין, געקומען צו אים. וואָלינעץ האָט זיי ביידע איינגעלאדן זיך צו זעצן צום טיש, און זיך געווענדעט צום ראבינער פינקעלשטיין מיט די ווערטער: „און דו, גאָספּאָדין מאָשקא אָדער יאַנקעל, קום צו צו מיר און זעץ זיך אנידער ביי מיר אויפן שויס, איך האָב זייער ליב אידן, איך האָב זיי אזוי ליב, אז דעם פאָריקן זומער האָב איך אויסגע׳הרג׳עט ביי די צוויי הונדערט פון זיי. איצט אָבער, ווייל איך זיי מער ניט הרג׳ענען, איך פארלאנג נאָר פון זיי א סומע לויט איך פארשטיי, און אויב זיי ווילן ניט אויספאָלגן, נעם איך מיר דאָס רעכט צו טון מיט זיי נאָך מיין ווילן נאָך...״

דער ראבינער פינקעלשטיין — זאָל אים זיין צום לויב — האָט זיך פאר אים ניט דערשראָקן, און אים געענטפערט: „זאָל דער פריץ ווייסן, אז איך רוף זיך ניט, ניט מאָשקא און ניט יאנקל, און איך בין ניט געוואוינט צו זיצן אויף פריצישע שויסן, מיין זיצן איז שטענדיק ביי א טיש און רעדן מיט יעדן ווי איין פריינט מיטן צווייטן״. „זאָל זיין ווי דו זאָגסט, — האָט אים דער באנדיט געענטפערט — זיץ דירביים טיש, נאָר די קאָנטריבוציע וואָס איך האָב אויף די אידעלעך ארויפגעלייגט, מוזן זיי מיר

צושטעלן; אין געגנפאל, וועל איך זיי ווייזן מיין האַנט פון וועלכער דאָס בלוט פון די הייסינער אידן טריפט נאָך פון איר".

„אומזיסט דענקט דער פריץ ארויפצואווארפן אויף מיר א שרעק — האָט דער ראַבינער געענטפערט — איך האָב שוין געקענט און געזען גרעסערע אטאמאנען פון דיר. און זיי האָבן אזעלכע סומען ניט פאַר־לאַנגט. און רעד זיך ניט איין אז דו וועסט אליין נעמען... ס'זיינען דאָ גרעסערע פריצים פון דיר און זיי וועלן דיך פון דעם חשק אָפּהאלטן".

איך שטעל מיך אָפּ לענגער אויף דעם געשפּרעך, ווייל ער איז זייער אינטערעסאנט, אז אין יענער צייט זאָל מען רעדן מיט באנדיטן אין אזא טאָן.

„דער גאָספּאָדין ראַבין פאַרגעסט — האָט דער באנדיט געלאסענער א זאָג געטאָן — אז אין אלע אונזערע אומגליקן זיינען שולדיק די אידן, אָנהויבנדיק פון די ציוניסטן סירקין און הינדעס, דיינע חברים, און ענ־דיקנדיק מיט ראַפּעסן און ליטוואקאָוון, די באָלשעוויקעס. איר, נאָר איר, האָט אלעם אָנגעווענדעט, אז אוקראַינע זאָל ניט ווערן זעלבסטשטענדיק. און איר וועט מיר מוזן געבן די סומע וואָס איך פאַרלאַנג, אזוי ווי עס האָט מיר געגעבן בערשאַד. ווען ניט, זאָלט איר קיין חרטה ניט האָבן".

„דו האָסט א גרויסן טעות, פּריץ לעבן, סירקין און הינדעס זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין קעגנער צו די גערעכטע פאָדערונגען פון די אוקראַינער, בנוגע זייער אומאָפּהענגיקייט און פרייהייט. אָבער צו דער ממשלה פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן און זייערע אומגערעכטע פאָדערונגען, וועלן מיר שטענדיק זיין קעגנער... און ווייס אויך, אז נעמע־ראָווער אידן זיינען שטענדיק געשטאַנען אין די נויטן פון די אוקראַינער און זיי געהאָלפן מיט אלע מעגלעכקייטן. פרעג דיינע פריינט פלישענקאָ און ליסאָוואָלאַק, און זיי וועלן עס באשטעטיקן... אטאמאן — האָט דער ראַבינער מיט פאַטאָס אויסגעשריען: — נעם צוריק דיין וואָרט וועגן דער גרויסער סומע, אידן פון נעמעראָוו וועלן דיר מער ניט געבן, נאָר דאָס וואָס זייער גוטער ווילן וועט זיי דיקטירן... וועסטו אָבער זיך איינ־שפּאַרן, און באפעלן דיינע מענטשן צו רויבן און פלינדערן, זאָלסטו וויסן אז אין געציילטע טעג ארום וועט אריינקומען פעטליורא מיט אונזערע בונדעס־געשלאָסענע פאָליאַקן, און איך וועל זיי אלעם דערציילן, און דע־מאָלט זאָלסטו, פּריץ, קיין חרטה ניט האָבן".

אין דעם סטיל האָט אויך גערעדט פּלישענקאָ. און דער באַנדיט האָט זיך אונטערגעגעבן און באַשטאַנען וואָס די אידן ווילן אים געבן ביז צוויי אזייגער נאָך מיטיק. און צוגעגעבן: „מיר איז קיינמאָל ניט געקו־מען אויפן געדאַנקען צו הערן פון א זשיד אַזעלכע געוואגטע ווערטער...״

די נעמעראָווער אידן זיינען אָבער ניט געווען אימשטאַנד אין צוויי שעה צייט צונויפצונעמען די סומע וואָס זיי האָבן באַשטימט אים צו געבן, דער באַנדיט איז אויפגעבראַכט געוואָרן, ארויסגעלאָפן אין מארק, געכאַפּט זעקס אידן, צווישן זיי אויך דעם ראַבינער פינקעלשטיין. די אידן האָט ער געטרייסט אז ס׳וועט זיי קיין שלעכטס ניט געשען, נאָר דעם ראַבינער אליין וועט ער אויפהענגען, און ער וואָלט אים פאַר גע־ווים אויפגעהאַנגען, ווען ניט פּלישענקאָ זאָל אים ניט געווען ארויסרא־טעווען פונם רוצח׳ס הענט. נעמעראָוו האָט אים געגעבן א היבשע סומע און פון אים פּטור געוואָרן. אָבער נעמעראָוו האָט פיל געליטן פון פאַר־שידענע באַנדעס. פיל קרבנות זיינען געפאַלן ביז די באָלשעוויקעס האָבן זיך דאָרט באַפעסטיקט.

## ס ק ו ו י ר ע

דעם 20־טן נאָוועמבער, 1918, ווען די צייטווייליקע פאַרוואלטונג האָט נאָך אָנגעהאלטן, האָבן זיך ארייַנגעבראָכן אין שטאָט די פויערן פון די ארומיקע דערפער, און זי אָנגעהויבן ראַבירן און פּלינדערן. צו זיי זיי־נען גלייך צוגעשטאַנען די שטאָטישע קריסטלעכע איינוואוינער, און צו־זאמען מיט זיי פּאָגראָמירט. דער „איספּאלקאָם״ האָט גלייך פאַראָרדנט אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם און אפילו פאַרעפנטלעכט שטרענגע וואָרנונגען קעגן די אגיטאַטאָרס, וואָס רופן צו פּאָגראָמען. די פּאָגראָמען האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי יאָר, אָבער רואיק זיינען די סקווירער אידן ניט פאַרבליבן, א פּאָרגעפיל האָט זיי געזאָגט, אז סקווירע וועט זיך פון פּאָגראָמען ניט אויסדרייען. ענדע ווינטער פון 1919, האָט דאָס פּעטלו־רישע מיליטער געליטן א נידערלאגע פון די באָלשעוויקעס. סאָקאָווּלאָוו־סקי, דער גענעראל פון פּעטלורישן מיליטער, האָט טעלעגראפירט צו זיבענקאָן, דער העטמאַן פון סקווירע, אז מען זאָל צוגרייטן אָן אָרט פאַר דריי טויזנט קאָזאקן, וועלכע קערן זיך צוריק קיין טשערקאַס. נאָך דער באַשטימונג פון דער שטאָט־פאַרוואלטונג, האָט זיבענקאָ צוריק טעלע־

גראפירט צו סאָקאָוולאָווסקין אז ס׳איז ניט ראטזאם אריינברענגען די דריי טויזנט קאָזאקן קיין סקווירע, ווייל עס בושוועט דאָרט דער פלעק־טי־פוס. דער ענטפער איז געלונגען, און סקווירע איז געראטעוועט געוואָרן פון דער סכנה וואָס ס׳איז זיי אויסגעשטאַנען צו ליידן. אין צוויי וואָכן ארום, א נייער באפעל פון סאָקאָוולאָווסקי — סקווירע זאָל געבן פלאץ פאר טויזנט קאָזאקן. דאָס מאָל האָט זיבענקא מיט דער צושטימונג פון דער שטאָט־פארוואלטונג געענטפערט, אז אין סקווירע איז דאָ פלאץ פאר נאָר דריי הונדערט. די איבעריקע זאָלן צעשטעלט ווערן אין די ארומיקע דערפער. און סקווירע ווערט פאָגראָמירט. די פעטליורצעס, וועלכע האָבן באַזיגט די באָלשעוויקעס זיינען אזוי פאר׳שכור׳ט געוואָרן פונם באָלשעוויסטישן בלוט, אז זיי האָט זיך פארגלוסט צו פארזוכן פון ריין אידיש בלוט. און צוויי טעג האָט געדויערט דער שרעקלעכער פאָגראָם, ביז די באָלשעוויקעס האָבן צוריק דעראָבערט די שטאָט, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א באָלשעוויסטישע צרה: פארנומען די חשוב׳סטע אידן פון סקווירע אלס משכון, און באפוילן זיי צושטעלן פינף און זיבעציק טויזנט רובל אלס „שמירה" פאר דער שטאָט, און די צושטעלונג דארף זיין אין א באשטימטער צייט, און פאר יעדן פארשפעטיקטן טאָג, וועט געשאָסן ווערן איינער פון די גענומענע אלס משכון. די סומע איז צוגעשטעלט געוואָרן, רויב און מאָרד אָבער האָט ניט אויפגעהערט. און די שטאָט איז אריינגעפאלן אין די הענט פונם אַטאַמאַן באנדיט טוטיוניק. א גאַנצע נאָכט מיט אַ טאָג האָבן ניט אויפגעהערט די הריגות, די רויבערייען, און די פארגוואלדיקונגען. פיר און דרייסיק אידן זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן, ערשט ווען פאטשענקא איז געוואָרן דער קאָמאנדאנט פון דער שטאָט, איז דער פאָגראָם געשטילט געוואָרן. נאָך זעקס טעג האָט טוטיוניק ארויפגעלייגט א קאָנטריבוציע פון א מיליאָן רובל, און דאָס געלט זאָל גלייך געצאָלט ווערן.

דאָס גליק פון סקווירער אידן איז געווען, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן ווידער געזיגט, און טוטיוניק האָט געמוזט אנטלויפן. אין חודש אלול, 1919, זיינען די באָלשעוויקעס אָפגעטרעטן, און די פעטליורצעס זיינען אריין, און אין משך פון פיר שעה זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן פיר און אכציק אידן און שווער פארוואונדעט געוואָרן זיינען זיבן הונדערט; פרויען און מיידלעך זיינען אָן א צאָל פארגוואלדיקט געוואָרן.

אין סקווירע בייטן זיך די אטאמאנען, און אידן ליידן פון יעדן אומ־בייט... ענדע דעצעמבער 1919, פאריאָגן די באָלשעוויקעס די וואלטשענ־טשים, דעם ערשטן מאי, 1920, פאריאָגן די פאָליאקן די באָלשעוויקעס, און עס ווערן גע׳הרג׳עט פיר און דרייסיק אידן, און אין יוני קערן זיך אום די באָלשעוויקעס און דעראָבערן די שטאָט. סקווירע ליידט שוין ניט אזוי שרעקלעך...

## ק י ע ו ו

ביז אויגוסט 1919, האָט קיעוו געהאַט צען פארוואלטונגען.

1) די ממשלה פון ניקאָלאי, זכרונו לסרחה; 2) די ממשלה פון קערענ־סקי (די ציוויליקע ממשלה); 3) די ממשלה פון די נאציאָנאַלע אוּ־קראינער; 4) די באָלשעוויקעס (ערשטער פעריאָד); 5) פון דער אוקראי־נער ראדא; 6) פון דעם העטמאן סקאָראָפּאדסקי, דאָס וויל זאָגן פון די דייטשן; 7) פון דער פריוויליקער ארמיי; 8) פון דער דירעקטאָריע ווי־ניטשענקא-פּעטליורא; 9) פון די באָלשעוויקעס (צווייטער פעריאָד); 10) פון פּעטליוראס ממשלה, וועלכע האָט געדויערט איין טאָג.

אלע טעג פון די צען ממשלות זיינען געווען פאר קיעווער אידן „ימי אפלה״, פיל ערגערע, ווי די פאר די עגיפּטער אין מצרים... די גאנצע צייט פון די צען אָנגעשיקטע מכּות, האָט געהערשט די „מכּת חושך״ ביי טאָג און ביי נאכט, די עלעקטריק איז פארשוואונדן געוואָרן, פינסטער אין די גאסן, פינסטער אין די הייזער. די תּפיסות זיינען גע־עפנט געוואָרן, אלע מערדער און רויבער האָבן געבושעוועט, איבער־הויפּט אין די פאָרשטעטלעך. די גאסן זיינען פינסטערע און די מלאכי מות האָבן געשאַלטעט און געוואלטעט, גערויבט און גע׳הרג׳עט. אין א שבת אינדערפרי, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פארלאָזט די שטאָט, האָבן זיך דערהערט שיסערייען. פּעטליוראָווצעס זיינען אריין אין שטאָט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן הריגות. פון די אָפיצירן זיינען דערשטאָכן גע־וואָרן מערערע אידישע סטודענטן, וועמען מען האָט חושד געווען אין קאָמוניזם. נאָכדעם זיינען געכאפּט געוואָרן 38 יונגע לייט פון דעם זעלבסטשוץ, ארויסגעפירט זיי אונטער דער מיאווקא, געשטעלט זיי נעבן א קאַנאל, און דערשאָסן זעקס און דרייסיק פון זיי, צוויי האָבן געהאַט

דאָס גליק צו אנטלויפן. דער טויט פון די זעקס און דרייסיק יונגע אומ-שולדיקע מענטשן, האָט דערשיטערט די הערצער, דערשלאָגן די געמיטער פון די קיעווער אידן. און דעניקין באַזעצט די שטאָט... באַרדאָוו און דראַגאָמיראָוו זיינען די מושלים פון קיעוו, אינם נאָמען פון דעניקין.

ערב יום כפור זיינען אָנגעקומען דערשיטערנדע נאכריכטן פון פאַס-טאָוו. געזאָגט האָט מען, אז ביז פיר טויזנט אידן זיינען דאָרט אויסגע-שחט'ן געוואָרן. דער שרעק איז געווען ניט צום באַשרייבן. אום יום כפור איז אַריינגעפאַלן אין שול א פאַרוואונדעטער איד מיט א געשריי: „אידן! ראַטעוועט! דאָס אויסשלאַכטן אידן הערט ניט אויף! איך האָב מיך געראַטעוועט על פי נס, דער שטריק מיט וועלכן מען האָט מיך גע-האַנגען האָט זיך איבערגעריסן און איך בין אנטלאָפן”. ער האָט זיי געוויזן די סמנים אויף זיין האלז.

א באַוואוסטער קיעווער גביר איז אוועקגעלאָפן צום גו-בערנאַטאָר טשערניאַווסקי, וועלכן ער האָט געקענט פון יעקאַטערינאָס-לאַוו, און איצט האָט ער זיך געפונען אין קיעוו. און ער האָט אים גע-בעטן צו ווירקן אויף די באַנדיטן זיי זאָלן אָפּשטעלן די שחיטות אין פאַסטאָוו. דער גובערנאַטאָר האָט אים געענטפערט: „איר אליין זיינט שולדיק, איר קאָמוניסטן! דעניקין איז זיך נוקם אין אייך פאַרן פאַר-שוועכטן רוסלאַנד”. ער האָט אָבער דאָך געווירקט אז די שחיטה אין פאַסטאָוו זאָל אויפהערן. קיעווער אידן האָבן אויף א וואונדערלעכן אופן אַרויסגעוויזן זייער רחמנות צו די פאַסטאָווער פליכטלינגע, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין קיעוו. קיין איין איד האָט ניט פאַרמאַכט זיין טיר פאַר די געראַטעטע, פיל אידן האָבן אדאָפּטירט פאַסטאָווער יתומים. די פאַר-וואונדעטע זיינען זאָרגפעלטיק קורירט געוואָרן. די מצוה איז זיי אָבער ליידער ניט בייגעשטאַנען זיך צו ראַטן פון פּאָגראָמען. הונדערטער אידן זיינען דער'הרג'עט געוואָרן, און שרעקלעך איז געווען צו זען, ווען זיי זיינען געבראַכט געוואָרן צו קבורה. דאָס טהרה הויז איז פול מיט הונ-דערטער הרוגים, מען ברענגט צו הרוגים, מוטערס טראָגן זייערע קינ-דער צו באַגראָבן, פאָטערס גראָבן זייערע קינדערס קברים. נישטאָ מער קיין פלאַץ פאַר טויטע אין טהרה-הויז, זיי בלייבן ליגן אין הויף; די קברנים זיינען שוין מיד צו גראָבן קברים. יעדן טאָג קומען צו אנדערע קברנים, די נעכטיקע קברנים האָט מען דער'הרג'עט.

# קריוואַ־אזר

קריוואַ־אזר איז באַרימט מיט איר זעלבסטשוץ, נאָך אין 1904. אין דער צייט פון דער מלחמה מיט יאַפּאַן, האָבן די פויערן פון די אַרומיקע דערפער זיך מאָביליזירט, און באַפאַלן די שטאָט און אָנגעהויבן צו פּאָגראָמירן. דער געהילף־איספּראַווניק, דערזעענדיק די אידישע זעלבסט־שוץ, האָט ער דיזעלבע באַפוילן צוריקצוקערן זיך, און די פּאָגראָמשטשי־קעס דערמונטערט צו דער אַרבעט. די זעלבסטשוץ האָט זיך אָבער ניט איבערגעשראָקן און זיך אַקעגנגעשטעלט די רוצחים. די אידישע יונגע־לייט האָבן אַרויסגעוויזן אַ העלדישן ווידערשטאַנד, און די פּאָגראָמשטשי־קעס, נאָכדעם ווי פון זיי איז געפאַלן אַ היבשע צאָל, זיינען זיך צעלאָפן, ווי מען זאָגט, אויף זיבן וועגן. די אַרומיקע גויים האָבן שוין ניט געוואַגט איבערפאַלן קריוואַ־אזר.

אין יאָר 1905, ווען ניקאָלאַי האָט זיך געוואָלט ריין וואַשן מיט אי־דיש בלוט, אויף דער שווערער זינד וואָס ער איז באַגאַנגען מיט זיין אַרויסגעבן די קאָנסטיטוציע, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שרעקלעכע פּאָגראָמען, האָט די זעלבסטשוץ פון קריוואַ־אזר ניט נאָר איר שטאָט פאַרטיידיקט, נאָר אַלע אַרומיקע שטעטלעך. דער נאָמען קריוואַ־אזר, איז מיט אַ ברכה אין מויל דערמאָנט געוואָרן.

שפּעטער מיט 13 יאָר, האָט קריוואַ־אזר געטרונקען פונם ביטערן בעכער גלייך מיט אַלע אוקראַינער אידן. אין משך פון דער צייט איז די זעלבסטשוץ צעפאַלן, גלויבנדיק אז זי איז שוין מער ניט נוצלעך. פּעט־ליורצעס זיינען געוואָרן די געסט אויך פון קריוואַ־אזר. די ערשטע באַנ־דע האָט ניט געהאַט קיין צייט צו צעפירן זיך די הענט, נאָר איין טאָג איז זי פאַרבליבן און באַלד אַנטלאָפן. אין מאָנאַט שבט פון 1918, איז קיין קריוואַ־אזר אַריין פּעטליורעס זאַפּאָראָזשער באַטאַליאָן באַשטייענ־דיק פון 80 מאַן; ניט קיין מענטשן, נאָר חיות רעות זיינען זיי געווען. גלייך איז פונם קאָמאַנדאַנט אַרויס אַ צירקולאַר צוצושטעלן פינף הונ־דערט ביקסן און הונדערט טויזנט קוילן. און ניט וואָרטנדיק פיל, האָט מען געמאַכט אַן איבערפאַל, און ווי דער שטייגער איז, מען האָט גע־רויבט, געפּלינדערט, און צוזאַמענגענומען, — ווי זיי האָבן זיך אויס־געדריקט — די סומע פונם באַטרעף פאַר די ביקסן און קוילן. דאָס איז

געווען א הקדמה... קאזאקאוו איז געקומען צו גאסט; גראָד האָבּן זיך געפונען א פּאָר הונדערט „רויטע״, צווישן זיי אויך דרייצן אידן. א שלי־מזל׳דיקע צאָל — די קריסטן זיינען בּאלד צוגעשטאַנען צו קאזאקאווס בּאנדע, און פון די אידן זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן זיבּן, די איבּעריקע זיינען אנטלאָפן. און די הריגות האָבּן זיך אָנגעהויבּן. מען דארף דאָ בּא־מערקן אז די בּאנדיטן האָבּן קיין פרויען און קינדער ניט גע׳הרג׳עט, נאָר מענער, און עס האָט ניט געהאָלפן דאָס אויסלייז געלט, וואָס מען האָט זיי געוואָלט געבּן; „ניט קיין געלט דארפן מיר, נאָר אידישע נשמות...״ אין פארלויף פון דריי שעה זיינען געפאלן הונדערטער הרוגים. די אידן האָבּן דאָרט געלעבּט אין שרעק און אין פּאניק, בּיז דעם 18־טן דעצעמבּער 1919. אין דעם דאטום, פארנאַכט, איז אָנגעקומען א ידיעה, אז דורך דעם דאָרף קריטשעוונאווא, זיינען דורכגעגאנגען בּאנדיטן מיט א שווארצער פאָן, אויף וועלכער ס׳איז געווען אויפגעשריבּן: „טויט די זשידעס!״ אין דעם זעלבּן דאָרף האָבּן זיי שוין געמאַכט א התחלה, און זיי לאָזן זיך קיין קריוואַ-אזר, און ס׳איז בּאשטימט געוואָרן צו קויפן פאר צוויי הונדערט טויזנט רובּל בּיקסן און קוילנוואַרפער און אָרגאניזירן א זעלבּסטשוץ. איז אָבּער שוין צו שפּעט געווען. שפּיאָנען פון דער בּאנדע „וואלטשאַנצעס״ פונם גענעראל שקורא, זיינען געקומען קיין מאזשארא־ווא, 8 ווערסט פון קריוואַ־אזר, און פון זיי האָט מען זיך דערוואוסט, אז ס׳קומען אָן 1.500 בּאנדיטן מיט קוילנווארפערס און הארמאַטן, און גלייך איז אָנגעקומען א פּאָדערונג פון שקורא קיין קריוואַ-אזר, צוצושטעלן בּיז דעם 24־טן דעצעמבּער דריי הונדערט פופציק טויזנט רובּל, און 25 פּאָר שטיוול. גלייך איז די סומע געשאפן געוואָרן. און דאָס שרעקלעכע איז געשען: פונקט אין דער נאכט פונם 25-טן דעצעמבּער, נאָכדעם ווי די קלויסטער גלעקער האָבּן אָנגעהויבּן צו קלינגען, האָבּן זיך אָנגעהויבּן די שחיטות. דרייסיק טעג און דרייסיק נעכט זיינען די שחיטות אָנגעגאנ־גען...

עס איז שווער צו בּלייבּן רואיק און קאָנצענטרירן דעם געדאנק ווען מען לייענט די בּאשרייבּונג פון די שחיטות... די געשרייען פון די אידן, וועלכע האָבּן זיך געראנגלט מיטן טויט, האָבּן דערגרייכט בּיזן הימל... דער הימל האָט אָבּער געשוויגן... אין שטאָט זיינען ארומגעגאנגען שומרים אויף אָפּהיטן ס׳זאָל די רוצחים קיין בּייז ניט געשען, און גע־

זונגען: „אידן, וואו איז אייער גאָט? אידן, וואו איז אייער העלפער?..״

## ט א ל נ א   א ו ן   א ו מ ג ע ג נ ט

ענדע נאָוועמבער 1918, איז צום ערשטן מאָל אריין א דיוויזיע פון פעטליורצעס, וועלכע זיינען געשלאָגן געוואָרן פונם ראַטן-מיליטער ביי אומאן. פאַרזאַמט האָבן זיי זיך מער פון אַ מאָנאַט, אָבער זיי זיינען ניט געזעסן ליידיק מיט פארלייגטע הענט. מען האָט גערויבט, געפּלינדערט, געצוואונגען אידן צו גראָבן גריבער ארום דער שטאָט, קיין הרוגים זיינען נאָך ניט געווען. נאָר ווי זאָגט זיך דאָרט: „בקש יעקב לישב בשלוה״, גע־מיינט האָט טאלנא, אז זי וועט פארבלייבן א רואיקע, „קפצה עליה״, האָט זיך אויף זיך ארויפגעצויגן דעם רוגז פון די פאליאַקן, די גוט-באַזיצער, און פון די שטאָטישע אינטעליגענטן, אלע שוואַרץ מאה-ניקעס, וועלכע האָבן אויפגערייצט די פויערן פון די ארומיקע דערפער, אויף די אידן. די הויפּט אגיטאַטאָרס זיינען געקומען אין די דערפער, מיט בלויזע קעפּ, צעריסענע קליידער, און דערציילט, אז אידן האָבן זיי געשלאָגן און פארוואונדעט, אַראָפּגעצויגן פון זיי די קליידער, מיט די שיך. „אידן — האָבן זיי דערציילט — האָבן זיך ארייגעריסן אין די קלויסטערס, און צעריסן די הייליקע בילדער...״ און די פויערן האָבן אַלעם געגלויבט, און דער אויפשטאַנד אין דער שטאָט האָט זיך ניט געלאָזט וואַרטן. דעם 12-טן מאַי האָבן די אָרגאַניזירטע פויערן, צוזאמען מיט פעטליורעס באַנדיטן, און א גרויסע צאָל שווארץ מאה׳ניקעס, ארומגערינגלט די שטאָט, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן הערן שיסערייען. גאַנץ פרי איז שוין די שטאָט געווען פול מיט פויערן און פויערטעס, אַלטע און יונגע, באַוואָפנטע מיט העק, ווילעס און נאָך אנדערע דאָרפס-מכשירים. און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן הריגות. און זאָל דאָ דערמאנט ווערן צום גוטן די קריסטלעכע פרוי, איינע פון די חסידי אומות העולם, וועלכע האָט געראַטעוועט פון א גענצלעכע פארטיליקונג...

אין א נאכט איז אָפּגעהאלטן געוואָרן א פארזאמלונג פון די „ריש בריונים״ אינם הויז פון דער פרוי, און מען האָט באהאנדלט די פראגע ווי אזוי מען זאָל זיך נוהג זיין מיט די אידן. אייניקע האָבן פאָרגעשלאָגן מען זאָל אלע אידישע הייזער פארברענען, א טייל האָבן אָבער זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט אזא גרינגער שטראָף און פאָרגעשלאָגן אוים-

הרג׳ענען אלע אידישע זכרים פון צען יאָר און העכער. דערהערנדיק אַזאַ פאָרשלאַג איז די פרוי אויפגעשפרונגען, צעריסן אויף זיך די קליידער, און געשוואוירן: אַז זי וועט זיך ארייווארפן אין טייך און זיך דערטרינקען, ווען דער פאָרשלאַג וועט אָנגענומען ווערן.

די ווערטער אירע האָבן געווירקט אויפן מאָמענט, און דער פאָר-שלאַג צו אויס׳הרג׳ענען אלע אידן מיט איינמאָל איז אָפּגעוואָרפן גע-וואָרן, און ס׳איז באשטימט געוואָרן צו דערשיסן ביסלעכווייז. פאַראָרדנט אַז אידן זאָלן קומען צו אן אספה וואָס ווערט אָפּגעהאַלטן אין טאלנער פאָרשטאָט. ביז דריי טויזנט אידן האָבן זיך פאַרזאמלט. די באנדיטן האָבן זיי מיט געווער אין די הענט אַרומגערינגלט, און א געשריי געטון: „אין פעלד אַריין!״ די פרויען, וועלכע האָבן געוואָלט באַלייטן די מענער, זיינען געשלאָגן געוואָרן מכות אכזריות, און די אידן האָט באַלייט נאָר זייער געשריי, יאָמער און געוויין. מען האָט די אידן ארויפגעטריבן אויף א באַרג, און גלייך האָט מען פון אונטן אָנגעהויבן שיסן און אכטצן זיינען דערהרג׳עט געוואָרן, און אריבער פערציק שווער פארוואונדעט געוואָרן. אין א שעה ארום איז געקומען דער קאָמאנדאנט און באפוילן אלע זאָלן אַראָפּגיין, און אויסגעשטעלט זיי אין שורות, פון צען יאָר ביז דרייסיק באזונדער, פון דרייסיק ביז פופציק באזונדער, און די אַלטע — אויך באַזונדער. און ער האָט זיך געווענדעט צו אלע מיט די ווערטער:

„אויב דאָס לעבן איז ביי אייך טייער, זאָלט איר אונז איבערגעבן דאָס גאנצע געווער וואָס געפינט זיך ביי אייך, און אויך די קאָמונאַרן, וואָס געפינען זיך צווישן אייך, זאָלט איר ארויסגעבן״:

אַלע אידן האָבן אויסגעבראָכן אין א שרעקלעך געוויין און זיך גע-שוואוירן אז קיין געווער האָבן זיי ניט, „און די עטלעכע קאָמונאַרן, וועלכע האָבן זיך געפונען צווישן אונז זיינען שוין לאנג דער׳הרג׳עט געוואָרן, זייערע נעמען זיינען אייך באקאנט״.

— גיט זשע אונז ארויס די קרובים פון די זעלבע. און דאָ איז באַ-גאנגען געוואָרן א שענדלעכער טאַט. אידן האָבן ארויסגעגעבן 15 קרובים פון די קאָמונאַרן. וואָס מיט די זעלבע איז געשען איז ניט באוואוסט.

פ ר אָ ס ק ו ר אָ ו ו

אומגליקלעכע פּראָסקוראָוו! דיינע פון דיר געראַטעוועטע זין קאָנען

אין דיר ניט פארגעסן! זיי קענען ניט פאַרגעסן די קדושים, וועלכע זיינען אין דיר געפאלן! יעדעס יאָר ווערט פאר זיי א הזכרה געמאַכט. פיל טרערן ווערט פון זיי פארגאָסן. אָבער נאָר מיט טרערן אַליין קאָן מען זיך ניט טרייסטן.

פראסקוראוו איז געווען איינע פון די גרעסטע אידישע ישובים — אַ חוץ קאמעניץ — אין פאָדאָליע. פון די פופציק טויזנט איינוואוינער וועלכע האָבן זיך געפונען אין פראסקוראוו, איז א העלפט געווען אידן. איך וועל דורכלאָזן די שטאָט פארוואלטונגס-פאָליטיק מיט אלע אירע פאָליטישע פארטייען, וועלכע האָבן געזוכט די פארוואלטונג צו פאַר־כאפן, און וועל פארצייכענען די שחיטות דורך דעם אטאמאן סאמסענקא. דער נאָמען סאמסענקא אליין ווארפט אָן א שרעקלעכן ווייטאק אין די הערצער פון די וועלכע האָבן זיך פון זיינע הענט געראַטעוועט. אַ סיפי־ליטיקער, פון וועלכער מיאוס׳ער קרענק זיין גאנצער קערפער איז געווען א צעפרעסענער. און דאָס זעלבע צעפרעסנקייט האָט אָנגעגריפן זיין מערדערישע נשמה. דאָס שווארצע עקלהאפטע פייער וואָס דער סיפילים האָט אין זיין קערפער אָנגעצונדן האָט ער געזוכט מיט בלוט צו לעשן. און ווי איז אים געווען לייכטער צו באקומען בלוט, ווי דאָס אידישע...

אין פינפטן פעברואר 1919, איז סאמסענקא מיט זיינע היידעמאקעס אָנגעקומען קיין פראסקוראוו, און גלייך אויף מאָרגן ארויסגעלאָזט דעם צירקוליאר:

„איך שלאָג פאָר אלע איינוואוינער, זיי זאָלן אויפהערן זיך אויפצופירן אנארכיסטיש, אממערסטן וואָרן איך די אידן. ווייסט, זשידעס! אז איר זענט א פאָלק וואָס קיין אנדער פאָלק ליבט און דולדעט אייך ניט. זיצט זשע אויף אייערע ערטער רואיק, מישט זיך ניט אין דעם קאמף וואָס ס׳וועט באלד אויסברעכן.״

די פראסקוראווער איינוואוינער האָבן קיין אנונג ניט געהאט פון דער רעוואָלוציע וועלכע וועט אין גיכן אויסברעכן פון די באָלשעוויקעס אין פראסקוראוו.

די סאָציאליסטן, צוזאמען מיטן בונדיסט יאפע, האָבן געפרואווט אָפצואווענדן די באָלשעוויקעס פון דעם געפערלעכן שריט, דערקלערנדיק אַז די רעוואָלוציע וועט דורכפאלן, און דער דורכפאל וועט ברענגען א שרעקלעכן פאָגראָם אויף אידן. זיי — די באָלשעוויקעס — האָבן זיי ניט

געפאָלגט. דעם פופצנטן פעברואר האָט זיך אָנגעהויבן די רעוואָלוציע. די באָלשעוויקעס האָבן פארכאפט די פאָסט און דעם טעלעגראף, און זיך געלאָזט גיין אויף די פעטליורצעס, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף דער באַן־סטאנציע. דערזעענדיק אָבער, אַז די צאָל פעטליורצעס זיינען פיל פאכיקע מאָל מערער ווי זייערע, זיינען זיי גלייך אוועק פון דאָרט קיין פעלשטאן און יארמעליניץ. די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט, און די שחיטות האָבן זיך אָנגעהויבן... סאמסענקא איז געוואָרן דער קאָמאנ־דאנט פון פראסקוראוו, גלייך האָט ער געמאכט א אונטערהאלט פאר די קאָזאקן און געהאלטן פאר זיי די באוואוסטע פאָגראָם־רעדע, אַז דאָס גאנצע אומגליק פון אוקראינא, אלע ליידן פון די אוקראינער, קומט פון די זשידעס, און באשוואוירן זיי צו נעמען נקמה פון די שונאים, אויסצו־הרג׳ענען אלע זשידעס, און אויך זיי באשוואוירן ניט צו רויבן, ניט צו פלינדערן. ס׳איז ניט קיין כבוד פאר א קאָזאק צו רויבן, — האָט דער סיפיליטיקער זיי געזאָגט. און די קאָזאַקן האָבן געהאלטן די שבועה. און ס׳איז געשעען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס איך בין ניט אימשטאַנד צו באשרייבן.

מען זאָגט, אז היסטאָרישע געשעענישן דארפן זיין טרוקן געשריבן, אָן שום סענטימענטן, אָן שום ארויסגעוויזענעם טעמפעראמענט אָדער אויפרעגונג. אָבער ווי קאָן מען בלייבן רואיק, געלאסן, אויפרעגונגסלאָז, ווען פאר די אויגן זיינען די בילדער אַזעלכע דערשיטערנדע, אזעלכע בלוט־פארגליווערנדיקע. ווען פאר די אויגן ווייזן זיך די טייכן בלוט, פאַר די אויערן הערן זיך גסיסה׳דיקע לעצטע געשרייען.

שבת, אידן האָבן פון אומגליק ניט געוואוסט, געגאנגען אין שול אריין, געקומען פון שול, מקיים געווען די שבת׳דיקע סעודה און זיך פארנומען מקיים צו זיין די צווייטע מצוה: „שינה בשבת תענוג” און די קאָזאקן האָבן אָנגעהויבן מקיים זיין סאמסענקאס געבאָט... און אָנגע־הויבן שחט׳ן... אלט, יונג, מענער, פרויען, קינדער און זויגלינגע, אויף אלע האָבן זיי מקיים געווען מצות שחיטה. היים געוועהר איז פון זיי ניט באנוצט געוואָרן, סיידן ווען איינער האָט געפרואווט אנטלויפן... האָט מען אים געשאָסן.

פון צוויי אַזייגער נאָכמיטיק, ביז זעקס פארנאכט, האָט די שחיטה אָנגעהאלטן, און אין פארלויף פון פיר שעה זיינען צוויי טויזנט אידן

גע׳שחט׳ן געוואָרן, און לערך צוויי טויזנט פינף הונדערט פארוואונדעט געוואָרן. נאָך די ידיעות וועלכע זיינען פארעפנטלעכט געוואָרן אינם בוך: „די אידישע אויטאָנאָמיע״, האָט די שחיטה אָנגעהאלטן צוויי טעג, און די הרוגים האָבן דערגרייכט די צאָל פון דריי טויזנט. און נאָכדעם ווי סאמסענקא האָט זיין קרענקלעכע מאָרד-דורשט געלאָשן אינם בלוט פון דריי טויזנט אידישע הרוגים, און לערך צוויי טויזנט פינף הונדערט פארוואונדעטע, האָט ער ארויסגעלאָזט א צווייטן צירקוליאר, אז אלע איינוואוינער קאָנען שוין רואיק זיין, די קלייטן מעגן זיך שוין עפענען און די הרוגים קענען שוין צו קבורה קומען... און פאר דעם חסד, האָבן פראסקוראווער שארית הפליטה׳דיקע אידן איבערגעגעבן סאמסענקא׳ן דריי הונדערט טויזנט רובל, פאר וועלכע דער סיפיליטיקער אטאמאן האָט זיי באדאנקט, אויסדריקנדיק זיך ציניש אז פראסקוראוו ווייסט ווי צו שעצן זיינע קאָזאקן אין זייער ארבעט, א באווייז דערצו איז דער לויבנס-ווירדיקער טאָט, די שיינע מתנה, וואָס ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן פארן מיליטער...

פאָר דעם מחבר פון „האנט-בוך״ איז אוממעגלעך ווייטער פאָרזעצן דעם עמק הבכא און נאד הדמעות; פארן לייענער וועלן די טרויעריקע בלעטלעך זיין גענוג, דער טרערן כוס פון דעם אידישן פאָלק ווערט פון זיי אזוי אויך גענוג איבערגעפולט. מיר וועלן דאָ נאָר פארצייכענען, ווען עס האָבן זיך געענדיקט די פאָגראָמען און שחיטות אויף אידן אין אלע שטעט און שטעטלעך פון רוסלאנד און אוקראינע.

ווען דאָס אידישע בלוט איז נאָך ניט פארגליווערט געוואָרן, ווען דער מלאך המות אינם געשטאַלט פון די אכזריות׳דיקע אטאמאנען און קאָמאנדאנטן האָט נאָך זיין שווערד אינם שיידל ניט אריינגעלייגט, דאָס בלוט אויף איר איז נאָך ניט פארטריקנט געוואָרן, און זיין האַנט האָט זיך נאָך פארמאָסטן אויף ווייטער צו שעכטן און קוילען, ווען די געפער-לעכע מגפה האָט זיך געהאלטן אין פארשפרייטן און פארפעסטן די לופט, וועלכע אידן האָבן אריינגעאטעמט, איז זי דורך דער השגחה אָפגעהאלטן געוואָרן דורך פון איר א געשיקטן שליח מיטן נאָמען „ראטן-פארבאנד״. דאָס בלוטיקע צארן-לאנד איז איינגאנצן געפאַלן. די דינאסטיע פון די ראָמאנאָווס האָט איר שטראָף באקומען, מערערע הענקערס זיינען גע-

הרג׳עט געוואָרן, און פיל זיינען פאר מורא אנטלאָפן געוואָרן. „וליהודים היתה הרוחה״.

מען קען ניט צופרידן זיין פון דער מאכט בנוגע דעם מאָראלישן און גייסטיקן גורל פונם אידישן פאָלק; מען קען ניט זיין צופרידן פון דער שרעקלעכער אינקוויזיציע, וועלכע זי פירט דורך אויף די וואָס זיינען ניט מסכים מיט איר ממשלה, איינס מוזן מיר אָבער מודה זיין, אַז כּל זמן די מאכט וועט זיין אין איר האנט, וועט קיין שפיכות דמים איבער אידן, אויף א בעסטיאלישן אופן, ניט פאָרקומען. דער אנטיסעמיטיזם, ווען אויך ער איז נאָך אינגאנצן ניט אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון די רוסישע מענטשן, וועט ער דאָך זיך ניט ארויסווייזן א מיט בלוט פארפלעקטער. און ווען אויך מיר ווייסן ניט „מה ילד יום״, און מיר קענען זיך אויפן „חסד לאומים״ קיינמאָל ניט פארלאָזן, און דער גלות, ווי שיין ער זאָל זיך ניט אויספוצן, קליידעט אונז ניט, און קאָן אונז ניט צופרידנשטעלן, איז אָבער דערווייל גוט א „חיי שעה״, אין דעם לאנד אין וועלכן ס׳איז איבער זיי מקוים געוואָרן די תוכחה: „בבקר תאמר מי יתן ערב, ובערב מי יתן בקר ופחדת יומם ולילה״...

צום באדויערן אָבער: „בקש יעקב לישב בשלוה קפץ עליו רוגזו של דייטשלאנד״.

דייטשלאנד איז דאָס לאנד, וועלכעס האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט איר שנאה צו אידן; מיר האָבן געגלויבט, אז די ציוויליזאציע האָט די שנאה עטוואָס אָפגעשוואכט און פארבלייכט, איז געקומען היטלער און געזאָגט: „איך וויל פון דער ציוויליזאציע ניט וויסן, איך געפין מיך אויסער דער זעלבער, און איך וועל א נייע ציוויליזאציע שאפן״. אָבער ווייַ איז צו די אידן בכלל, און דייטשע אידן בפרט, פון אזא ציוויליזאציע...

# אבל כבד

ווען דער דריטער טייל פון „האַנט-בוך" איז שוין אריין אין דרוק, איז אָנגעקומען די שווארצע בשורה, אז אונזער נאַציאָנאלער משורר, חיים נחמן ביאליק, איז געשטאָרבן. כמעט אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט פון אונזער נאַציאָנאלן מארטירער, מענדל ביילים.

דאָס אידישע פאָלק האָט מיט דעם טויט פון ח. נ. ביאליק, געהאט א נאציאָנאלע אבדה. ער איז געווען דער נביא פון אונזער איצטיקן גלות. ווי יחזקאל הנביא אין גלות בבל, אזוי האָט אויך ביאליק באקלאָגט די „עצמות היבשות" און אויך אריינגעבלאָזן אין זיי א „רוח חיים"... דער ווייטאָק פונם פאָלק, איז זיין ווייטאָק געווען, און איבער זיין ווייטאָק, האָט ער זיינע קלאָג-לידער ארויסגעיאָמערט. ער האָט אויך שיין באזונגען די פרילינגס-צייט, אויף וועלכער ער האָט געהאָפט צו דערלעבן צוזאמען מיט זיין פאָלק. איצט איז דאָס מויל וואָס האָט געקלאָגט, דאָס מויל וואָס האָט געזונגען, אויף אייביק פארמאכט געוואָרן. „פה מפיק מרגליות ילחך עפר" — „דאָס מויל וואָס האָט די בריליאנטענע שירים געזונגען, וועט לעקן ערד..." ווער וועט זיין אָרט פארטרעטן?...

ח. נ. ביאליק, איז אלט געווען 61 יאָר ווען ער איז נפטר געוואָרן, (א פארדרייסלעכער טעות איז אריינגעפאלן אין דער כראָנאָלאָגיע, בנוגע דעם געבורט פון ביאליק'ן. אנשטאט וואָס עס דארף כראָנאָלאָגירט ווערן זיין געבורט אין ה. תרל"ג—1873, איז פארצייכנט ה. תרמ"ג—1883. זאָל דאָ דער פעלער פאררינכט ווערן). און דאָס גאנצע נאַציאָנאלע אידנטום איז איצט אן אבל פונם גרויסן נפטר. ימתקו לו רגבי עפרו. ותהי נשמתו צרורה בצרור החיים.

די צווייטע אבדה קאָן אויך אריינגערעכנט ווערן דער טויט פון

מענדל בײלים, דער אידישער מארטירער, איבער װעלכן איך האָב גע־
שריבן אין דער כראָנאָלאָגיע. אויך ער קאָן אַרײנגערעכנט װערן צװישן
די העלדן, װעלכע האָבן געליטן על קדוש שם ישראל. ער איז אויסגע־
װײלט געװאָרן פון דער השגחה צו זײן דער קרבן פארן כלל ישראל. גע־
זוכט האָבן די שונאי ישראל דורך אים צו באשולדיקן דעם גאנצן כלל
ישראל. זײ האָבן אים געמאכט פארן שעיר לעזאזל, ארויפצולײגן אויף
אים די שולד פונם גאנצן פאָלק, און געליטן האָט מענדל בײליס א לאנגע
צײט אין געפענקעניש, און ארויס פון דאָרט א צעבראָכענער, א דער־
שלאָגענער, א פארזאָרגטער, א פאראומערטער... פאר זיך. פאר אים
אָבער, האָט מען זיך נאָך זײן באפרײאונג זײער װײניק אינטערעסירט...
ער איז כמעט װי פארגעסן געװאָרן... און איצט דערמאנט מען זיך: געװען
א מענדל בײליס, א מארטירער, און געשטאָרבן איז מענדל בײליס, דער
מאַרטירער...

אויך ער איז נפטר געװאָרן אין דער זעלבער עלטער װי ח. נ. ביאַליק.
יהי זכרו ברוך.

---

# אינהאַלט:

זייטן

# תקון טעות

| זייט | שורה | אַנשטאָט | דאַרף זיין. |
|---|---|---|---|
| 10 | 10 | רביים | רבנים |
| 26 | 9 | האַרמאָניזירט | האַרמאָנירט |
| 26 | 22 | בטול | בטל |
| 49 | 11 | סתום | סתום |
| 51 | 5 | געברטס־טאָג | געבורטס־טאָג |
| 57 | 2 | דריטעל טייל | דריטער טייל |
| 66 | 30 | אור־ליכט | איר־ליכט |
| 78 | 18 | איש הסופר | איש הספר |
| 85 | 32 | ומשע | ומשא |
| 88 | 8 | מארץ | הארץ |
| 129 | 22 | ה. תרנ״ו—1906 | ה. תרנ״ט—1899 |
| 143 | 23 | נביאה | נבואה |
| 151 | 7 | ה. תרפ״ח | ה. תרע״ח |
| 169 | 31 | פראים | פרסום |

ד ע ר
דריטער טייל
פון „האַנט־בוך פאַר
א י ד י ש ע ר געשיכטע און
כראָנאָלאָגיע״ האָט זיך פאַרענדיקט
דרוקן אין מאָנאַט אויגוסט
1934 אין דער דרו־
קעריי „ק ו ל־
ט ו ר״.